# א געזאַנג צו אידיש

„מיט אידיש קאָן מען אויספאָרן אַ וועלט!..."

(אַ נייער מין אַלף־בית אויף עטלעכע שפראַכן. פאַר עטלעכע דורות. צו לייענען און לערנען אידיש.

צונויפגעשטעלט

פון

שלמה דאַווידמאַן

ISBN:0-657-07686-4





פּאַבלאָ פּיקאַסאָ

בער גרין שרייבט אין זיין בוך „פון דור צו דור", זייט 364: „שלמה דאַווידמאַן האָט אַ היפש ביסל פּאָרדיגסטן אַלס פּראָדוקטיווער, אַרבעטסזאַמער שרייבער פאַרן פאָלק, אַלס שול־לערער אין משך פון העכער אַ פּאָר צענדליג יאָר, אַלס טרעגער, בויער און פאַרשפּרייטער פון אונזער אידישער פּראָגרעסיווער קולטור, אַלס געטרייער געזעלשאַפטלעכער טוער. ער איז אַ שרייבער און אַ טוער..."

צו זיין 75־סטן געבוירנטאָג און 50 יאָר געזעלשאַפטלעכע טעטיגקייט.

מ. א. סול

## אונזער וואָרט

1

פאַר וועמען דאָס וואָרט איז אַ טונקעלע וואַנט
דאָס ליכט פונם טאָג צו פאַרשטעלן,
פאַר אונז איז דאָס וואָרט אַ לאַמטערן אין האַנט
די חשכות פון נאַכט צו באַהעלן.

ווייל פאַר וועמען די נאַכט איז פון לעבן די וואָר
און די וואָר פונם טאָג איז פאַרבאָרגן,
פאַר אונז איז די נאַכט בלויז אַ טרעפּ צום קאַיאָר —
אַ שטאַפּל צום ליכטיגן מאָרגן.

2

איבער גאָרער וועלט
איז אונזער וואָרט אַרויס זיך מיטן שקר שלאָגן,
אַרויסהאַקן דעם ליגן פון דעם שקרנס מויל,
ווייל ס׳קאָן דאָס וואָרט פון אמת
נאָך ווייטער זיך דערטראָגן
ווי פון ביקס אַרויס די גליאיק-הייסע קויל.

איבער גאָרער וועלט
אַז אונזער וואָרט אַרויס און אומעטום דערגרייכט עס —
אין די עקסטע עקן, אין די ווייטסטע ווייטן.
ווי אַ העלער ליכט-פּאַס
יעדע פינצטערניש באַלויכט עס,
און איז אַן אָנזאָג אויף נאָך ליכטיגערע צייטן.




מיר פאָדערן שלום!...

מיט גרוס פֿאַרגעניגן 13

סעם און אײַרין
לינדער

מיט כּבֿוד,

שלמה דאַווידמאַן.

~~Sam &Irene Linder Apt. 111~~
~~6255 N Camino Pimeria Alta~~
~~Tucson, AZ. 85718~~

# מיט אידיש קאָן מען
# אויספאָרן אַ וועלט!

**אַ גענאַנג צו אידיש**

א ליינען־און־לערן בוך פאר גרוים און קליין, זיך אויסצולערנען אידיש און אויסבעסערן די שפּראַך. א־ב אויף עטלעכע שפּראַכן.

צונויפגעשטעלט

פון **שלמה דאַווידמאַן**

אַ בוך וואָס וועט זיך דאַרפן געפינען אין יעדער הויז.



ש.דאווידמאן,אומדערוואַרט אראפגעכאפּט
פון זיין זון,סראליק,דעטרויט, 1954.

SAM AND IRENE LINDER
~~7 Delafield Dr.~~
~~Lenox, Mass. 01240~~

# דער ניגון

ווערטער פון אַרן ווערגעליס — מוזיק פון לייב בירנאַוו

*Moderato assai*

Ix vel mit far-ge-ni-gn ajx a ni-gn zin-gen bald. Ge-braxt es hot dos ni-gn-dl a menč in ti-fn vald. Tra-la-le la la la-la-la-la-la, tra-la-la-la la la la la la la la. Ge-braxt es hot dos ni-gn-dl a menč in ti-fn vald. In

ni-gn-dik dem frajnt zaj-nem, dem menč.

איך וועל מיט פאַרגעניגן אײַך
א ניגון זינגען באַלד.
געבראַכט עס האָט דאָס ניגנדל
א מענטש אין טיפן וואַלד.

אין גרינעם וואַלד א פייגעלע
דעם ניגון האָט דערהערט,
געמיינט, דאָס איז אן אייגענער,
א פויגלשער קאָנצערט.

דער צווישער זינגט דאָס ניגנדל
באַגינען, ווען ער בענטשט,
קערט אום עס פאַרגעניגנדיק
דעם פרײַנט זײַנעם, דעם מענטש.



# אַ געזאַנג צו אידיש!...

# געשיכטעס פאַר גרויס און קליין

## פאָרוואָרט

די זאַמלונג " מיט אידיש קאָן מען אויספאָרן א וועלט " אָדער " א געזאנג צו אידיש " איז אויסגערעכנט צו זיין א מין לייען - און לערן - בוך ;

ס'האט זיך לעצטנס דערוועקט א גרויסער אינטערעס זיך אויסצולערנען אָדער דערלערנען די אידישע שפּראַך צווישן דער יוגנט,סטודענטענשאפט,קינדער און דערוואקסענע.איך האָף, אז די זאַמלונג וועט זיין אַ געוויסע הילף.

1. פאר קינדער : ניט אומעטום איז פאַראַן א אידישע קינדער - שול,אָבער אין יעדער אידישער הויז זיינען פאַראַן אידישע קינדער.דער אידיש - העברע- אישער אלף - בית ( אלעף - בייס ),געשריבן און געדרוקט, איז איבערזעצט אויף ענגליש,רוסיש און לאטייניש. די באָבע ,דער זיידע,די מאַמע,דער טאַטע, דער פעטער, די מומע, אָדער פריינט, אייגענע,קאָנען אויסלערנען די קינדער די אידישע שפּראַך. מע קאָן פּראַקטיצירן דורך איבערשרייבן די בוכשטאַבן, ווערטער און לידעלעך: אויסלערנען אויף אויסנווייניג אַלע לידעלעך, שמועסן וועגן די בילדער און אַנדערע וועגן.

2. פאר דערוואקסענע:איבערשרייבן געדרוקטן מאַטעריאַל,פאַר-לייענען,דעקלאַמירן, אויסגעפינען דעם ריכטיגן טייטש פון די העברעאישע ווערטער.

ראַטזאַם פאַרצולייענען, דעקלאמירן ביי לייען - קרייזן אָדער אנדערע פאַרזאַמלונגען.

3. מיר האָבן אריינגעגעבן א גרויסע צאָל לידער, פּאָעמעס,אַרטיקלען און בילדער פון פארשיידענע קינסטלער. צו דער ענדע פון בוך וועט דער לייענער געפינען אן אויספירלעכן אינהאַלט.

4. דער צוניפשטעלער האָט אָפּגעגעבן א סך פלאץ פאר זיינע ביאָגראַפישע ארבעטן,ביבליאָגראַפיע,קריטיק וועגן זיינע אַרבעטן און בעלעטריסטישע און זשורנאליסטישע פארצייכענונגען, וואָס זאָלן געבן א מין בילד לכבוד 55 יאָר ארבעט און צו זיין 75-יאָריגן געבוירנטאָג.

5. מיר וועלן זיין דאַנקבאַר דעם לייענער פאַר אָנווייזונגען.

מיר וועלן אַנערקענען און צושיקן מתנות ( מאַטאָנעס),ביכער, צו די לייענער,וואָס וועלן צושיקן אַדרעסן פון פריינט,וואָס וואָלטן זיין פאַראינטע- רעסירט אין אַזאַ מין בוך.

שלמה דאווידמאן



# א געזאַנג צו אידיש



איציק
פעפער

## איך בין אַ ייד

דער ווײַן פון דורותדיקן דויער
האָט מיך געשטאַרקט אין וואַנדערוועג,
די בייזע שווערד פון פּיין און טרויער
האָט ניט פאַרניכטעט מיין פאַרמעג —
מיין פאָלק, מיין גלויבן און מיין בליען,
זי האָט מיין פרייהייט ניט געשמידט.
פון אונטער שווערד האָב איך געשריען:
איך בין אַ ייד!

ניט פרעהס שלעק, ניט טיטוס, המן
האָבן צעברעכן אים געקענט,
מיין שטאָלץ געמיט, עס טראָגט מיין נאָמען
די אייביקייט אויף אירע הענט.
מיין שוואונג איז קלענער ניט געוואָרן
אויף שוואַרצע שייטערס פון מאַדריד,
עס שאַלט מיין רום דורך צייט און יאָרן:
איך בין אַ ייד!

ווען ס׳האָט דער מצרי איינגעמויערט
מיין לייב אין ווענט, האָט ווײ געטון
און כ׳האָב פאַרזייט מיט וויי די רויערד
און אויפגעגאַנגען איז אַ זון.
אונטער דער זון האָט זיך צעצויגן
אַ וועג מיט בודיקעס באַשיט,
זיי פלעגן שטעכן מיר די אויגן —
איך בין אַ ייד!

די פערציק יאָר פון אוראַלט־לעבן,
וואָס כ׳האָב געקרענקט אין מדבר־זאַמד,
האָבן מיין עלטער מוט געגעבן,
בר־כוכבאס רוף האָט אויפגעפלאַמט
אויף יעדן קער פון מיינעליידן
און מער פון גאָלד האָב איך פאַרהיט
די איינגעשפאַרטקייט פון מיין זיידן —
איך בין אַ ייד!

וואָס דאַרף איך גאָלד? כ׳האָב עס געקליבן,
ווען כ׳האָב קיין ווינקל ניט געהאַט,
מיין גייסט מיין הויכן און מיין טריבן
האָט עס געקענט דען מאַכן זאַט?
שמשון הגבורס האָר, וואָס דלילה
האָט אָפּגערויבט, האָבן געגליט,
געזעטיקט מער ווי רענדלעך קילע, —
איך בין אַ ייד!

דער קלוגער קנייטש פון ר׳ עקיבא,
די חכמה פון ישעיהס וואָרט
האבן געגערט מיין דאָרשט — מיין ליבע
און זי מיט האַס צונויפגעפאָרט;
דער שוואונג פון מאַקאַבייער העלדן
אין מורדים־בלוט אין מיינעם זידט,
פון אַלע שייטערס פלעג איך מעלדן:
איך בין אַ ייד!

ח׳האָט אונדזער שלמהס וואונדער־שכל
אין וואַנדערוועג מיך ניט פאַרלאָזט
און היינריך היינעס קרומער שמייכל

האָט אויך גענוג מיר בלוט געקאָסט.
איך הער הלויס וואונדער־קלאַנגען
יאָרהונדערטער און ווער ניט מיד,
כ׳האָב אָפּט געוועלקט, נאָר ניט פאַרגאַנגען —
איך בין אַ ייד!

דער רויש פון מאַרקן אַמסטערדאַמער
האָט מיין שפּינאָזען ניט געשטערט
אַליין די רוימען מאַכן גראַמער;
די זון פון מאַרקסן אויף דער ערד
האָט אָפּגעפרישט מיט רויטקייט נייער
מיין אוראַלט בלוט און מיין געמיט
און מיין ניט וועלקנדיקן פייער —
איך בין אַ ייד!

אין מיינע אויגן איז פאַראַנען
די שיין, די שטילקייט און דער דראַנג
פון זונפאַרגאַנג ביי לעוויטאַנען,
פון מענדעלעס געבענטשטן גאַנג,
די שאַרף פון רוסישע באַגנעטן,
דער בלענד פון קאָרן אינעם שניט,
איך בין אַ זון פון די סאָוועטן,
איך בין אַ ייד!




וויגליד

**װ**ען דער קינסטלער שמועל ראַזין, א געבוירענער אין 1926, האָט אין 1955 געענדיקט די קונסט־אקאדעמיע אין לענינגראד, האָט ער שוין געהאט הינטער זײַנע פּלייצעס געטאָ, קאמף אין א פּארטיזאנער־אָטריאד, סאָלדאטישע דינסט אין דער ארמיי.

ער איז געבוירן געוואָרן און געוואקסן אין א פאָרשטאָט פון קאָוונע, אפן הויכן ברעג ניעמאן, פון וועלכן מע זעט די אַלטע שטאָט מיט אירע רויטע און שווארצע דעכער, גאָטישע קלויסטער־שפּיצן, רענעסאנסישע טורעמס... דעם ניעמאנס ברייטער קילבלעך־בלויער רוקן זעט זיך ארויס צווישן די שיטערעביימער ביז אין די ווײַטסטע ווײַטן, ווו ער נעמט אוף אין זײַנע אָרעמס די צניִעסדיק־בלאסע ווילִיע.

ניט לאנג צוריק, אף דער פּערסאָנעלער אויסשטעלונג פון שמועל ראָזינען אין ווילנע, האָט מען אף פּיל בילדער זײַנע געקאָנט זען אָט דעם דאָזיקן פּייזאזש.

# שלמה דאַווידמאַן

זומער וועט באַלד קומען.

עס איז ווינטער. אין דרויסן שפּאַצירט אַ בייזער פראָסט. שנייען ליגן צעשפּרייט אַף די גאַסן, ווי ווייַסע קלאָרע לײַלעכער. מענטשן לויפן שנעל. עס איז זייער קאַלט, די נעזער פרירן, נעבעך, ווערן זיי אין קאַס, ווערן זיי רויט.

קינדער אַף שליטעלעך גליטשן זיך און ליאַרעמען. זיי ווילן דאָס פאַרשרייַען דעם פראָסט. אָבער די קעלט האָט אַ טעווע, אַז זי קריכט אַרייַן דורך די קליידער און הייבט אָן צו גלעטן די הויט פון די הענטעלעך, פון די פיסעלעך. ווערן די גלידערלעך שטייַף, ווי שטיקער אייַזן. נאָר די קינדער שעמען זיך אויסצוזאָגן, אַז עס איז זיי קאַלט.

דער ווינטער האָט זיך עפּעס אַזוי לאַנג געצויגן. אַלע טאָג איז געווען קאַלט, אַלע וואָך איז געווען אַ פראָסט. האָבן די קינדער געמיינט, אַז שטענדיק וועט שוין אַזוי זייַן. זיי האָבן שוין פאַרגעסן אָן פרילינג, וואָס איז אי וואַרעמלעך, אי קיל. זיי האָבן שוין ניט געדענקט אָן זומער מיט דער הייסער זון.

אַזוי ווי זיי שפּילן זיך, באַמערקן זיי, ווי זיבן שטראַלן רייַסן זיך אַרויס פון הימל און פליען צו דער ערד. די שטראַלן לאָזן זיך אַראָפּ נידעריקער, נידעריקער, ביז זיי שטעלן זיך אַוועק אַפן דאַך און הייבן אָן צו לאַכן.

שטעלן זיך די קינדער אַנטקעגן זיי און הייבן אויך אָן צו לאַכן.

שטעלן זיך אָפּ די מענטשן אין גאַס, קוקן צו די שטראַלן און לאַכן.

קוקן די זיבן שטראַלן אַרייַן אין די פענצטער פון די הייַזער. ווערן די שויבן ווי די שיינע שפּיגלען און הייבן אויך אָן צו לאַכן.

האָט דער שניי דערזען די שטראַלן, האָט אים אָנגעהויבן ווערן וואַרעם אין אַלע גלידער, האָט ער זיך אויך צעלאַכט, און גענומען זיך שמעלצן פון נאַכעס.

האָט דער פראָסט דערפילט ווי די שטראַלן קריכן אים אין נאָז אַרייַן, איז אים געוואָרן הייס, האָט ער זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און אַנטלאָפן ערגעץ אין אַן אַנדער לאַנד אַוועק.

די גאַנצע גאַס האָט זיך געפרייט און געלאַכט. אַלע האָבן געמיינט, אַז דער זומער איז שוין געקומען.

עס איז נאָך אָבער געווען די צייַט פון ווינטער. איז פון הינטער אַ הויכן, הויכן באַרג אַרויסגעפלויגן אַ ווינט, צונויפגעקליבן אַרום זיך שטויבן, שטרויען, זיי נאָכגעשלעפּט, ווי לאַנגע שלייערס, און זיך אַ לאָז געטאָן צו פאַרטרייַבן די זיבן שטראַלן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן באַרג פאַר דער צייַט.

אַז די זיבן שטראַלן האָבן דערזען דעם בייזן ווינט, וואָס טראָגט זיך אַף זיי, האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן איינער אין צווייטן און זיך גענומען זעגענען:

— זייַט געזונט, קינדער, איצט איז נאָך ווינטער, אָבער געדענקט, אַז באַלד וועט זייַן פרילינג, און נאָכדעם וועט קומען דער זומער.

און די שטראַלן זייַנען אַוועק.

ווייסן שוין די קינדער, ווען זיי דערזעען אַ זומערדיקן טאָג אין ווינטער-צייַט, אַז דאָס זייַנען די זיבן שטראַלן, וואָס קומען אָנזאָגן די בשורה, אַז זומער וועט באַלד קומען.

גערדרוקט אין די „גרינינקע ביימעלעך“, ווילנע, 1929.

פאָטאָ
פון
ב. [illegible]



ש. דאַווידמאַן. וועגן מ. אַ. סול.

# אידיש אין אַמעריקע־היינט און מאָרגן

...און אידן רעדן אידיש
אויף אלע עקן וועלט,
אין אפריקע דער הייסער
און אין סיבירער קעלט.

מאני לייב

און אידן רעדן אידיש אויך ביי אונז, אין די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע, שוין ניט זינט דעם אויפקום פון דער רעפובליק. און ווי בלייבט עס ביז היינט צו טאג.

לויט די פראגנאזן פון געשוואוירענע אסימילאטארן, ניהיליסטן און פאר־לייקענער, האט מען דא שוין לאנג ניט געדארפט הערן קיין קלאנג פון אידיש. ווען מ'זאל, למשל, זיך געווען פארלאזן אויף די נביאות פון אב. קאהאן, וואלט מיט אידיש אין אמעריקע שוין געווען אויס מיט פופציק יאר צוריק. נאר אט זייענען עטלעכע סימנים פון „אונטערגאנג“, אין אונזערע טעג, טאקע אין דעם איצטיקן יאר, 1972:

אין א פול־געפאקטן טעאטער, פאר אן עולם פון 15 הונדערט מענטשן, צום גרעסטן טייל יונגע און מיטל־יעריקע, פירט דורך דער קווינס קאלעדזש אין ניו יארק א קולטור־אוונט אויף אידיש. דער צונויפקום פארוואנדלט זיך אין א פלאמיקער דעמאנסטראציע פאר דער וויטאליטעט פון דער אידישער שפראך, פאר איר היינט און מארגן. דעם אוונט האבן איינגע־ארדנט דער פאקולטעט און די סטו־דענטן פון די אידיש־קורסן, וואס פונק־ציאנירן אין קווינס קאלעדזש מיט דערפאלג שוין עטלעכע יאר.

און אט איז נאך אזא אקט, — דאס מאל אין דעם ברוקלין־קאלעדזש. די איניציאטארן זיינען די זעלבע ווי אין קווינס. דעם אוונט פירט א פראפע־סאר אויף אידיש. א יונגטלעכער לע־רער פון די אידיש־קלאסן שטייט אויף דער בינע און זינגט לידער אויף מא־מע־לשון. הינטערבארעטע בחורים און מיידלעך, קאלעדזש־סטודענטן, פירן דורך א שלום־עליכם שפיל אויף אי־דיש. דער גאנצער אנסאמבל פארענ־דיקט די פראגראם מיט אידישע לידער און ציט אריין דעם עולם אינ'ם גע־זאנג. דער פארזיצער שליסט מיט א מונטערער רעדע וועגן דער צוקונפט

פון י. פריד

פון דער אידישער שפראך, וואס קאן און וועט אריבערגיין צו ווייטערדיקע דורות.

און ווייטער. ביי א גראדואיר־פיי־ערונג אין א אידישער קינדער־שול לעבן ניו יארק הערן אמעריקאנער־גע־בוירענע טאטעס און מאמעס ווי זייערע קינדער זינגען, דעקלאמירן און שפילן־אויס א שלום־עליכם מעשה אויף אי־דיש. דער לערער, אויך א היגעבארע־נער, אליין דערצויגן אין אידישע קינ־דער־שולן, דערמאנט אין זיין רעדע אז אידיש איז געווען די שפראך פון די העלדן, וואס האבן געקעמפט אין די געטאס קעגן היטלער'ן.

דאס זייענען ניט מער ווי עטלעכע שטריכן אויף דער אידיש־קאנווע אין און ארום ניו יארק. די געאגראפיע נעמט ארום א ברייטע טעריטאריע אין פארשיידענע טיילן פונ'ם לאנד. ערגיץ אין דער ווייטער טעקסאס קומען זיך צונויף אמעריקאנער אידן, פונ'ם ערשטן און צווייטן דור, צו דערלער־נען די אידישע שפראך, און זיך באַ־קענען מיט דער אידישער ליטעראטור, ניט דורך איבערזעצונגען, נאר אין איר אריגינעלן געשטאלט. אין א באַ־דייטנדיקער צאל אוניווערזיטעטן און מיטלשולן (הייסקולס) האט מען איינגעשטעלט אידיש־קלאסן. דא אין לאנד, און אין דער שכנות'דיקער קאנאדע, האבן זיך באוויזן יוגנטלעכע דראמאטישע טרופן, וואס געבן פאר־שטעלונגען און קליינקונסט־פראגרא־מען אויף אידיש. אין ניו יארק גייט ארויס שוין עטלעכע יאר דער זשורנאל „יוגנטרוף“, ארויסגעגעבן פון אמערי־קאנער־געבוירענע אידיש־ענטוזיאסטן. זיי האבן אפילו טענות צו דער אידי־שער פרעסע, הלמאי אידיש איז, לויט זייערע באגריפן, דארט ניט גענוג אפ־

געהיט. עס מאכט ניט אויס, וואס צו־מאל דערגייען זיי ביז א מין שפראכ־לעכן „סופער־מאדערניזם“, און געווים מעג מען זיך צייטנווייז דינגען מיט'ן

אינהאלט פונ'ם זשורנאל. דער עיקר: מיר האבן דא א לעבעדיקן עדות אויף א שפראך, וואס „האלט זיך אט צו שטארבן“, ווי א יונגער אמעריקאנער אידישער שרייבער האט זיך אַמאָל אויסגעדריקט.

מען הערט איצט אפט וועגן א „רע־נעסאנס“, „דערוואכונג“, „אויפלעב“ פון אידיש אין אמעריקע. דארף מען, פארשטייט זיך, ניט אריינפאלן אין איבערגעטריבענע עקסטאזן. אבער א סך ערגער וואלט זיין צו מינימיזירן די ניי־געשאפענע מעגלעכקייטן, און זיי דערטרינקען אין אן איבערפלוס פון כלומר'שטער „ניכטערקייט“. עפעס ווערט אומהיימלעך, ווען גראד אין קרייזן, וואס פאראדירן ווי ריטער פון דער אידישער שפראך און אנדערע קולטור־ווערטן אויף אידיש נעמט מען

אויף די נייע אידיש־שפראכגענגען מיט א קילער טעמפעראטור, אויב ניט אפילו מיט ביטול, אנשטאט צו דער־מוטיקן און אינספירירן, בפירוש „צע־לייגן אויף טעלערלעך“ יעדן אנזאג, אז אידיש האט א קיום.

אויף א פארזאמלונג פון דער אידי־שער אקטיארן יוניאן, מיט עטלעכע וואכן צוריק אין ניו יארק, האט מען געמאלדן דעם אנשלוס פון א צאל נייע מיטגלידער, אמעריקאנער־געבוירענע, מיט א צאפלדיקן אינטערעס צו דער אידישער בינע. צווישן זיי איז געווען אן אייניקל פון דעם פארשטארבענעם אידישן שרייבער דוד איגנאטאוו. מיר האבן וועגן דער דאזיקער גרופע אי־בערגעגעבן אין דער „מארגן פרייהייט“, און דערביי באטאנט, אז אזעל־כע עלעמענטן דארף מען סטימולירן, — יא, טאקע קוועלן, ארויסהייבן ווי א ביישפיל און א באווייז, אז די אי־דישע בינע בלייבט ניט אן יורשים. מיר מיינען, אז אזא צוגאנג איז א סך

געזינטער, ווי קלאגן אויף „אונטער־גאנג“.

אידיש לעבן אין אמעריקע איז, פארשטענדלעך, ניט באגרעניצט צו שפראך. אין אונזער זעקס־מיליאניקן ישוב פונקציאנירט א אידישע געזעלשאפט־לעכקייט אויף ענגליש, מיט א נעץ פון הונדערטער ארגאניזאציעס און א גרוי־

סער פרעסע — והעכנטלעכע ציימונגען, חודש־זשורנאלן, פעריאדישע שריפטן. עס זיינען אויך דא ביכער אויף אידישע טעמעס, און איבערזעצונגען פון אידישער ליטעראטור אויף ענגליש.

אבער דאס אלץ קאן נים און טאר נים „פארשליגגען" אידיש — א שפראך וואס איז נאך זייער שטארק היינטיג אין יעדן פרט. אידיש איז טיף־פארוואָרצלט אין אמעריקאנער באָדן. פאר דעם לשון פון דעם אידישן ארבעטער, פון דעם פאלקישן הארעפאשניק האבן געקעמפט די שענסטע, פארנעשריטנסטע גייסטער, זינט ס'איז אנטשטאנען דער מאסאווער ישוב דא אין לאנד. געגן וואולגארע אסימילאציאָנים, אין א קלימאט פון גראָבן מאטעריאליזם, האבן זיי דורכגעבראכן וועגט און געפלאסטערט דעם וועג צו אידישע קינדער־שולן, כדי די גאלדענע קייט פון דורות זאל זיך נים איבעררייסן, און דער המשך זאל גער זיכערט ווערן.

„אידיש לשם אידיש"? בשום אופן נים! דער וועלטלעך־פארנעשריטענער איד איז ווייט פון מיסטישן „אידישיזם". ביי אים איז אידיש, אין דער היסטארישער פארגאנגענהייט, ווי אין דער איצטיגער ווירקלעכקייט, די שפראך פון געראנגל פאר די מאנונגען און שטרעבונגען פונ'ם אייגענעם פאלק, אין הארמאניע מיט דער גאנצער מענטשהייט; די שפראך פון אונדזערע הומאניסטישע קלאסיקער וועלכע האבן געשטעלט דעם טראפ אויף סאציאלן יושר; די שפראך וואס האט געבראכט אזא רייכע ליטעראטור, פון אן אוניווערסאלן כאראקטער; די שפראך וואס האט געשאפן גרויסע, דויערהאפטיגע קולטור־ווערטן.

יא, די שפראך פון העלדן, גיבורים און קדושים.

אויף אידיש האט זיך צעטראגן דער רוף פון די געטא־קעמפער אין ווארשע, „פאר אונזער און אייער פרייהייט".

אויף אידיש האבן מיטסטערס פון ווארט און פען געשפנט נייע הארי־זאנטן אין דעם צארישן רוסלאנד, געמונטערט צו ווידערשטאנד געגן עקספלואטאציע און טיראניע, געגן גלייכער און פינצטערניש אין דער אייגענער סביבה, געגן דער „קאראבקע", געגן די „בעל־טאקסעס" און „ר' פיאווקעס".

אויף אידיש האט ביי אונז אין אמעריקע ווינטשעווסקי גערופן „אין די גאסן מיט די מאסן" און עדעלשטאט האט געשטורעמט „וואכט אויף!", און באוושאווער האט אויסגעשאלט „הויב אויף דיינע אויגן" און ראזענפעלד האט געצארנט „א שקלאף ביז איך".

אויף אידיש האט מען געוועקט צום קאמף געגן סוועט־שאפ, געבויט יוניאנס, צעוויקלט אוצרות פון קולטור אויף כל'ערליי געביטן.

ס'איז נים אין דער טבע פון א פאלק צו באגיין זעלבסטמארד. אזוי איז עס אויך מיט זיין שפראך. מ'קאן אידיש נים אפזאגן דאס לעבן. דער באגייסטער אינטערעס אין אמעריקע צו דער אידישער שפראך איז נים קיין נס. ס'איז אן אויסדרוק נים פון שמאלקעפיגן נאציאנאליזם נאר פארקערט — פון א נאציאנאלער דערקענטעניש, אין סאמע פאזיטיוון זין. ס'איז אן אפשפיגלונג פון א חראנג צו אידענטיפיצירן זיך מיט'ן אייגענעם פאלק, וואס זיינע אינטערעסן זיינען פונדאמענטאל די זעלביגע ווי פון אלע אנדערע פעלקער.

ביי אלע עטנישע גרופן אין אמעריקע קומט איצט פאר א נאציאנאלע אויפלעבונג, מיט א טיפן באגער צו דערלערנען זייערע אייגענע שפראכן, קולטורן, טראדיציעס. ס'איז נים שייך אז ביי אידן זאל עס זיין אנדערש.

אויף א ברייטן הינטערגרונט פון עטנישער דערוואכונג, אין א מאמענט ווען פעלקער איבער גאר דער וועלט קעמפן פאר זייער פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט, פאר זייער אייגנארט, וויינען די נייע אידישע שפראצונגען באשטימט א שריט פאר אויס.

עס בלייבט נאר נים צו זיצן מיט פארלייגטע הענט; אוודאי נים זיפצן און נים קרעכצן אז „מ'גייט אונטער".

אין דער מאס ווי מ'וועט מיט באוואוסטזיין און אחריות סטימולירן דעם נייעם אויפשוואונג, וועט אידיש נים בלייבן אן א מארגן.

פרייטאג, סעפטעמבער 8, 1972

מארגן־פרייהייט



## ייִדיש

משה שיפריס

דאָס ייִדישע וואָרט רייסט זיך פון מיינע ליפּן,
טויכט-אויף פון דער טיפער טיפעניש אין מיר,
רייסט זיך אַריין אין שטראָם פרעמדע ווערטער
און שלאָגט זיך-אָן אין אַ טויבער טיר.

דאָס ייִדישע וואָרט קערט זיך-אום צוריק צו מיר
פאַרלוירן, עלנט און פאַרשעמט,
ווי ס׳קערט זיך-אום אַ יתום
פון דער ווייטער פרעמד.

דאָס ייִדישע וואָרט פלאַטערט אויף מיינע ליפּן,
קלאַמערט זיך מיטן גאַנצן לייב און לעבן.
איך זאַפּ עס מיט מיין אָטעם איין צוריק
און גיב עס טרייסט, האָפענונג און גלויבן.

מיט מיין מאַמעס מילך האָב איך איינגעזויגן
אין אַלע מיינע רמ״ח אברים יעדעס יידיש אות.
און איינגעטייטשט מיט מיר אויף יידיש האָט דער רבי
דעם חומש, נביאים, כתובים און דעם ש״ס.

יידיש וואָרט האָט געמאַניעט מיך פון יעדן יידיש-ספר
פון מענדעלע, שלום-עליכם, פּרץ און בערגעלסאָן,
יהואש און ראָזענפעלד, האַלפּערין און משה נאַדיר,
ס׳האָט וויברירט אין מיר פון יעדן וואָרט דער טאָן.

אויף די פליגל פון יידישן וואָרט האָב איך זוכה געווען
אַריינצוקומען אין היכל פון דער יידישער ליטעראַטור
און זוכה געווען צו זען דאָס יידישע וואָרט
פון מיינע ליפּן אַרונטערפליען און זיך קלאַמערן אין קינדערשע
אויערן.

ס׳האָבן שונאים פאַרניכטעט אַזוי פיל שעפער פון יידישן וואָרט.
מיליאָנען יידישע ליפּן זיינען אויף אייביק פאַרשטומט געוואָרן.
אָבער אייביק וועט בלייבן דאָס יידישע פאָלק
און דאָס יידישע וואָרט וועט פונסניי געבוירן.






## מאמעלאָשן

מאטל גרוביאן

מײַן ברודער יאשען

צו דעם פערד און צום קעלבל,
צו דער גאנדז און צו די הינער
האָב איך שטענדיק גערעדט אַף מײַן שפּראך.
און טו איצט דאָס זעלבע,
ווען די שטאָל איך עפן און פארמאך.

א שפּראך ווי א שפּראך.
קאָנסט א סלאוויש צי א העברעיִש
וואָרט ארײַנבראָקן,
זעסטו: דאָס קעלבעלע לאכט,
די הון קוואָקעט.
און אפן פערד לייג ניט קיין אכט.
א שפּראך ווי א שפּראך.
דער גאנדז און די הינער,
דעם פערד און דעם קעלבל
מײַנע ייִדישע לידער איך זינג.

ס׳מרוקען די באַלעבאָים,
און אויפעם — דאָס זעלבע.
באם ציטעריקן פלאם פון באגינען
פון קריגעלע
מאמעלאָשן איך טרינק.



פילאדעלפיע, 1933, זומער-שול.
ש. דאווידמאן און שילער.

# אַ מייסע פון אַ שניידער מיט אַ גאָלדענער נאָדל

ק. מאָלאָדאָווסקי

אַ שניידער איז אייביק אַ פריילעכער יונג,
דאָס ווייסן דאָך אַלע פון אייביקע יאָרן,
און אַז עס געפעלט אים נישט עמעצנס וואונק,
קען ער געווים מיט זיין נאָדל פאַרפאָרן.

האָט איינמאָל אַ שניידער אַזאַ־אַ געלעבט,
דער קאָפּ איז פאַרפלאַמט, די פאָלעס צעפלאַטערט,
האָט ער אַ גאָלדענע נאָדל געהאַט,
און זייער שיין, זייער גוט האָט ער לאַטעס געלאַטעט.

אַ לאַטע געלייגט און פאַרנייט און פאַרפרעסט,
אַ לאַטע געלייגט די שענסטע אין לאַנד;
האָבן אַלע דעם פריילעכן שניידער געשעצט,
געלויבט פאַר די לאַטעס און פאַרן טאַלאַנט.

איז די מייסע דערגאַנגען צום פרעזידענט,
האָט ער זיך פאַרוואונדערט און ער האָט געזאָגט:
— אַ שאָד מיטן שניידער איך בין נישט באַקענט,
איך בין נישט באַקענט נאָך ביז היינטיקן טאָג.

האָט מען צום שניידער געשריבן אַ בריוו,
געשריבן אַ בריוו אין דעם שענסטן קאָנווערט,
אַז דער פרעזידענט בעט אים אויף אַ וויזיט,
מיסטאָמע איז דער פריילעכער שניידער דאָס ווערט.

איז דער פריילעכער שניידער צום שערער אַוועק:
— שער מיך אָפּ, גאָל מיך אָפּ און מאַך מיך צום לייט.—
און ער האָט זיין גאָלדענע נאָדל פאַרשטעקט
פון פאָרנט אין לאַץ, פון דער רעכטער זייט.

און ער איז געקומען צום פרעזידענט
און האָט זיך פאַרנויגט ווי סע דאַרף צו זיין,
און עס האָט זיין גאָלדענע נאָדל געלויכט
אַזוי ווי די זון זאָל געבן אַ שיין.

— הער פרעזידענט, וואָס איז דיין נויט?
דו זעסט דאָך מיין גאָלדענע נאָדל איז גרייט.

האָט דער פרעזידענט דערלאַנגט אים די האַנט:
— איך האָב געהערט פון דיין גרויסן טאַלאַנט,
און איך וויל דיר זאָגן עפּעס וואָס נאָך,
אַז אין מיין בלויעם זיידענעם ראָק
איז מיר געוואָרן אין פאָלע אַ לאָך.

און באַ דער פרעזידענטקע האָט נעכטן פאַרטאָג
אַן אייגל געפּלאַצט אין דער פּיאַטע פון זאָק.

האָט דער שניידער אַ זעץ געטאָן זיך אויפן טיש,
די פיס אונטער זיך, און אַ קנאַק מיט דער צונג,
דעם פאָדעם אַ לעק און די נאָדל אַ וויש —
אַזוי האָט ער ליב געהאַט נייען דער יונג.

גענייט און גענייט, און אַהין און קאַריק,
אַ פאָדעם אַ שלייף, און אַ קניפּל אַ פליק.

אויף פאָרנט אַ ציִ,
אויף הינטן אַ לען —

און באַם פרעזידענט אין דעם זיידענעם ראָק
אַזוי ווי גאָר קיינמאָל קיין לאָך נישט געווען.

דערנאָך האָט דער שניידער דעם דאַשעק פאַרדרייט,
און פאַר דער פרעזידענטקע די פּיאַטע פאַרנייט.

אַ ניי און אַ שטאָך, און אַ קנאַק מיט דער צונג,
און נישטאָ שוין דאָס לאָך, און ס'איז פאַרטיק דער יונג.

האָט דער פרעזידענט די אַרבעט באַטראַכט
און געזאָגט, אַז ס'איז גוט, און דעם שניידער באַדאַנקט.
און מען האָט אין דער זעלביקער רגע, מינוט,
אויף אַ טאַץ אים אַכט גאָלדענע טאָלער דערלאַנגט.

האָט דער שניידער זיך העפלעך און פריילעך פאַרנייגט,
עס האָבן פאַר פרייד זיינע אויגן געגלאַנצט;
ער האָט אַ האַנט אויף אַ האַנט פאַרלייגט,
און אַ ביסל געטופּעט, אַ ביסל געטאַנצט.

נאָר דאָ איז אַ מייסע פאַרלאָפן, געשען,
מיט דער גאָלדענער נאָדל אַ מייסע איז דאָ —
ווען דער שניידער ט'געפרייט זיך מיט האַרץ און מיט ברען,
ערשט אין לאַץ איז די גאָלדענע נאָדל נישטאָ.

נישטאָ און נישטאָ די גאָלדענע נאָדל,
פאַרלאָרן געוואָרן די גאָלדענע נאָדל.

האָט מען געזוכט וואו אַ שפּאַלט, וואו אַ לאָך.
האָט מען געזוכט אין גראָז און אין מאָך.
האָט מען געזוכט אויף דיל און אויף ווענט —
פאַרלאָרן געוואָרן פון אונטער די הענט.

און מען האָט אַפילע שטאַפעטן געשיקט אויפן לאַנד,
זיי זאָלן די גאָלדענע נאָדל געפינען.
זיינען זיי געפאָרן, געזוכט נאָכאַנאַנד,
און עס האָט זיך געקימערט די גאַנצע מדינה.

איז דער שניידער געקומען פאַרדייגעט, פאַרזאָגט,
געקומען אַהיים שוין אָן פלאַם און אָן פלאַטער.
ער גיט זיך אַהער און אַהין אַ טראָג,
ערשט עס גלאַנצט זיין כאַלאַטל אויף דער זיבעטער לאַטע.

און די גאָלדענע נאָדל — פרעגט שוין נישט פרעגט —
ווי קאָן זיך אַ מענטש אַזוי שטאַרק פאַרגעסן?
ער האָט דאָך אַליין זי דאָרטן פאַרשטעקט,
ווען ער איז אין די הויכע פענצטער געזעסן.

נו, אויב אַזוי איז דאָך גוט —
ווי איך בין אַ ייד.
פון דעמאָלט אָן זינגט אַ שניידער
אַ פריילעכע ליד.



פעב. 1939

שלמה דאַווידמאַן

# אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן!...

איך האָב אַ טאָכטער, איז זי שוין באַלד אַלט גאַנצע פופצן יאָר. אַ שיינע איז זי, מיין טאָכטער כייקע, ווי שולמית פון שיר השירים. און זי לייענט און שרייבט און רעדט אידיש. זי לערנט זיך אין דער ברוקלינער אידישער מיטלשול אויפן נאָמען פון יצחק לייבוש פרץ.

זיצט זי זיך אַליין, אין אַן אָוונט אין איר צימער, און לייענט זיך „מאָטל פייסי דעם חזנ'ס", פון שלום עליכם. זי לייענט, לאַכט און האָט הנאה, פונקט ווי איך האָב הנאה געהאַט ווען איך האָב געלייענט שלום עליכמ'ס ווערק. מיר רעדן אַמאָל וועגן שלום עליכמ'ס מעשיות.

איך זאָג איר, אַז פון היינט אָן און ווייטער ווערט ביי מיר עפּעס פאַרבונדן: „מאָטל פייסי'ס" מיט מאָטעלע גערמאַן, מיין יונגער לאַנדסמאַן פון מאָגיליאָוו־פּאָדאָלסק, וואָס האָט געראַטעוועט צוויי טויזנט אידן פון די געטאָס, און איצט האָט ער זיך באַזעצט אין בירא־בידזשאַן און וועט דאָרטן אויסוואַקסן גאָר אַ גרויסער מענטש.

מיין טאָכטער, כאָטש שוין איצט אַ דערוואַקסענער מענטש, שוין באַלד גאַנצע פופצן יאָר, האָט נאָך אַלץ ליב צו זיצן און רעדן מיט מיר, הערן ווי איך רעד, דערצייל, פונקט ווי איך פלעג איר דערציילן מעשה'לעך אויף אידיש אין אירע קינדערישע יאָרן.

מיין טאָכטער איז שוין עטלעכע זומערן געווען אין אידישן קעמפּ „קינדערלאַנד", און זי האָט זיך דאָרטן אויסגעצייכנט אין אַ ריי אַקטיוויטעטן: אין וואַסער־ספּאָרט, אין פעלד־ספּאָרט, אין דער פירערשאַפט פון איר באַנגעלאָ, אין פירן דעם אָרקעסטער, אין טאַנצן. אַ טאַלאַנטפולע טענצערין איז זי. זי איז געווען פון די בעסטע אויסטייטשערינס פון אידיט סיגל'ס פאָלקס־טענץ; זי האָט פאַרשטאַנען און אַרויסגעבראַכט דעם קנייטש, דעם חן פון אידישן טאַנץ.

און איצט האָט זי מיט אירע חברים און חבר'טעס פון דער ערשטער גרופּע, די 14־15־16־יאָריגע אינגלעך און מיידלעך, געבראַכט אַ נייע אידייע: מ'האָט אָרגאַניזירט אַן ערב־יוגנט קלוב און זי איז דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענטין און מען פאַרמעסט זיך איבערצויאָגן דעם יוגנטלעכן אידיש־רעדנדיקן קלוב נומער 100 אויפן נאָמען פון בצלאל פרידמאַן . . .

איז אָט־די טאָכטער האָט שוין אַביסל צרות פון דער אידישער שפּראַך. די צרות קומען פון אירע פריינט אין דער היי־סקול, אין גאַס, צווישן שכנים. די פריינט אירע האַלטן איר אין איין אַריינזאָגן: „וואָס טויג דיר א י ד י ש? וואָס טויג דיר די אידישע שול?"

דערציילט זי מיר, די טאָכטער מיינע, פון אירע צרות, און זי דערציילט מיר, אַז זי פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס אירע פריינט „פ אַ ר ש ט י י ע ן  ג אָ ר נ י ט". זי דערציילט מיר, אַז אויך זייערע עלטערן רעדן אָפּטמאָל אידיש אין זייערע הייזער, און די קינדער פאַרשטייען אַ סך אידישע ווערטער. אָבער אַ מאָדנע זאַך, אַלע אידישע ווערטער, וואָס זיי קענען, זיינען עפּעס ציניש, אָפּלאַכעריש, חוזק'דיגע . . .

„לייענען ניט זייערע עלטערן קיין אידישע צייטונג, קיין אידישן בוך?" — פרעגט מיך מיין טאָכטער.

צעשמייכל איך זיך פון מיין טאָכטער'ס פראַגע. און בשעת־מעשה טראַכט איך וועגן אַ גוטן ענטפער. איך וויל איר עפּעס אַזוי ענטפערן, אַז זי זאָל פאַרשטיין די פּראָבלעמען פון דער אידישער שפּראַך און דער אידישער קולטור אויף דער אַמעריקאַנער אידישער גאַס, אויף די אַמעריקאַנער אידישע עווענוס און אויף די אַמעריקאַנער אידישע געסלעך.

„אַ שפּראַך איז געגליכן צו אַ גאָרטן", הויב איך אָן אין אַ מעשה־פאָרמע. „אַ שפּראַך קאָן זיין שיין, און אַ גאָרטן קאָן זיין שיין. אָבער די נאַטור שאַפט ניט קיין שיינעם גאָרטן, מען דאַרף צולייגן די מענטשלעכע הענט. דער גערטנער גראָבט אויס די ערד. ער גראָבט אין גלייכע שיינע ליניעס. ער וואַרפט אַוועק די שטיינער אין אַ זייט. אויף שטיינער קאָן גאָרניט וואַקסן. דערנאָך לייגט ער עפּעס אַריין אין דער ערד, די זריעה, ער דעקט עס צו. דערנאָך וואַרט ער, אַז דער רעגן זאָל באַוואַסערן די ערד. נאָר אויב קיין רעגן קומט ניט אין צייט, ברענגט ער וואַסער, שלעפּט עמערס, פעסער און באַגיסט, און יעדן טאָג קומט ער זען, צי עס וואַקסט עפּעס אַרויס פון דער ערד. און אַז עס הויבן אָן אַרויסוואַקסן די ערשטע שפּראָצן פון די פרוכטן, באַווייזן זיך אויך ווילדע גראָזן. בויגט ער זיך איין, דער גוטער גערטנער, און רייסט אויס די ווילדע גראָזן און וואַרפט זיי אַוועק אויף אַ זייט, לעבן די שטיינער, זיי זאָלן ניט שטערן די שיינע פרוכטן צו וואַקסן.

און אַז די פרוכטן קומען שוין אַרויס פון דער ערד און הויבן שוין אָן ווערן פאַרטיג, באַווייזן זיך מוראַזשקעס, זשוקעלעך, שלענגלעך, וואָס ווילן עסן און ווילן צעשטערן די גוטע פרוכטן. בויגט זיך ווידער איין דער גוטער גערטנער און באַזייטיגט די קליינע פּאַראַזיטלעך, וואָס ווילן עסן פון יענעמ'ס אַרבעט.

און אַז דער גערטנער נעמט שוין אַרונטער די פרוכטן פון זיין גאָרטן, דאַרף ער זיי היטן; דאַרף ער זיי אַזוי האַלטן, אַז זיי זאָלן ניט פאַרפוילט ווערן, זאָלן ניט קאַליע ווערן, ביז ער וועט זיי עסן אָדער ביז ער וועט זיי פאַרקויפן; דאָס הייסט: פאַרבייטן פאַר אַן אַנדער אַרטיקל, וואָס ער דאַרף.

ניט אַלע מענטשן, וואָס עסן שיינע און גוטע פרוכטן טראַכטן וועגן דעם גערטנער און זיין אַרבעט . . .

אָט קומסטו אין אַ פּאַרק, דו זעסט שיינע בלומען, רויזן אין פאַרשיידענע קאָלירן, בלומען פון פאַרשיידענער גרויס וואַקסן אַרויס אין שיינע רייען, שיינע גערטנדלעך. דאָס האָט די מענטשלעכע האַנט, די מענטשלעכע אַרבעט זיי באַפוילן אַזוי צו וואַקסן . . .

און די גרויסע ברייטע פעלדער מיט קאָרן, ווייץ . . . הכלל, דו פאַרשטייסט, דו פאַרשטייסט, טאָכטער, אַז קיין זאַך וואַקסט ניט פון זיך אַליין.

פון זיך אַליין וואַקסן בלויז ווילדע גראָזן, ווילדע פרוכטן, ווילדע חיות און . . . ווילדע מענטשן . . .

אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן, ווי אַזוי דו פאַרזייסט די שפּראַך, אַזוי וואַקסט זי אויס. אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט היטלער געהייסן אויסראָטן זעקס מיליאָן אידן און געוואָלט פאַרשקלאַפן די וועלט? — אויף דער דייטשער שפּראַך. און אויף דער זעלבער דייטשער שפּראַך האָבן דייטשע אַנטי־פאַשיסטן געפירט אַ קאַמף קעגן אים . . .

אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט גערעדט אייבערהעם לינקאָלן און פראַנקלין דעלאַנאָ רוזוועלט, און אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט געשריבן מאַרק טוועין „טאָם סאָיער"? (ווי שלום עליכם „מאָטל פּייסי׳ס") — אויף דער ענגלישער שפּראַך. און אויף דער זעלבער שפּראַך הערסטו אויף די ראַדיאָס, דו לייענסט אין די צייטונגען, וואָס אַמעריקאַנער רעאַקציאָנערן און פאַשיסטן רעדן. זיי ווילן, די וואָס זיינען געוואָרן זייער רייך פון דער לעצטער מלחמה, אַ נייע מלחמה אויף דער וועלט . . .

ווי אין אַלע שפּראַכן, ביי אַלע פעלקער, אַזוי איז אויך אין דער אידישער שפּראַך, אין אונזער גאָרטן.

איך וועל דיר דערציילן אַן אמתע מעשה: צוריק מיט אַ צוועלף יאָר האָבן זיך פאַרזאַמלט אין פּאַריז אידישע שרייבער, לערער, קינסטלער, פירער און טוער פון דער גאַנצער וועלט. זיי זיינען געווען און זיינען די גוטע גערטנער פון דעם אידיש-גאָרטן, פון דער אידישער שפּראַך, פון דער אידישער ליטעראַטור, פון אידישן טעאַטער. פון די אידישע שולן, פון דער אידישער וויסנשאַפט, פון דער אידישער קונסט . . . הכלל — דאָס וואָס הייסט א י ד י ש ע ק ו ל ט ו ר.

זיי האָבן דעמאָלט געגרינדעט אַן אַלוועלטלעכן אידישן קולטור-פאַרבאַנד, וואָס רופט זיך אין קורצן איקוף. זיי האָבן איבער דער גאַנצער וועלט און אויך אין אַמעריקע, אַרויסגעגעבן זשורנאַלן, ביכער פאַר אידישע אַרבעטער, פאַר אידישע האַרעפּאַשניקעס, פאַרן פאָלק. זיי האָבן געעפנט שולן, ביבליאָטעקן, טעאַטערס . . . זיי האָבן אַריינגעצויגן גרויסע טיילן פון די אידן איבער דער וועלט אין דער קולטור-אַרבעט.

זיי האָבן גענוצט די אידישע שפּראַך, ווי אַ גערטנער זיין גאָרטן, מיט שיינע ווערטער, נוצלעכע, אינטערעסאַנטע און אינטעליגענטע ווערטער . . . עס וואָלט געווען גאָר גוט ווען אַלע אידן העלפן בויען די אידישע שפּראַך און די אידישע קולטור. נאָר ניט אַלע פאַרשטייען און ניט אַלע ווילן פאַרשטיין.

פונקט ווי דיינע פריינט, טאָכטער, לאַכן פון דיין לערנען אידיש, פון דיין גיין אין אַ אידישער מיטלשול, אַזוי זיינען פאַראַן אין אַמעריקע גרויסע, דערוואַקסענע מענטשן, וואָס לאַכן פון אידישן גאָרטן. זיי ווייסן ניט פון „מאָטל פּייסים" און פון מאָטעלע גערמאַן (און זיי ווייסן אויך ניט פון „טאָם סאָיער"). זיי ווילן ניט ווייסן פון שיינקייט. זיי ווילן פרעסן און זויפן און שפּילן אין „רייסעס" פון פערדלעך" . . .

און עס זיינען פאַראַן ווילדע גראָזן אויף דער אידישער גאַס, ווי אין גאָרטן, וואָס ווילן ניט לאָזן וואַקסן די שיינע פרוכטן . . . און עס זיינען פאַראַן מוראַזשקעס, זשוקלעך און ווערעמלעך און שלענגלעך, פונקט ווי אין גאָרטן, וואָס ווילן עסן פון גרייטן, פּאַראַזיטלעך, און צעשטערן די פרוכטן פאַרן גערטנער . . .

הכלל, ווי דו זעסט טאָכטער, איז אַ שפּראַך געגליכן צו אַ גאָרטן. די אידישע שפּראַך איז דער אידישער גאָרטן. און אויב מיר ווילן, אַז עס זאָלן וואַקסן שיינע פרוכטן, דאַרפן מיר אַרבעטן שווער . . .

דו געדענקסט: מענדעלעס „דאָקטאָר"; פּרצ׳ס לידעלע „אַלע מענטשן זיינען ברידער" און מאָרים שוואַרצ׳ס אויפפירונג „די דריי מתנות"; שלום עליכמ׳ס „מאָטל פּייסי׳ס"; שלום אַשס „אַנקל מאָזעס"; אברהם רייזענס „ניט ווייט איז די צייט" און „העמערל, העמערל קלאַפּ"; א. ראַבאָי׳ס „לאַשיקל" און קאַפּיטלעך פון „מיין לעבן" און נאָך און נאָך. דו האָסט זיי, די אידישע שרייבער און זייערע ווערק, אין דיין טעקסט-בוך פון דער מיטל-שול" . . .

מיין טאָכטער האָט זיך גוט איינגעהערט. זי האָט זיך צעשמייכלט און אויך עפּעס צוגעגעבן איר אייגנס:

„און אונזער גאָרטן איז זייער אַ גרויסער און אַ רייכער, אַ וועלטלעכער גאָרטן, ער ציט זיך פון ניו-יאָרק ביז בירא-בידזשאַן. פון מיר, אין דער ברוקלינער אידישער מיטלשול אויפן נאָמען פון יצחק לייבוש פּרץ ביז מאָטעלע גערמאַן פון דיין געבוירן-שטאָט מאָגיליאָוו-פּאָדאָלסק.

„איך וועל אויך וואַקסן אַ גערטנערין, טאַטע. איך פאַרשטיי שוין אַביסל מער. איך פאַרשטיי, אַז אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן!..."

(געדרוקט: 5טן אָקט. 1949, „טריבונע).



מענדעלע מוכר ספרים



שלום עליכם



יצחק לייבוש פּרץ



# אַ יום-טוב פון אידיש געזאַנג

## דאָס ערשטע יידיש־ביכל אין אַמעריקע

„שיר זהב לכבוד ישראל הזקן" — „ישראל דער אַלטע" איז אַ קליינע לידער־זאַמלונג אין העברייאיש און אין יידיש. דער שער־בלאַט פון אָט דעם ביכל רעדט אַליין פאַר זיך. עס ווייזט אויך דעם תוך און כאַראַקטער פון דער פּאָעזיע, וואָס יעקב צבי סאָבעל (1912־1831) האָט פאַרפאַסט „לכבוד דעם אַלטן יידישן


שיר זהב 56091
לכבוד
ישראל הזקן·
„O, sage nur Jedem
Es offen und frei:
Ein Jude nun bin ich
Und bleib' es getreu!—"
אשר שר
יעקב צבי סאבעל
מחבר
ספר החוזה חזיונות בארבעה עולמות·

איבער זעטצט אין יודיש דייטש,

ישראל דער אלטע,

ריעזע גאָלדענע ליערער,
אָה, מינע ליעבען בריררער!
געשריעבען מיט ענערגיא,
צו איבער ציינען ריכטיג.
וויא הערליך אונד וויכטיג,
איזט יורישער פּאָעזיא.

דאס דיא הייליגע שפּראכע.
איזט דיא איינציגע זאכע,
וועלכע מיט אונז וואונדער טהום,
דאס ווען דיעזע שפּראכע בליהט.
דאן וויט דער איזראעלים.
ער האט קוראז, שטאלץ אונד מוטה!

נעדרוקט בייא מ. טאפּאלאווסקי, 112 קאנאל סטריט נויארק.

בשנת לכבוד הור גוי ישראל לפ"ק.
נוא יארק.

M. Topolowsky, Book & Job Printer, 112 Canal Street, N. Y.
1877.

שער־בלאַט

פאָלק". דאָס איז, ווייזט אויס, דאָס ערשטע ביכל אין דער יידישער שפּראַך, וואָס איז אַרויסגעגעבן אין אַמע־ריקע, אין ניו־יאָרק. עס האַלט 36 זייטלעך, עס נעמט אַריין פיר לידער אין העברייאיש: „הדבורה" (די בין), „ישראל הזקן" (דער אַלטער ישראל), „תלמיד חכם פולני באמוריקא" (אַ פּוילישער תלמיד־חכם אין אַמע־ריקע) און „חתן וכלה או גמול היהודים ברוסיה" (חתן־כלה אָדער דער לוין פון די יידן אין רוסלאַנד). די ערשטע דריי שירים זיינען איבערגעדיכטעט דערצו דורכן מחבר אין יידיש.

דער מחבר פונעם ערשטן יידיש־ביכל אין אַמע־ריקע, יעקב צבי סאָבעל, איז געבוירן אין 1831, אין שאַוועל, קאָוונער גוב., וואו זיין פאָטער ר' יצחק איז געווען אַ דיין. ביזן עלטער פון 22 יאָר האָט יעקב צבי סאָבעל געלעבט אין שאַוועל, וואו געוואָקסן, געלערנט און חתונה געהאַט. שפּעטער געווען אַ מלמד אין קעלם, ער פאָרט אַריבער קיין קאָוונע, וואו ער איז אַ ראש־הישיבה, און לסוף ווערט ער אַ רב אין סלאָבאָדקע (ביי קאָוונע). ער באַקענט זיך דערווייל מיט דער השכלה־ליטעראַטור און לערנט אויך רוסיש, דייטש א. אַז. וו. ער מוז פאַרלאָזן זיין רבנות־אַמט און ער לאָזט זיך קיין ווילנע. ער וויל אַריינטרעטן דאָרט אין דער ראַבינער־שול. פון דאָרט פאָרט ער אַריבער קיין זשיטאָמיר אין דער ראַבינער שול, וואו ער איז לערער און אויך תלמיד. געענדיקט, נאָך דריי יאָר די זשיטאָמירער ראַבינער־שול, קומט ער קיין אָדעס און טרעט אַריין אין דער אוניווערסיטעט אויף דער מאַטעמאַטישער אָפּטיילונג. ער עפנט גלייכצייטיק אַ פּריוואַט־שול און אַ ליי־ביב־ליאָטעק, כדי צו קאָנען פאָרזעצן זיינע לימודים אין אוניווערסיטעט.

בעת דעם אָדעסער פּאָגראָם (פּסח 1871) ווערט צעראַבירט י. ד. סאָבעלס גאַנץ פאַרמעגן, און ער באַ־שליסט צו אַנטלויפן פון רוסלאַנד. ער וואַנדערט אַרויס ערשט אין 1876 קיין אַמעריקע, וואו עס הייבט זיך אָן פאַר דעם למדן און משכיל אַ ניי און שווער לעבן מיט פיל אַנטוישונגען און פאַרצווייפלונגען.

אין דעם ביכל לידער, וואָס איז אַרויס אין ניו־יאָרק אין 1877, האָבן מיר אויך שילדערונגען און איינדרוקן פון דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע. „שוין אין זיין ליד ,ישראל דער אלטע[ר]' געפינען זיך אָב־דייטונגען אויף דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע" (ק. מרמר). דאָס גרעסערע ליד, שיער נישט אַ פּאָעמע „דער פּאָלענישע[ר] תלמיד־חכם אין אַמעריקע" גיט שוין איבער די איבערלעבענישן, די ליכט און שאָטן, די לייד און פרייד פון דעם יידן אין דעם נייעם לאַנד. עס באַשטייט פון 12 צוועלף־שורהדיקע פערזן, און עס איז אייגנטלעך אַ געמיש פון יידיש, דייטשמעריש און אַנגליציזמען. קיין קינסטלעריש־דיכטערישן באַטייט האָבן נישט די „לידער" פון יעקב צבי סאָבעל. ס'איז גענוג צו לייענען די שורות אויפן שער־בלאַט, דורך וועלכע ער דערציילט, אַז „דיעזע גאָלדענע ליעדער, / אָה, מיינע ליעבען ברידער! / געשריעבען מיט ענער־גיא, / צו איבערצייגן ריכטיג, / וויא הערליך אונד וויכטיג, / איזט יודישער פּאָעזיא".

פאַר אונדז איז דאָס ערשטע יידיש־ביכל אינטערע־סאַנט מער ווי אַ דאָקומענט, ווי די ערשטע באַזונדערע יידיש־אויסגאַבע. און בלויז ווי אַזאַ באַדאַרפן מיר עס פאַרצייכענען. ס'איז אייגנטלעך ערשט אַן אָנזאָג אויף דער יידישער דיכטונג, וואָס וועט שפּעטער קומען.

וועגן י. צ. סאָבעל און זיין לידער־זאַמלונג זע ק. מרמר — „דער פּאַרפאַסער פונעם ערשטן יידישן ביכל אין אַמעריקע און זיין ווערק" („פּנקס" פון אַמעריקאַ־נער סעקציע פון ייוואָ, ב. 1, 1928, — ז"ז 38־47); „דער אָנהייב פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמע־ריקע" (איקוף־פאַרלאַג, 1944, ז"ז 12־19); און אליהו שולמאַן — „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע", 1943, ז"ז 141־147).

## נתן־דוד קאָרמאַן

# מאַרק שאַגאַל

עס זאָגן פראַנצויזן,
אַז ס׳איז אַ פראַנצויז
דער ייד, דער וויטעבסקער,
שאַגאַל.

מיר דאַכט זיך דערפאַר איז ער
יידיש און גרויס —
ווייל יידיש איז אוניווערסאַל...

עס שפּילן די קלעזמער
זיין יידיש געזאַנג
מיט פאַרבן און שפּיל פון זיין ניגון.
ער וועבט זיך אַריין אין מיין ליד
מיט זיין קלאַנג —
צו וועקן און נישט צו פאַרוויגן...

ער פליט אין די הימלען —
וואָס דען זאָל ער טאָן?
וואוהין זאָלן טייבעלעך פליען?
ער טראָגט גאָר אַ שטאָלצער
די יידישע פאָן —
און האַלט זיך כסדר אין מיען...

די „שויבן" צום דרויסן —
נאָך ביבליש און קלאָר —
די פאַרביקע פענצטער פון שולן;

און ס׳זינגען פראַנצויזישע בילדער
אין כאָר —
וואָס אונדזער שאַגאַל האָט
געמאָלן...

יידן פון חומש, פון חדר אַמאָל —
פון אָרעמען יידישן שטעטל —
אַזוי אָ פאַרשטיי איך
דעם קינסטלער שאַגאַל,
און כ׳וויל מיט הכנעה אים בעטן:
מאָל נאָך און צייכן,
מיט פאַרב און מיט שטריך —
דאָס פאַרביקע יידישע לעבן.
און זאָל אַ פראַנצויז און אַ רוס
און אַ גריך
דיין יידישן כבוד דיר געבן...

פילאַ., אויגוסט, 1972.

## יעקב גלאַטשטיין

# רעד צו מיר יידיש

רעד צו מיר יידיש, מיין יידיש לאַנד,
און איך וועל צו דיר רעדן עברית ממילא.
אברהם מיט שרהן קומען מיר אַנטקעגן,
פון דער מערת המכפלה.

גאָט העלף, זיידע־באָבעשי.
אברהם גייט שווייגנדיק די גאַס אַריבער.
נעם זיך ניט צו האַרצן יאַנקעלע,
זאָגט שרה, ער איז מבין כל דבור.

ס׳איז אַזוי דאָ אָנגענומען.
אַ מאַנצביל דאַרף יידיש שטומען.
אָבער אַ יידענע פון יידיש־טייטש

האָט אויך עפּעס וואָס צו זאָגן.
זאָג איך דיר גאָט העלף, מיין קינד,
זאָלסט מיר אַלדאָס גוטס פאַרמאָגן.

גלייב מיר, יאַנקעלע, ס׳וועט קומען אַ צייט,
אין כאַמישאָסער־לאַנד פון ראָזשינקעס און פייגן,
אַז אַלע עברית־קינדער
וועלן אויפהערן יידיש שווייגן.

און אַז זיי וועלן זיך צערעדן,
וועלן זיי, וועט אַ נחת זיין צו הערן,
אַזוי וועט געשען, יאַנקעלע, מיין קינד,
אַ שבועה קען איך דיר שווערן.

דער זיידע אברהם פון יענער זייט גאַס,
ווינקט צו מיר און פאָכעט מיט דער פאַטשיילע.
אָ, רעד צו מיר יידיש, מיין יידיש לאַנד,
און איך וועל צו דיר רעדן עברית ממילא.

# ,? וקיימלאנד !,

ג. קראוצאַוו. מוסטערן פון נייעם יידישן טיטול־שריפט, 1971



איבער וויטעבסק

### דער אידישער זייגער אין פראג


דער זייגער מיטן אלף־בית אויפן ציפערבלאַט. ער געפינט זיך אויפן דאַך פון קהילה־הויז אין דער טשעכאָסלאָוואַקישער הויפּט־שטאָט

## נאָטיצן
### פון א ייִדישן בוקיניסט

# „מאַמע־לשון"

דער אויפן, וויאַזוי מע האָט אָנגערופן די ייִדישע שפּראַך אין פאַרשיידענע פּעריאָדן פון איר געשיכטע, איז אַן און פאַר זיך אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל. דער ערשטער נאָמען, וואָס מע האָט איר געגעבן, איז געווען „לשון אשכנז". מיר טרעפן אים שוין אין די קאָמענטאַרן פון רעב שלוימע ייִצכאָקי (רש"י, 1040 — 1105). מיט ראַשין טאַקע האָט מען א געוויסע צײַט אָנגעהויבן דעם ייִכעס־בריוו פון ייִדיש. אין די לעצטע יאָרן זײַנען אייניקע געלערנטע (ש. בירנבוים, מ. ווײַנרײַך, נ. זיסקינד, ל. פוקס אאַ.) אַרויסגעטראָטן פאַר אָנהייבן די געשיכטע פון ייִדיש פון סאָף נײַנטן יאָרהונדערט.

אין רעזולטאַט פון באַשטימטע היסטאָרישע געשעענישן האָט ייִדיש, אין א שפּעטערדיקן פּעריאָד פון זײַן אַנטוויקלונג, אַריבערגעשפּרײַזט די גרענעצן פון דײַטשלאַנד. עס זײַנען אויפגעקומען נײַע ייִדישע קולטור־צענטערן אין ווענעציע, פּראָג, אַמסטערדאַם און קראָקע. און הגאַם מע האָט נאָך ווײַטער פאָרגעזעצט רופן ייִדיש „לשון אשכנז", האָט עס אָבער שוין ניט געהאַט קיין ריין געאָגראַפישן באַטײַט. איינצײַטיק מיטן אַלטן נאָמען, וואָס ראַשי נאָך האָט געגעבן ייִדיש, האָט מען אים אויך אָנגעהויבן רופן „עברי־טײַטש" (איוורע־טײַטש). דערבײַ דאַרף מען געדענקען, אַז מיטן וואָרט טײַטש האָט מען דעמלט קלאַל ניט אין זינען געהאַט דײַטש. אין יענע יאָרן זײַנען אַנטשטאַנען זייער א סאַך איבערזעצונגען פון העברעיִש (עברי). געוויינלעך פלעגט מען די ווערק דרוקן פּאַראַלעל אין ביידע שפּראַכן — אין איוורע און אין טײַטש. א גרויסער טייל פון זיי זײַנען ניט געווען קיין איבערזעצונגען אין היינטיקן זין פון וואָרט. דעם טעקסט פון אָריגינאַל פלעגט מען מערסטנס פאַרברייטערן, קאָמענטירן, טײַטשן, מע פלעגט אויך אַרײַנפירן אַנאַלאָגיעס פון אַנדערע ווערק אָדער ביכלאַל נײַע סוזשעטן און מאָטיוון אין גײַסט פון דער צײַט. פון אָט דעם אייגנאַרטיקן זיווג איז, זעט אויס, געבוירן געוואָרן דער כאַראַקטעריסטישער נאָמען „איוורע־טײַטש".

מיט דעם באַגריף „איוורע־טײַטש" האָבן זיך באַנוצט אויך ניט קיין ייִדישע געלערנטע — הומאַניסטן. יאָהאַן בוקסטאָרף (1564 — 1629), לעמאָשל, האָט זײַן באַרימטע אַרבעט וועגן ייִדיש אַפילע אָנגערופן: „לעקציעס צום באַנוצן און פּראַקטיצירן העברעיִש־טײַטש" (Hebraeo-Germanicae).

אין זעכצעטן און זיבעצעטן יה. איז דער פּראָצענט סעמיטיזמען אין ייִדיש געווען זייער גרויס. די פרעמד־שפּראַכיקע עלעמענטן (גערמאַנישע, ראָמאַנישע) האָבן שוין דעמלט באַקומען אַן אייגענעם קלאַנג און טאָן. די דײַטשישע געלערנטע פון יענער צײַט האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז א רעזולטאַט פון די העברעיִשע אײַנפלוסן.

„די דײַטשישע שפּראַך, — שרײַבט י. בוקסטאָרף, — איז בא זיי [בא די ייִדן] קיינמאָל ניט ריין. זייער אָפט מישן זיי אַרײַן העברעיִשע ווערטער... זיי האַלטן זיך אַזוי פעסט בא דער העברעיִשער ווענדונג, אַז זיי פאַרטונקלען די דײַטשישע..."

י. ק. וואַגענזייל (1633 — 1705) האָט געשריבן: „מיט קיין שום אַנדערער שפּראַך זײַנען זיך ייִדן ניט אַזוי לעסטערלעך באַגאַנגען ווי מיט אונדזער דײַטש. זיי האָבן אים צוגעגעבן א פרעמדן טאָן און קלאַנג... אויסגעטראַכט נײַע אומבאַקאַנטע ווערטער און אויך זייער א סאַך העברעיִשע ווערטער און רעדנסאַרטן אַרײַנגעמישט אין דײַטש. דײַטש האָט באַקומען בא זיי אַזאַ אויסזען, אַז ווער עס הערט זיי ריידן אין דער שפּראַך, גלייבט, אַז זיי ריידן ניט אַנדערש, ווי אין א ריינעם העברעיִש"...

מיט דעם טערמין „יודיש" באַגעגענען מיר זיך צום ערשטן מאָל אין איינעם פון די באַדײַטנדיקסטע ווערק פון דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור, אין דעם „מעלאָכים־בוך" (ערשטע אויסגאַבע, אַאוגסבורג, 1543). עס איז מאַמעש צו באַוווּנדערן דעם אײַנפאַל בא דעם אַלטן אַנאָנימען מעכאַבער. ער שטעלט אַרײַן דאָס וואָרט „יודיש" אין דעם „מעלאָכים־בוך" פּונקט אין אַזאַ אָרט, וווּ עס קומט פאָר דער ערשטער, אַזוי צו זאָגן, שפּראַכלעכער שטרײַט אין דער ייִדישער געשיכטע.

איבערדיכטנדיק דעם באַרימטן דיאַלאָג (מלכים ב, יח), וואָס קומט פאָר צווישן די פירער פון אַלטן יעהודע מיטן פאָרשטייער פון אשור, ווען זיי בעטן זיך בא אים, ער זאָל צו זיי ריידן אין א שפּראַך, וואָס דאָס פאָלק פאַרשטייט ניט, דערווידערט דער לעצטער, אַז ער רעדט ספּעציעל אין פּראָסטן לאָשן, דאָס פאָלק זאָל פאַרשטיין און וויסן, וואָס פאַר אַן אומגליק זײַנע פירער ברענגען אָף אים. דער אַוטאָר, פון זײַן זײַט, באַמערקט: „ערשט רעט ער בישיידלעך יודיש מיט העלער שטים".

דאָס וואָרט „יודיש" איז מיסטאָמע בא דעם אַנאָנימען אַוטאָר אַנטשטאַנען לויט דער אַסאָציאַציע מיט דעם אַלטן ביבלישן וואָרט „יהודית". צווישן ביידע ווערטער איז פאַראַן ניט נאָר א געוויסע האָמאָפאָנעטישע ענלעכקײַט, עס איז בא זיי פאַראַן א געמיינזאַמער זין און באַטײַט.

אין טאַנאַך ווערט אין ערגעץ ניט דערמאָנט דער נאָמען פון דער שפּראַך, מיט וועלכער עס האָבן זיך באַנוצט די אַלטע ייִסרעילים. ראַשי און דער ראַמבאַן[1], קאָמענטירנדיק אייניקע ערטער אין טאַנאַך (בראשית מ"ה ככ, ישעיה י"ט יח), האָבן אָט די שפּראַך אָנגערופן די שפּראַך פון קנאַאַן (שפת כנען). די באַצייכענונג „לשון עברי" באַגעגענען מיר ערשט אין דער מישנע (גיטין ט"ח, ידים ה' ד), אין מעדרעש (בראשית רבה מ"ב). דאַקעגן ווערט „יהודית" אין טאַנאַך דרײַ מאָל דערמאָנט (מלכים ב יח, ישעיה לו, נחמיה יג) און יעדעס מאָל אַלס די שפּראַך פון די אָרעמע פאָלקסמאַסן, אין קעגנזאַץ צו דער, מיט וועלכער עס באַנוצט זיך דער פאַרמעגלעכער קלאַס. דער אַנאָנימער אַוטאָר האָט זיך אַנדערש ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז קעדיי דאָס פּאָשעטע פאָלק, וואָס לעבט שוין איצט בא דעם טײַך ריין, זאָל אויך פאַרשטיין, באַדאַרף אַפילע דער אַלטער פאָלקן־פירער פון אשור ריידן „בישיידלעך יודיש מיט העלער שטים".

כוץ די דערמאָנטע נעמען, האָט מען זיך אויך באַנוצט מיט „טײַטש", מערסטנטייל „ייִדיש־טײַטש". און אַזוי־ווי אין מעשעך פון דוירעס איז די ייִדישע פרוי געווען א געטרײַע לייענערין פון דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט מען ניט נאָר די שפּראַך, נאָר אויך דעם ספּעציעלן שריפט, אין וועלכן מע פלעגט דרוקן ייִדישע ביכער, אָנגערופן „ווײַבער־טײַטששריפט".

דער ערשטער, וואָס האָט די ייִדישע שפּראַך אָנגערופן היימיש און צערטלעך מאַמע־לאָשן, איז געווען א פּאַשעטער מענטש פון פאָלק, אָדער ווי ער אַליין רופט זיך, א „לאַנטעך־מאַן" פון דעם דאָרעם־דײַטשישן ייִשעוו הערגערסהויזן, אַרן בען שמועל.

מעגלעך, אַז דאָס פאָלק האָט לאַנג שוין זיך באַנוצט מיט דעם אויסדרוק. אַרן פון הערגערסהויזן איז אָבער געווען דער ערשטער, וואָס האָט דערפילט זײַן פּאָעטישן כיין און טיפן מיין. ביז אים האָט קיינער דעם אויסדרוק אויפן פּאַפּיר ניט אַרופגעבראַכט. זײַן ביאָגראַפיע איז אונדז אומבאַקאַנט. פון דעם פאָרוואָרט צו זײַן אייגנאַרטיק ביכעלע „ליבליכה תפילה אודר גרעפטיגה אַרטצינייא פאַר גוף און נשמה" (פירט, 1709) איז צו זען, אַז ער איז זייער פרי געבליבן א יאָסעם און האָט זײַן גאַנץ לעבן געליטן פון „דאַלעס, צאָרעס און ווידערוועדיקײַט". א טרייסט אין זײַן שווער לעבן האָט ער געפונען נאָר אין די „ליבליכה ספרים אין דעם מוטער־לשון".

דער נאָמען פון דעם בוך גיט ניט געניי איבער זײַן עמעסן כאַראַקטער. ניט קיין טפילעס אין געוויינלעכן זין פון וואָרט האָבן מיר דאָ, נאָר פאַרביטערטע מאָנאָלאָגן „פון איין לאַנטעך־מאַן דער קיין למדן איז", „פון איין משרת" אָדער „פון איין אָרעם פילצל", פאַר וועלכע אַרן פון הערגערסהויזן האָט געוואָלט ברענגען א „קרעפטיקע אַרטצנײַ פאַר גוף און נעשאָמע".

פון ריין ליטעראַריש־עסטעטישן שטאַנדפּונקט האָט דער בוך א קנאַפּן ווערט. מיר זײַנען אָבער מויכל דעם אַוטאָר זײַן קינסטלערישע אומבאַהאָלפנקײַט און באַוווּנדערן דעם טיף עטישן געפיל און די גרויסע מיסיע, וואָס ער האָט אָף זיך גענומען: העלפן דעם מענטשן.

ער טרעט אַרויס פאַר א ראַדיקאַלער רעפאָרם אין דער דערציִונג פון יונגן דאָר. דעם קינדס האַרץ, דערקלערט ער אין פאָרוואָרט, איז ווי א נײַ נאָך ניט באַשריבן בוך. אויב מע וועט אין אים אָנשרײַבן גוטע און קלוגע זאַכן, אין א קלאָרער און פאַרשטענדלעכער שפּראַך, וועט אויסוואַקסן א גוטער מענטש. „דרום, — מאַכט ער דעם אויספיר, — זאָל מען מיט דעם קינד לערנען אין דעם מוטער־לשון".

און קעדיי אויפצוהייבן דאָס כשיוועס פון דעם מוטער־לאָשן, האָט ער זײַן בוך אָפּגעדרוקט אין דעם שריפט, מיט וועלכן מע פלעגט דעמלט דרוקן נאָר העברעיִשע ביכער. דאָס איז, אַגעוו, געווען דער ערשטער בוך אין ייִדיש, וואָס איז געדרוקט ניט אין דעם ווײַבער־טײַטש־שריפט. אַרן בען שמועל פון הערגערסהויזן האָט געהאָפט מיט זײַן בוך „גרויס שלום צו ברענגען". זײַן דרייסטקײַט האָט אָבער בא די טאַקיפים און שטאָלצע לאַמדאָנים אַרויסגערופן א שטאַרקן גרימצאָרן. מע האָט אים און זײַן בוך אַרײַנגעלייגט אין כיירעם. זײַן נאָמען וואָלט מיסטאַמע אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן, ווען מע זאָל צופעליק אין 1830 ניט האָבן געפונען דעם בוך אָף א בוידעם אין הערגערסהויזן.

ל. פּאָדריאַטשיק

[1] ראַביינו מוישע באַר נאַכמען (1194 — 1270) — מעדיקער, קאָמענטאַטאָר פון דער ביבל.

# ווי וואויל עס קלינגט דאָס אידישע ליד!

סעם ליפּצין

## מאַמע־לשון זאָל ניט ווערן פאַרלאָשן!

די באָבע פלעגט לייענען איר תחינה
אין פּאַרטייטשן יידיש — מאַמע־לשון.
די קינדער פלעגן נעמען אויף פּריקאָט
אַ יידיש מעשה־ביכל פאַר צוויי גראָשן.

די מאַמע האָט מיט ליבשאַפט שטענדיק געזונגען
פאַר אונדז יידישע לידער אין איר מאַמע־לשון.
אָפט אין די אוונטן פאַרוויגט אַזוי די קינדער —
ביז דאָס ליכטל האָט אליין זיך פאַרלאָשן.

אַפילו יאַנעק דער פאַטשאַליאַן, אַ קריסט מיט אַ בערדל,
אַ ריז, אַ גרויסער, זוי עוג מלך הבשן,
פלעגט איבערלייענען בריוו אין יידיש פאַר בלינדע,
געלייענט ווי אַ וואַסער — אין זאַפטיקן מאַמע־לשון.

עלי דער פורמאַן פלעגט אַפילו רעדן צו גאָט,
אין אַ יידיש אַ האַרטן, ווערטער ווי געדראָשן.
פלעגט מאָנען ביי גאָט: ברויט, קליידער און שיך —
אין דעם אמת־יידישן יידיש — אין מאַמע־לשון.

דער וואַסערטרעגער



דער שניידער





אין חדר אַריין



אויף אַ שפּאַציר



אַ

# יידיש שטעטל
אין
# האָלץ־סקולפּטור

פון

בערל סאַטט

# דער שיינער זינגער און די גאָלדענע שטייג

**אַ מעשה פאַר גרויס און קליין — פון שלמה דאַווידמאַן**

ארום דער שטאָט געפינט זיך אַ געדיכטער וואלד, לאַנגע שערענגעס פון אַלטע און יונגע ביימער ציען זיך דאָרטן. די בלעטלעך אויף די ביימער און די גראָזן אויף דער ערד זיינען דאָ אַזוי פיל און אַזוי נאָענט איינס צו אַנדערן, אַז עס קוקט אויס ווי אַ גרינער ים.

אָבער וואָס קאָן טאָן אַ וואלד? — נאָר שטיין. שטייט ער.

אַלע אינדערפרי קומט צופליען די זון, באַשפּריצט די ביימער מיט גאָלדענע שטראַלן, ווי לאַנגע גאָלדענע שפּיזלעך, און זאָגט: „גוט מאָרגן, וואלד, וואָס מאַכסטו?"

„וואָס זאָל מען מאַכן, ליבע זון, אַ גאַנצע נאַכט בין איך געשטאַנען אין קעלט און אין פינצטערניש. עס איז אוודאי אַזוי גוט, וואָס דו ביסט שוין געקומען. האָסט מיר דערוואַרעמט מיינע ביינער", — שמייכלט דער וואלד.

ווינטער זעט אויס דער וואלד ווי אַ גרויסער קאַרניוואַל. די ביימער טוען זיך אָן אין ווייסע קליידער. די צווייגן ווערן גראָבלעך און מיט אַרבל, ווי הענט. די שפּיצן פון די ביימער ווערן קיילעכדיק, ווי קעפּ. פון אויבן האַלטן אין איין פאַלן גרייפּעלעך, ווי קאָנפעטי.

אין האַרבסט יאָגן ווילדע ווינטן. זיי טראָגן מיט זיך שטויבן, שטרויען און פּאַפּירעלעך פון דער שטאָט. די ווינטן דרייען זיך און ווירבלען זיך אַמאָל אַזוי געדיכט, אַז זיי האָבן אַ פּנים ווי פאַרשטעלטע געשטאַלטן מיט ברייטע מאַנטלען, וואָס שלעפּן נאָך זיך לאַנגע שלייערס.

אַזאַ מין ווינט איז אַמאָל געקומען אין וואלד אַריין. ער האָט געשמיסן מיט בייזקייט די צווייגן און די יונגע ביימלעך. ער האָט זיך דורכגעיאָגט דורך דעם וואלד מיט קוראַזש, מיט חוצפּה, גלייך ווי ער איז באַלעבאָס איבער דער וועלט.

מיטאַמאָל האָט זיך דער ווינט אָפּגעשטעלט לעבן אַ הויכער סאָסנע. וואָס איז? — אויף דעם שפּיץ פון בוים איז געשטאַנען אַ קאַנאַריקל און געזונגען, זיך געטרייסלט און זיך געדרייט, ווי אַן אַקטיאָר.

דעם ווינט איז שטאַרק געפעלן געוואָרן דאָס געזאַנג, ס'איז נאָך שענער פון זיין פייפן און בלאָזן. און ער האָט געמיינט, אַז קיין שענערע זינגער פון אים זיינען גאָר אויף דער וועלט נישטאָ.

פרעגט דער ווינט דעם בוים: „ווער איז דער פויגל?"

צעשמייכלט זיך דער בוים, ווי אייגער רעדט: „דו קענסט אים נאָך ניט?" — און ער האָט אים דערציילט:

„דאָס קאַנאַריקל האָט אַ רויט פעדערל אויפן קעפּל, רופט מען עס „דאָס שיינע רויטע זינגערל". עס טוט אויף אַזעלכע גוטע זאַכן, אַז מענטשן און בערן מעגן זיך קומען צו דעם לערנען.

איינמאָל איז געקומען אַ מאַן מיט אַ האַק אויף דעם אַקסל און מיר געוואָלט אונטערהאַקן די זייטן. וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? — איך בין שוין אַ זקן, איך שטיי מיר שוין דאָ מיינע הונדערט־און־אַכציג יאָר, ווייל איך מיך שוין ניט רירן פון אָרט. איך בין דאָך ניט קיין יונג ביימעלע, אַ שנעקל, וואָס אַז מען דערלאַנגט עס דעם ערשטן קלאַפּ, בויגט זיך עס שוין פאַר דעם מענטשן. און מיטן צווייטן קלאַפּ קניט עס, ליגט שוין אַן אויסגעצויגנס פאַר זיינע פיס.

פּלוצים האָט דאָס שיינע זינגערל זיך צעטרעלט, זיך צעלאָזט מיט אַזאַ זיסן ניגון, אַז דער מאַן איז געבליבן שטיין מיט דער האַק אין האַנט און זיך איינגעהערט. אַזוי איז ער אָפּגעשטאַנען ביז ס'איז טונקל געוואָרן. האָט ער, דער מאַן מיט דער האַק, ווייזט אויס, זיך דערשראָקן, וואָס די זון אַנטלויפט, איז ער אויך אַנטלאָפן.

און איינמאָל זיינען אַלע קאַנאַריקלעך ארויס פון די נעסטן, זיך אויסגעשטעלט אויף מיינע צווייגן און אַזוי געפּיסטשעט, אַזוי געסווישטשעט, אַז ס'איז געווען אַ ביטערער רחמנות אויף זיי. מיינע בלעטלעך, אַ חוץ וואָס זיי זיינען ביטער, זיינען זיי דעמאָלט געווען געל און פאַרדאַרט. און זיי, די קאַנאַריקלעך, ווילן עסן. זיי זיינען אַזוי הונגעריג, אַז זיי שטאַרבן אַזש שיעור.

פון דערווייטנס, זעען זיי, טראָגט זיך אַ פערד־און־וואָגן, לויפט און פליט, ווי אַ פייל פון בויגן פון יענער'ס האַנט. גיבן זיי זיך, די קאַנאַריקלעך, אַלע אַ לאָז צום וואָגן. אַ גרויסע פרייד איז זיי באַפאַלן. זיי האָבן דערזען אַ גאַנצן באַרג מיט שטרוי אויפן וואָגן.

דער פּויער האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז די פייגל זיינען הונגעריג. ער האָט אונטערגעשמיסן מיט דער בייטש דאָס פערדל, עס זאָל לויפן שנעלער. די פייגעלעך האָבן אָבער מורא געהאַט פאַר דער בייטש. זיינען זיי אַרומגעפלויגן אַרום וואָגן און נאָר געקאָנט קוקן אויף די שטרויען.

וואָס־זשע טוט דאָס „שיינע זינגערל"? — פליט ער הענדום־פּענדום אַפריער, פאַראויס, שטעלט זיך אַוועק און צעזינגט זיך אויף זיין שטימעלע מיט אַזאַ מעלאָדיע, אַז עס הייבט אַזש אָן צו נאָגן ביים האַרצן און טרערן שטעלן זיך אַוועק אין די אויגן.

ווי נאָר דאָס פּויערל האָט דערהערט דאָס געזאַנג, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוטקעלע זיך איינהערן. דערווייל האָבן זיך די קאַנאַריקלעך אַ וואָרף געטאָן אויפן וואָגן און צעשלעפּט אפשר טויזנט שטרויען, זיך פאַרזאָרגט מיט עסן אויף עטלעכע טעג...

איך קאָן דיר דען אויסדערציילן אַלע מעשיות מיטאַמאָל — ענדיגט דער בוים דאָס דערציילן די געשיכטעס דעם בייזן ווינט — דאָס איז אַ זינגערל, איינס אין דער וועלט...!"

און דער בייזער ווינט, וואָס טראָגט זיך נאָר ארום מיט בייזע און שלעכטע געדאַנקען: ווי אַזוי צו צעשטערן אַן אָרעם שטיבל; ווי אַזוי צו דערטרינקען אַ שיפל אויפן ים, — האָט זיך געטראַכט: „אויב אַזוי, וועלן מיר שוין דעם פויגל אַוועקפירן אין דער גרויסער שטאָט אַריין!..."

רופט זיך אָן דער בייזער ווינט צום קאַנאַריקל מיט אַ געמאַכטער, פאַרשטעלטער גוטער שטימע: „דו גרויסער נאַר, וואָס דו ביסט, דו דאַרפסט זינגען אין וואלד פאַר ביימער און חיות, וואָס פאַרשטייען ניט און פילן ניט די זיסקייט פון דיין געזאַנג? — דו דאַרפסט וואַרטן אויף אַ פּויער, וואָס וועט דאָ דורכפאָרן, אויסצובעטלען ביי אים אַ שטרוי? — קום בעסער מיט מיר אין שטאָט אַריין. פאַראַן דאָרטן אַזעלכע הייזער, שטאַרקע, שטיינערנע, וואו מען לאָזט אַפילו קיין ווינט ניט אַריין. דו וועסט זינגען פאַר יענע מענטשן, וואָס וואוינען דאָרטן, וועלן זיי דיר אונטערטראָגן מילך און האָניג און ברעקלעך, וויפיל דו וועסט נאָר אַליין וועלן. מען וועט דיר אויסבויען אַ שטיבעלע, ניט ווי דיינע, פון שטרויעלעך און ערד, נאָר פון גאָלדענע דראָטן. קום, קאַנאַריקל, אין דער גרויסער שטאָט אַריין!..."

און דאָס רויטע קאַנאַריקל, דאָס שיינע זינגערל, האָט זיך געלאָזט איבערערעדן און איז אַוועק מיטן בייזן אין שטאָט אַריין...

איז עס געזעסן, דאָס שיינע זינגערל, אין אַ שטייגל און געזונגען. עסן האָט עס געקראָגן פון די בעסטע זאַכן. נאָר אַמאָל האָט עס געוואָלט ארויספליען, — האָט עס ניט געקאָנט. די מענטשן האָבן פאַרשלאָסן דאָס גאָלדענע שטייגל מיט אַ גאָלדן שלעסעלע. האָט דאָס שיינע זינגערל געוואָלט זען דעם הימל, האָט עס ניט געקאָנט, ווייל די מענטשן האָבן פאַרשטעלט דעם הימל מיט אַ סטעליע.

ווען דאָס קאַנאַריקל האָט געגעסן, איז דאָס געווען צופרידן פון דער גרויסער שטאָט, פון דעם הויז, פון דער

גאָלדענער שטייג, פון די מענטשן, — אָבער ווען דאָס זינגערל האָט געוואָלט זיין פריי און נים געקאָנט ארויס פון דער שטייג צו זען די ליכטיגע וועלט, האָט עס אַזוי געטרויערט און אַזוי געבענקט, אַז ס׳האָט זיך געגלוסט וויינען.

אָבער יענע מענטשן, פון דעם שטיר־נערנעם הויז, וואו קיין ווינטל קומט אפילו נים אריין, האָבן נים פאַרשטאַ־נען דאָס געזאַנג פון דעם קאַנאַריקל. זיי האָבן געמיינט, אַז אַ פויגל מוז שטענדיג זינגען טרויעריג.

איינמאָל האָט אויסגעבראָכן אַ פייער אין דעם הויז. גרויסע פלאַמען האָבן אַלץ ארומגעכאַפּט. אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען. דאָס גאָל־דענע שטייגל איז אַראָפּגעפאַלן און זיך צעבראָכן. איז דאָס קאַנאַריקל ארויס און זיך געלאָזט פליען. האָט עס אַ פלאַם פון פייער, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ צונג, עס געגעבן אַ לעק פונקט לעבן רויטן פעדערל. האָט זיך דאָס קאַנאַריקל אָפּגעבריט און אוועקגעפליוגן מיט אַ וויי־געשריי.

ווען דאָס קאַנאַריקל איז געקומען צופליען צוריק אין וואַלד אריין, האָט עס זיך שטאַרק דערפרייט. עס האָט זיך אָנגעהויבן גריסן מיט די שוועס־טערלעך און ברידערלעך און אַלטע פריינט. די פייגל האָבן אָבער געקוקט אויפן זינגערל, ווי אויף אַ פרעמדן. קיינער האָט זיך נים צוגעהערט צו די לידער, וואָס עס האָט אָנגעהויבן זינ־גען. עס זיינען שוין געווען נייע זינ־גער אויף זיין אָרט.

האָט דאָס קאַנאַריקל געוואָלט וויסן, פאַרוואָס מען דערקענט עס נים. האָט עס זיך אוועקגעלאָזט צו אַ נאָענטן טייך און זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם וואַסער. איז דאָס אַזש פאַרציטערט געוואָרן: עס האָט דערזען, אַז עס האָט שוין נים דאָס רויטע פעדערל אויף זיך! . . .

איז דאָס באַרימטע שיינע זינ־גערל, וואָס האָט געוואוינט אין אַ גאָלדענער שטייג, געוואָרן זייער טרויעריג. עס האָט זיך געוואַשן אין טייך אַ גאַנצן טאָג, עס האָט זיך גע־וואַרעמט אַנטקעגן דער זון. עס האָט געמיינט, אַז עס וועט צוריק קריגן דאָס שיינע פעדערל מיטן שיינעם נאָמען. אָבער מער האָט עס שוין קיין רויט פעדערל נים באַקומען! . . .



פרילינג:

שייע ברײנשטײן




פון אַ בריוו צו ש. דאַווידמאַן:

. . . און נאָכאַמאָל אַ שיינעם און אַ גרויסן דאַנק פֿאַר די צוגעשיקטע שריפֿטן. איך מיט מיין זון לייענען און קוויקן זיך. איבערהויפּט מיט אייערע קינדערלעך פֿון „באַנגעלאַ נומער 25".

כאַווערישׁ, פיבי רעי (פאָוסט).

24-טן יאַנואַר, 1939.

# ייִדיש פון אברהם ליעסין

אברהם ליעסין (אברהם וואַלט), געבוירן דעם 19טן מאַי, 1872, געשטאָרבן דעם 5טן נאָוועמבער, 1938. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „די צוקונפט“ פון 1913 ביז זיין טויט.

אין זיינע לידער און היסטאָרישע פּאָעמעס האָט א. ליעסין, מער ווי ווער עס איז אין דער יידישער דיכטונג, פּאַראייביקט די דורותדיקע מאַרטיראָלאָגיע פון פאָלק. גלייכצייטיק האָט ער באַזונגען די נייע העלדן פון קאַמף פאַר סאָציאַליזם — יידישע און ניט־יידישע.

אין שלאָפלאָזע נעכט פלעגט זי קומען
צו מיר אין איר ליבער גענאָד.
פון וואַנען זי האָט זיך גענומען —
דאָס איז שוין פאַרבליבן איר סוד.
זי פלעגט אין פאַרטאָגן אין שטילע
מיט ציטער מיט צאַרטן אַריין —
אַ פליסטער פון עפּעס אַ תפילה,
אַ שימער פון עפּעס אַ שיין.
און אויפלויכטן פלעגן מיר אויגן
מיט ווייכן, פאַרטרוילעכן ליכט ;
אַ האַנט אויף מיין קאָפּ פלעגט זיך לייגן
און קילן דעם פלאַם פון געזיכט.
פלעגט ווייס אַזוי ווערן אין צימער
און גרינג פון איר וואונדער־באַריר,
ווען ווייס פלעגן געבן אַ שימער
צוויי פליגלען פון הינטן ביי איר.
און פול מיט מעלאָדישקייט גוטער,
פלעגט האַרציק זיך הערן איר קול,
אַזוי ווי דער קול פון מיין מוטער
ביים טייטש־חומש שבת אַמאָל :

„איך קום ניט צו דיר פון גאָטס־וואָרט אַ באַשטראַלטע,
אַזוי ווי מיין שוועסטער פלעגט קומען אַמאָל —
פאַרהייליקט פון צייטן פון גרויסע, פון אַלטע,
מיט בליצן און דונערן־אָפּקלאַנג אין קול.

„איך קום ניט, ווי זי, פון אַ זוניקער הויכקייט,
אין הימל אין בלויסטן זיך שפּיגלענדיק ריין ;
איך האָב ניט פון היגלען פון גרינע די ווייכקייט,
פון פעלזן־בערג שטאָלצע — דעם וויסט־ווילדן חן.

„איך קום צו דיר, קינד מיין, פון גלותן שטומע,
פון געטאָס פאַרפאַקטע, פאַרהאַקטע אין קלעם ;
איך האָב נאָר די חנען פון תחינות פון פרומע,
איך האָב נאָר די שיינקייט פון קידוש השם.

„און טראָג איך אין זיך ניט די בליצן, וואָס בלענדן,
דעם פלאַמיקן זון־וואָרט, וואָס וואונדער באַווייזט,
טאָ האָב איך דעם שימער פון שטערן־לעגענדן,
די ליבע לבנה־באַלויכטונג פון גייסט.

„פון וואָרמס, פון מיינץ און פון שפּייער,
דורך פּראָג און לובלין, ביז אָדעס,
האָט אַלץ זיך געצויגן אין פייער,
האָט אַלץ זיך געצויגן אין נס.

האָט שטענדיק דער בלוט־פיינט געהויערט, —
געלויערט פיל־אויגיק דער טויט —
אָט דאָרט האָב איך, וויסט און פאַרטרויערט,
די עלטערן דיינע באַגלייט.

„איך בין מיט זיי הונדערטער יאָרן
געגאַנגען דורך יעדער געפאַר,
און איינגעזאַפּט האָב איך דעם צאָרן,
און איינגעזאַפּט האָב איך דעם צער.
און אויסגעשמידט האָב איך דורך דורות
דעם וואונדער פון ווילן און וויי,
צו לעבן פאַר הייליקע תורות
און שטאַרבן מיט פעסטקייט פאַר זיי.
און אויב נאָר די קדושה די ריינע
שיינט אָפּ פון ענויים און פיין,
טאָ בין איך דיר, קינד מיין, די איינע,
טאָ בין איך די הייליקסטע דיין.

„און האָט ניט גאָטס־כבוד געטאָן פאַר מיר ווייהען,
קיין זעאונג פון נביא אין מיר ניט געגליט, —
דערפאַר איז מיר פרעמד אויך די זינד־גלוט פון כהן,
וואָס האָט זיך אין שאַנד פאַרן בעל געקניט.

„און אויב מיר איז פרעמד די אַנטציקונג פון זיגער,
וואָס האָט די געשיכטע מיט שטראַלן געוועבט,



אברהם ליעסין

טאָ פרעמד איז מיר אויך די אכזריות פון קריגער,
וואָס האָט אויף פאַרבלוטיקטע שווערדן געלעבט.

„איך האָב ניט געהאַט די טיטאַנען, וואָס גלאַנצן,
ווי איינזאַמע שניי־בערג, אין הימל אַריין;
געוועזן איז שוין אָבער די אומה אין גאַנצן
געלייטערט אין אומגליק, געהייליקט אין פּיין.
„און אויפנעמען פלעג איך די בלוטן און טרערן,
און אויפנעמען פלעג איך דעם ווייטיק־געשריי,
און הייליקער ווערן, וואָס מער איך פלעג הערן
פון שטאַרבנדע קדושים דעם לעצטן אוי־וויי.

„איך האָב שוין צום קינד אין די וויגן
פון תורה געזונגען אַ ליד;
דערנאָך האָט געקלונגען דער ניגון
אַ לעבן־לאַנג אים אין געמיט.
איך פלעג זיך אין הערצער צעשטראַלן
ביים אַלשיך פון זאָגער אין שול;
ביים מגיד אין וואָרט פלעג איך שאַלן
מיט גבורה מיט זאַפטיקער פול.
איך האָב מיט געבעטן מיט הייסע
די יידישע מוטערס באַגלייט;
מאַרטירערינס שטילע און גרויסע
אין הייליקייט האָב איך געגרייט.
איך האָב מיט דער צאינה וראינה
דורך פינצטערסטער נויט זיי געפירט,
און ליבלעך די העלדן־טאַט יענע,
וואָס הייסט ביי זיי לעבן, געצירט.
און איינגעהיט איז פאַר דער אומה
געבליבן אַן אוצר אין מיר:
די פאָלקס־זעל — אַ פרישע, אַ פרומע,
אַן אוצר אָן ערך און שיעור.

„און ווייטער, מיין קינד, צי די לערע פון דורות,
אפילו וועט אויך אין פאַרענדערטן שיין —
צו לעבן און שטאַרבן פאַר הייליקע תורות,
אַ האַרטנעקיק פאָלק פון מאַרטירער צו זיין.

„און זוכסטו מיט שיינקייט די געטאָס באַהעלן,
טאָ ווייס, אַז קיין שיינקייט איז ניט אַזוי שיין,
ווי אָפּטמאָל די שיינקייט פון מענטשלעכע זעלן,
ווי שטענדיק די שיינקייט פון פאָלקס־זעל אַליין.

„און זוך זי אין מיר, אָט די שיינקייט די שטילע,
און שרעק זיך ניט טאָמער־וועט וועל איך פאַרגיין:
וועט אייביק דען לעבן די אומה אַפילו?
וועט אייביק דען לעבן דאָס לעבן אַליין?

„און כל זמן איך בין דיר, מיין קינד, אַזוי טייער,
און כל זמן מיר זיינען צוזאַמען נאָך דאָ,
און כל זמן עס ברענט אין דיין בלוט נאָך דאָס פייער,
ניט לאָז זי פאַרביי, די באַגייסטערטע שעה".

זי פלעגט אַזוי ריידן. און ווערן
פלעגט אַלץ פון אַ ליבשאַפט באַהעלט;
איך פלעג אין דעם רוף אירן הערן
דעם רופנדן צער פון דער וועלט.
פלעגט דאַן אין באַגינען אין שטילן
געהויבענעם עפעס געשען,
און דורכגעלויכטן פלעג איך זיך פילן
און וואונדער פאַרהוילענע זען.
און לויטער, אין דורכלויכט אין ווייטן,
פלעגט אויפגיין פאַר איר מיין געזאַנג;
דאָס צייטיקע וואָרט פלעגט זיך רייסן
און פאַלן, אַ קלאַנג נאָך אַ קלאַנג.
און אויסברעכן פלעגן מיר טרערן
פון ליבענדער, שאַפנדער פרייד,
און וויינענדיק פלעג איך איר שווערן
אַ רינג צו פאַרבלייבן אין קייט —
צו ציען אַלץ ווייטער דורך דורות
דעם וואונדער פון ווילן און וויי,
צו לעבן פאַר הייליקע תורות
און שטאַרבן מיט פעסטקייט פאַר זיי.

ניו יאָרק, 1922.




# מע קען זיך טרינקען אין א לעפל וואַסער



פון ש. דאַווידמאַן



כײַקעלע באָדט זיך אין אַ וואַנע. זי איז נאָך אַ קלײנ מײדעלע, האָט זי זיך ליב צו פּליוסקען אין וואַסער. זי שווימט פון ברעג צו ברעג, ווי אין אַ טײַך, אין יאַם. דאָס קלײנע באָלעכל, וואָס שווימט אַרום, איז איר שיפעלע. איר שיפעלע שווימט אַרום איבער דער גאַנצער וועלט.

דער פאָטער שטײט לעבן איר. ער האָט זי גוט אַרומגעזײפט און רײן אַרומגעוואַשן. און אָט שטעלט זיך כײַקעלע אויף. דער פאָטער וועט זי באַלד אַרומוויקלען מיט אַ גרויסן האַנטוך. כײַקעלע וועט קוקן אין שפּיגעלע און וועט זיך זאָגן, אַז זי איז שוין אַ באָבע.

נאָר פּלוצלונג גיט סראָליק, איר ברודער, וואָס איז עלטער פון כײַקעלען מיט פינף יאָר, אַ גרויסן קוויטש אין דער טיר פון וואַש-צימער. כײַקעלע האָט זיך דערשראָקן, זיך אויסגעגליטשט אין וואַנע און אַרײַנגעפאַלן מיט אַ פּליאַסק. דער פאָטער האָט זיך דערשראָקן. ער האָט נאָר געמײנט, אַז כײַקעלע איז דערטרונקען געוואָרן. האָט ער זיך אַ שטאַרקן שנעלן בויג געטאָן און אַרויסגעשלעפּט כײַקעלען פון דער וואַנע.

און אַז ער האָט זי שוין אַרויסגעשלעפּט, האָט ער דערלאַנגט אַזאַ שטאַרקן קרעכץ און זיך ניט געקענט אויסגלײַכן. ער האָט עפּעס מיטאַמאָל דערפילט, אַז דאָרטן־אַ, פונקט אין מיטן רוקן, האָט זיך עפּעס, ווי אי־דאַרטן־אַ, בערגעבראָכן, און ער קען זיך ניט רירן פון אָרט.

ס'איז געוואָרן אַ טומל אין הויז. מע האָט קוים דעם פאָטער צוגעפירט צום בעט און גלײַך געלאָפן נאָכן דאָקטער. סראָליק איז געוואָרן זײער בלאַס. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן פאָטערס בעט און שיר, שיר, האָט ער זיך געוואָלט צעווײנען.

כײַקעלען האָט שוין אָנגעטאָן די מומע פרומע. און אָט זיצט זי אויך לעבן פאָטער און קוקט אַף אים, ווי ער קרעכצט און האַלט זיך באַ דער זײַט.

און אָט האָט דער אָנקל סעם געבראַכט צעפירן דעם דאָקטער. דער דאָקטער האָט צעעפנט זײַן קעסטל מיט אינטסרומענטן, מאַשינדעלעך און שוואַרצע קישקעלעך. ער האָט זיך גלײַך פאַרשטעקט די אויערן מיט די קישקעלעך און זיך צוגעהערט, וואָס סע טוט זיך אין טאַטנס האַרץ, אין די פּלײצעס, אין אַלע זײַטן, ווי מע הערט זיך צו צו אַ זײגער, וואָס איז ערשט געגאַנגען אַזוי גוט און מיטאַמאָל האָט ער אָנגעהויבן צו כריפּען הײזעריקלעך און קלאַפּן שטיל.

און אַז דער דאָקטער האָט דעם פאָטער איבערגעדרײט אַף אַלע זײַטן, האָט ער זיך צעשמײכלט און געזאָגט, אַז „ער וועט זיכער בלײַבן לעבן". אַלע האָבן זיך צעשמײכלט און דער פאָטער און סראָליק אויך.

נאָר וואָס דען, האָט ער געזאָגט, דער דאָקטער, מע וועט דאַרפן אָנטאָן דעם טאַטן אַ קאָרסעט, ווי אַ לײדי. און ער האָט גענומען ווײַסע פאַסן מאַרליע און זײ געוויקלט און געוויקלט אַזוי שטאַרק אַרום טאַטן, אַז די בײנער האָבן אַזש געקנאַקט. דערנאָך האָט ער גענומען פּלאַסטערס און זײ צוגעקלעפּט.

דערנאָך האָט ער פאַרמאַכט זײַן רענצעלע, דער דאָקטער, און געזאָגט:

„איר וועט שוין אַזוי מוזן זײַן אין דער הײם עטלעכע טעג, אַרבעטן קענט איר ניט גײן. נאָר, זאָרגט זיך ניט, לעבן וועט איר בלײַבן!"

און ער איז אַוועק.

און אַז דער דאָקטער איז אַוועק, האָט סראָליק זיך געפילט שטאַרק שולדיק און ניט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו פאַרענטפערן. ער האָט געזאָגט:

— און איך האָב בלויז געוואָלט מאַכן אַ שפּאַס מיט כײַקעלען!

האָט דער פאָטער אים דערצײלט:

— ווען איך בין געוועזן אין דײַנע יאָרן, האָט זיך מיט מיר געטראָפן פונקט אַזאַ מײַסע: ס'איז געוועזן פונקט אַ טאָג פאַר פּײסעך. ווערלוול, דער וואַסער־פירער, האָט געבראַכט צוטראָגן פולע קאַנען מיט וואַסער און אַרײַנגעגאָסן אין אַ גרויסער פאַס אַרײַן. ער האָט אַזוי לאַנג געטראָגן און אַרײַנגעגאָסן, ביז ס'איז געוואָרן פול, מיט אַן אויג, ווײַל באַ אונדז איז נאָך דעמאָלט ניט געוועזן קײַן סינק מיט קראַנען, ווי דאָ, אין אַמעריקע, דו גיסט אַ דרײ און סע גײט וואַסער. דאָרטן האָט מען געבראַכט וואַסער פון דעם דניעסטער־טײַך.

דער פאַס וואַסער האָט געדאַרפט זײַן אַף אַלע טעג פּײסעך. דאָס וואַסער האָט געדאַרפט זײַן רײן. און דערפאַר האָט מיר דער טאַטע אָנגעזאָגט: „זונעלע, איך בעט דיך, זאָלסט ניט גײן צום פאַס מיט וואַסער, קענסט נאָך אַרײַנפאַלן און דערטרונקען ווערן!"

און איך האָב טאַקע באַ זיך געטראַכט, אַז איך וועל ניט גײן צום פאַס. נאָר אַזוי ווי איך בין געזעסן מיט מײַן פרײַנט פישלען און מיטן שאָכנס הינטל זשוליקל אַף די קלעצער האָלץ, וואָס זײַנען געלעגן לעבן פאַס, איז



(דער שרײַבער און זײַן שוועסטער גיטל אַלס קינדער.)



ערשטע פרוי פון י. דאַווידמאַן
ביענקע רול - דאַווידמאַן.
סראָליק און בײקעלע.
(געב. 1939. בראָנקס)

מײַן שוועסטער צוגעקומען, דײַן מומע פרומע, און געזאָגט: „זע נאָר, ס'איז פול, ווי אַן אויג און ריין, ווי אַ שפּיגל!" און זי איז זיך אַוועקגעגאַנגען.

אַז מיר האָבן דערהערט, אַז דאָס וואַסער איז „ריין, ווי אַ שפּיגל", האָבן מיר זיך נאָר געוואָלט אָנשפּיגלען. האָבן מיר, איך און פישל, זיך אויפגעשטעלט אַף די קלעצער; זיך אָנגעהאַלטן אָן פּאַס, ניט צו פאַלן. אַז זשוליקל האָט דערזען, אַז מיר שטעלן זיך אויף, האָט ער זיך אויך אויפגעשטעלט.

און אַזוי ווי מיר האָבן זיך געוואָלט אַריבערבייגן און זיך „אָנשפּיגלען", האָבן זיך די קלעצער אָנגעהויבן צו קײַקלען, מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן און מאַכן געוואַלדן. זשוליקל האָט געזען, אַז ס'איז שלעכט זיך צו קײַקלען, האָט ער גלײַך געגעבן איין שפּרונג און איז גלײַך אַרײַן אין פּאַס וואַסער אַרײַן. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו פּליוסקען און קוויטשען און זיך טרינקען. אַף די געוואַלדן האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפלויפן אַלע שכנים, די שוועסטער זײַנען אַרויס און אָנגעהויבן צו קוויטשען. די מאַמע האָט געבראָכן מיט די הענט. נאָר דער טאַטע, דײַן זיידע, האָט גאָרניט גערעדט, נאָר ער איז גלײַך אַרויס און זיך אַ וואָרף געטאָן איבערן פּאַס און אַרויסגעשלעפּט . . . גאָר דאָס הינטעלע זשוליקל. אַלע האָבן זיך צעלאַכט. זיי האָבן נאָר געמיינט, אַז איך בין געלעגן אין פּאַס.

מיך מיט פישלען האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון צווישן די קלעצער און אַלצדינג וואָלט זיך אויסגעלאָזט גוט, נאָר דער טאַטע, דײַן זיידע, וויל אַרײַנגיין צוריק אין הויז אַרײַן, קען ער ניט. ער שטייט, ווי אַן איבערגעבראָכענער אַף צוויי. אַלע האָבן אויפגעהערט צו לאַכן. מע האָט דעם טאַטן אַרײַנגעפירט אין הויז אַרײַן. מע האָט אים אַרײַנגעלייגט אין בעט אַרײַן. מע האָט גערופן דעם רויפע, פעלדשער. דער רויפע האָט אים געמאַכט אַזאַ קאָרסעט, ווי דער דאָקטער האָט מיר געמאַכט. „הערשל דער פּראָפעסאָר", אַזוי האָט מען גערופן דעם פעלדשער אין שטעטל. ער האָט געזאָגט, אַז אַ גאַנצן פּייסעך וועט דער טאַטע מוזן ליגן אין בעט. ער וועט ניט קענען גיין אין שול אַרײַן דאַווענען. ער וועט ניט קענען פּראַווען קײַן סיידער. איך בין געזעסן לעבן מײַן טאַטנס בעט און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון מײַנע אויגן.

אַז דער טאַטע האָט געזען, אַז איך בין אַזאַ טרויעריקער, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז סע טוט מיר באַנג, וואָס איך האָב דאָ אָפּגעטאָן, איידער דער פּייסעך איז נאָך אָנגעקומען, איז שוין געוואָרן אַ פאַרשטערטער פּייסעך. האָט ער מיר בלויז געזאָגט:

— מיט וואַסער דאַרף מען זײַן זייער פאָרזיכטיק. מיט וואַסער טאָר מען זיך ניט שפּילן. פאַר וואַסער דאַרף מען זיך היטן, נאָך מער, ווי פאַר פײַער. פײַער קען מען לעשן מיט וואַסער, נאָר וואַסער קען מען ניט פאַרברענען. דו ווייסט דאָך, אַז די וועלט זאָגט אַ סאַך ווערטלעך וועגן וואַסער: „דער גרעסטער שווימער ווערט דערטרונקען!" און, „אַ מענטש קען זיך טרינקען אין אַ לעפל וואַסער!" . . .

סראָליק האָט זיך צעשמייכלט:

— איך פאַרשטיי שוין, דעד, איך וועל עס געדענקען: „אַ מענטש קען זיך טרינקען אין אַ לעפל וואַסער!"

געדרוקט: „אָרדן-טריבונע", מערץ, 1940.

ל. מילער

# יידיש

(פּאָעמע)

די מאַמע האָט געבאַקן ברויט פאַרן הויזגעזינד
און קוילישן אויף שבת.
נאָך ערב־שבתדיקן קידוש
האָט דער טאַטע ווי פאַרחידושט
באַטראַכט די חלות, פיש און כריין
און ווי צו זיך אַליין
אַ זאָג געטאָן: „הו־וואַ, אַ טיש,
קיין עין־הרע גאָר נגידיש!"
האָט דער מאַמעס מידער פּנים זיך פאַררויטלט
און געשיקט האָט זי אַ לויב, אַ דאַנק
זיין „ליבן־גאָמען",
אין איר פרומען, מאַמעדיקן יידיש.

„צאינה־וראינה", אין שבת באַטאָגן,
די מאַמע אינמיטן — מיר קינדער אַרום איר.
צעשטראַלט און צעלויכטן איר פּנים דער פרומער.
דאָס קול אירס, דאָס שטילע, עס האָט זיך געביטן
אויף זינג־זאַנג און „זאָגן",
האַלב לייענען, האַלב וויינען — אַ תפילה.
מיר שלינגען די טרערן און הערן:
יוסף הצדיק דערקענט זיינע ברידער. —
ס׳איז משה רבינו געקומען זיך קלאָגן,
אַז ער איז געצוואונגען מיטן לעבן זיך שיידן — —
אָט זיצט שוין יהושע און לערנט מיט יידן די תורה
און משה רבינו שטייט אָן אַ זייט, אַ פאַרשעמטער — —
מיר זיצן און הערן מיט הערצער פאַרקלעמטע,
מיר הערן און גאַפן:

די „הייליקע אבות",
וואָס ריידן אין חומש „בלשון הקודש" —
צו מאַמען דאָך ריידן זיי — אידיש...

יידיש!
מאַמעס שבת־יום־טובדיקע פרייד,
איר שטאָלץ און דערהויבונג.
די צונג פון פּראַצע־מענטש;
די מוסקולדיקע, קערנדיקע רייד פון משא־טרעגער, —
ער שלעפּט דעם פּאַק, ס׳איז שווער,
אַן אָרעמער דער לוין —
טוט ער אַ וואָרף די לאַסט מיט האַס
און שיקט אַ קללה וואו מען דאַרף
אין יידיש...

עס רעדט די מי, וואָס אַרבעט שעהן־לאַנג און שווער.
די נאָדל שטעפּט און רעדט ביז שפּעטער נאַכט;
עס רעדט די שער.
דעם שוסטערס אָל, אין לעדער שטעכט,
דער שינדלער לאַטעט אויס די לעכער אינעם דאַך;
דער בלעכער האַמערט כלים אויס פון בלעך.
אָט שטייט אַ ייד — דער שמיד,
ער שטאָלט פון אייזן, רויט צעגליט,
דעם שטעטלס ליד פון האָפענונג און קראַפט.
מאָדיסטקעס און געזעלן זינגען לידער
פון דער „רויטער פאָן" און „שוועסטער און ברידער";
דער מלמד לערנט מיט די קינדער חומש
און טייטשט אויף יידיש.
דער בעל־עגלה, אויף דער קעלניע פון דער בויד,
פייפט אויס אַ יידיש ליד
און פאַרענדיקט מיטן קנאַל פון בייטש, —

און ביים גביר אין הויז,
וואו אַלע ריידן נאָר „פראַנצויז",
צו דער דינסט, דער „מויד" —
רעדט מען יידיש...

יידיש —
דורך הונדערטער דורות פון וואָגל און וואַנדער
פון איין לאַנד אין אַנדערן.
פון ווייכסל ביזקל ירדן,
ביזן קעסלגאַרדן פון דער „נייער וועלט" —
געזונגען אין שוויס־שאַפּ, ביים רויש פון מאַשינען:
„ביט זוך מיך דאָרט, וואו מירטן גרינען".
אין סטרייק אויף פּיקעט־ליין
און ערשטן מאַי פּאַראַדן;
פון פאָנען און פּלאַקאַטן
און קאָלירנדיקע בענדער —
אין יידיש גערופן:
„אַרבעטער פון אַלע לענדער
פאַראייניקט אייך!"

יידיש — אונדזער גרויס וואונדער!
אויף זאַפטן פון לעבן פון ערלעכן, פּראָסטן
גענערט זיך.
קעגן שנאה — אייגענער און פרעמדע,
קעגן שפּאָט און פאַראַכטונג — געוועהרט זיך.
מיט יחוסדיקע שפּראַכן זיך פאַרמאָסטן.
דורך גאַז־אויוון פלאַמען
דעם פּרואוו אויסגעהאַלטן;

מיט ברכות צו בענטשן דעם מענטשן,
מיט קללות פאַר יענעם וואָס דאַרף זיין פאַרשאָלטן.
מיט רייכע ירושות פון עבר,
פון העלד און דעם גאון —
ירושות פון יענע וואָס שאַפן, וואָס טוען
און רופן צום לעבן;
ירושות בר־כוכבא, ביז צייט פון הירש לעקערט,
פון הירש לעקערט ביז הירש גליק, —
פון דורות און דורות צוריק
ביזן איצטיקן דור
פון ערלעכע שאַפער און מוטיקע קעמפער
אין כאָר מיט די פעלקער.
אונדזער געזאַנג, אונדזער גאַנג,
אונדזערע מוטיקע טריט,
אונדזער ליד —
יידיש!



אלעקסאנדער גלוסקין

דער באַלעגאָלע



העלען בעווערלי (האָדל), איזידאָר קעשיר (מענדעלע), דוד אָפּאַטאָשו (פישקע דער קרומער).

# איציק פעפער

## יידיש

— ס׳איז א דינסט! — האָט מען געשריגן
אין דער צייט פון דער האסקאָלע.
— ס׳איז א מאלקע! — פלעגט מען שרייען.
אין די געסעלעך די שמאָלע,
אין די זאלן פון ווייטשעפל
זיצן היינט נאָך כניאָקעס מידע
און מע לאשטשעט זי, מע פעסטעט,
ווי א קראנקע באסיעכידע.

יידיש
הייסט ניט באסיעכידיש,
יידיש
הייסט ניט הוילער כידעש.
יידיש
איז א בלאסע קאלע?
יידיש
איז א שפראך, ווי אלע!

דורכגעגאנגען אלע נויטן,
ביי׳געקומען אלע טויטן!
ס׳איז דאָך ניט קיין שפראך, וואָס וואנדערט

פון כיסלאוויטש קיין ליובאוויטש,
יידיש כאוועט זיך מיט סלאוויש,
יידיש
קלינגט א ביסל אנדערש,
און מיט אלע האָריזאָנטן,
וואָס א שפראך קאָן זיך פארגינען.
יידיש
קלינגט אף אלע פראָנטן,
יידיש
נעמט באזונדערס בליצן
אין דעם אָפשיין פון רובינען
מיט די פינף צעשיינטע שפיצן.

בא דעם גרעסטן דערעכערעץ
צו דעם גרויסן שרייבער פערעץ
מוז מען דאָ מיט ווערטער קלאָרע
מאכן אויס פון זיין האשאָרע:
אנדערש גאָר זיין ליד וואָלט קלינגען,
ווען ער זאָל ניט יידיש זינגען...

און דער ערשטער האָט דאָך מאָניש
זיך געשטעלט קעגן זיין רעבן...

אָט די שפראך איז אונדז געגעבן
ניט צו פלוידערן זשארגאָניש
אין פארשטויבטע געטאָ־ערטער...
מיר פארגעסן שוין די ווערטער:
עפשער, העפקער, בלאָנקען, טאָמער,
ווי די מייסעס פון בלאָשטיינען,
ווי די ווערק פון אלטן שאָמער...

יידיש שמעקט מיט פרוכט מיט רייפער,
יידיש שמעקט מיט פויסט מיט שטייפער,
ס׳האָט די שפראך א דאך א גרויסן
און א פרעכטיקן אינדרויסן,
ווי א גלייכע צווישן גלייכע,
גיט זי קיינעם זיך ניט אונטער:
ווי א רייכע צווישן רייכע,
קלינגט זי יאָמטעוודיק און מונטער.

ס׳קלינגט „לעכאיִם״ ווי „וויטאיעם״,
ווי, לעמאָשל, „פאָזדראווליאיעם״,
ס׳ווערן קארגער קלאָלעס, טיינעס,
און ווי היימיש ווערטער זיינען,
ווי די שענסטע מעכוטאָנים:
מאָסקווע, קרעמל, רויטע פאָנען,
און אפילע אינדערוואָכן
הערט ניט אוף צו קלינגען היימיש
דאָס דערהויבן וואָרט: ניצאָכן...

יידיש
הייסט ניט באסיעכידיש,
יידיש
הייסט ניט הוילער כידעש,
יידיש
האָט אין אש אויך פייער,
און דערפאר איז עס אונדז טייער!

1948



גאָרשמאַן

טענץ (אָווטאָליטאָגראַפיע)

שלמה דאווידמאן

# גיי אין פאלק מיט אלגינס ווארט!...

פלוצים, אזוי אומדערוואַרט פאַר אים און דער פאַמיליע, האָט ער באַשלאָסן צו ווערן אַ אידישער לערער, אַ לערער אין די אידישע קינדער־שולן.

אין די קינדער־יאָרן האָט ער גאָר קיין צופיל אידיש ניט געוואָלט לערנען. ער האָט גאָר ליב געהאַט זייער פיל זיך צו שפּילן אין גאַס. ער האָט גאָר ליב געהאַט צו לויפן און שפּרינגען און איבערקערן אַ וועלט. אַ מזיק געווען. ער האָט בכלל ניט ליב געהאַט זיך אָוועקצוזעצן און לערנען.

נאָר זיין פאָטער איז געווען אַ לערער, אַ אידישער לערער אין די קינדער־שולן. איז אים, דעם זון, אויסגעקומען מיטצופאָרן מיטן פאָטער, מיט דער מוטער, מיטן שוועסטערל, מיטן מעבל, מיט די ביכער איבער פאַרשידענע שטעט.

באַזונדערס די ביכער האָט ער שוין געהאָלפן טראָגן דעם פאָטער פון קליינוויז אָן. ער האָט באַקומען אַ מין ליבע צו דעם טאַטנס ביכער. שוין פון קינדוויז אָן האָט ער געזען זיין פאָטער זיצן און שרייבן אָדער קלאַפּן אויף אַ שרייב־מאַשינקע.

דער טאַטע האָט פאַרריכט קינדערשע קאָמפּאָזיציעס, מעשה׳לעך. דער פאָטער האָט געשריבן מעשה׳לעך פאַר קינדער. ער האָט דערציילט און געלייענט די מעשה׳לעך פאַר זיין זון. דער פאָטער איז געווען פאַר אים פון קינדוויז אָן דער לערער, דער שרייבער, די שול.

און יאָרן און יאָרן זיינען זיך געגאַנגען. און דער זון, דעם לערערס זון, איז זיך געוואַקסן. פון יעדער צייט און פון יעדער שטאָט איז עפּעס געבליבן אין די זכרונות: אין דעם קעמפּ „קינדערלאַנד" איז ער אַרומגעלאָפן אויף די גראָז, אין קינדער־גאָרטן איז ער דאָרטן געווען. אין פּאַסעיק האָט ער צעבראָכן די שויבן פון אַ שאַפע מיט ביכער. אין דעטראָיט האָט ער געשלעפּט, ביי די פיס, זיין טאַטן פון דער בינע, ווען זיין פאָטער האָט גערעדט פאַר אַ גרויסן עולם. אין פילאַדעלפיע איז ער געקראָכן אין פערמאָונט־פּאַרק און אויף די באַן־רעלסן. אין שיקאַגאָ האָט ער אַוועקגעשפּאַצירט אַ זיבן־און־פופציק בלאָקן. ער איז געווען אַ מזיק...

ער האָט אָנגעהויבן לערנען אידיש אין דער קינדער־שול נומער דריי אין שיקאַגאָ. דער פאָטער זיינער איז געווען דאָרטן דער לערער. אַ מאָדנע דערשיינונג איז דאָס געווען: דער טאַטע מיטן זון זיינען צוזאַמען געגאַנגען אין שול אַריין. האָט זיך אַמאָל געטראָפן, אַז אַ שול־טוער איז אַריינגעקומען אין מיטן לערנען פון ערשטן קלאַס. דער שול־טוער אַ ב ר ה ם האָט אויף טשיקאַוועס אַ פרעג געטאָן דעם קלאַס: „קינדער, וואָס טראַכט איר עפּעס וועגן אייער לערער, עפּעס אַ גוטער לערער? . . . "

קינדער זיינען קלוג. זיי פאַרשטייען ווי אַזוי צו ענטפערן; זיי וועלן ניט פאַרשעמען זייער לערער. אַלע האָבן געענטפערט, אַז זייער לערער איז אַ גוטער. נאָר איין אינגעלע, אַ שוואַרצינקער, האָט זיך אויפגעהויבן און געהאַלטן זיין האַנט אין דער לופטן: „וואָס ווילסטו זאָגן?" — פרעגט אים דער שול־טוער אברהם. „איך וויל זאָגן, — מאַכט דאָס אינגעלע, — אַז אונזער לערער איז דער בעסטער לערער אויף דער גאַנצער וועלט!"

אין קלאַס איז געוואָרן אַ געלעכטער. דער שול־טוער האָט זיך צעשמייכלט. ער האָט זיך אויף אַ מינוט געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט און דערנאָך ווידער געפרעגט דעם אינגעלע: „אָבער פון וואַנען ווייסטו, דו ביסט בלויז אין שול דעם ערשטן סעזאָן?"

„איך קען דעם לערער זינט איך לעב, ער איז מיין פאָטער!..."

און ווידער זיינען יאָרן און יאָרן געגאַנגען. ער איז שוין געוואָרן אַ „קעמפּער" אין קעמפּ „קינדערלאַנד". ער האָט זיך געלערנט אין אַ קינדער־שול אין די בראָנקס.

זיין מוטער איז געשטאָרבן. ער איז נאָך געווען יונג, אַרום צוועלף יאָר. נאָר ער האָט ניט געוויינט. מיטאַמאָל איז ער אויסגעוואַקסן. עפּעס איז ער אַנדערש געוואָרן. אַביסל פאַר׳חלומט. ער האָט אָנגעהויבן מאָלן בילדער.

אָבער לערנען אין סקול און אין שול האָט ער ניט געוואָלט.

ער האָט עפּעס קיין געדולד ניט געהאַט. ס׳איז אַ מאָדנע זאַך געווען מיט אים: ער האָט פאַרשטאַנען די לימודים, נאָר ער האָט ניט געוואָלט צוגרייטן די אַרבעטן. ער האָט זיך דורכגעשטופּט אין דער עלעמענטאַרער סקול און אין דער אָנפאַנג־שול; ער האָט קוים פאַרענדיקט די הײַ־סקול און די צענטראַלע מיטלשול.

ער האָט שוין געוואָלט ווערן אַ גרויסער מענטש און אַ גרויסער פאַרדינער. ער האָט שוין אָנגעהויבן „אַרומגיין" מיט מיידלעך. און ער האָט געמאָלט בילדער.

עפּעס האָט ער אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אינגלעך־קלובן אין דער נאָכבאַרשאַפט. אַזעלכע קלובן, וואָס האָבן ניט קיין גייסטיקן אינהאַלט, בלויז פאַרווייליקערישע. ספּאָרט האָט ער ליב געהאַט. די יאָרן פון איבערגאַנג פון אינגל צו דערוואַקסענעם מענטשן האָבן געבראַכט זאָרג פאַרן פאָטער, דעם לערער.

רייד און רייד, עקשנות׳דיגע ווערטער האָט דער לערער־פאָטער גערעדט צו זיין זון. אין דעם לערערס זון זיינען פאָרגעקומען גרויסע מלחמות. אָן אומרו אַ גרויסער האָט דאָרטן געהערשט. אין דעם מוח פון דעם יונגן זון האָבן מלחמה געהאַלטן: דער לערער מיט זיינע באַשיידענע פאַרדינסטן, מיט זיין באַשיידענער קליידונג און וואוינונג, מיט דער אידישער שפּראַך און פּראָגרעסיוון געדאַנק קעגן אַ מעכטיקער אַמעריקאַנישער וועלט פון פאַרוויילונג, ספּאָרט, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, צייטונגען, קלובן, ביליאַרד און וואָס ניט?!... אַ שווערע מלחמה.

און דער זון איז אַוועק איבער באַנען צו פאַרקויפן שפּייז און קאַלטע געטראַנקען צו פּאַסאַזשירן. ער האָט געוואָלט ווייזן אַז ער קען פאַרדינען. אָבער ניט דאָס האָט ער געזוכט. ער האָט עפּעס אַ נ ד ע ר ש געזוכט. ער האָט געמאָלט בילדער...

„איז אפשר ווילסטו זיין אַ קאָנסעלער אין קעמפּ „קינדערלאַנד", מיין זון?" — האָט דער לערער־פאָטער פאַר אים געשטעלט די פראַגע.

יאָ, ער איז אַוועק צו ווערן אַ קאָנסעלער. און דאָרטן, ביי דער אַרבעט אַרום קינדער, האָט ער זיך געפונען. ער איז געווען צופרידן.

פון דאָרטן איז ער שוין געקומען, אַ קאַרג־אַכצן־יאָריגער בחור, גאָר אַן אַנדערער. ער וויל שוין לערנען אויף די „העכערע קורסן", ער וויל אויפנעמען פּראָבלעמען פון אידישן לעבן און בכלל זיך לערנען.

מיט געוואַלד האָט ער דורכגעשטופּט אַ יאָר קאָלעדזש. נאָר ער וויל גאָר ניט קיין קאָלעדזש־קענטעניש, ער וויל געזעלשאַפטלעך לעבן.

נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר אַרבעט אין „קינדערלאַנד". נאָך אַ קורס און נאָך אַ קורס אויף די העכערע קורסן.

ער וועט ווערן אַ פירער צווישן דער אידישער יוגנט. ער ווערט אַ פירער אין דעם יוגנטלעכן אידיש־רעדנדיגן קלוב אויפן נאָמען פון דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם שרייבער און לערער בצלאל פרידמאַן. גוט אַזוי, טראַכט זיין טאַטע.

ער ווערט אַ מאָלער. זיינע אילוסטראַציעס ווערן גענוצט אין קלוב־זשורנאַל און אין אַנדערע אויסגאַבן. עפּעס ווערט ער אַן ע פּ ע ס.

און דער פאָטער־לערער איז צופרידן, וואָס זיין זון איז ניט פאַרלוירן געגאַנגען ערגעץ אויף דער „מין אַמעריקאַנישער" גאַס, אויף י ע נ ע ר גאַס, וואָס דערציט די זין אויף די ראָגן פון קענדי־סטאָרס און אין ביליאַרד־זאַלן . . .

נאָר, אַז ער, דער־זון, זאָל וועלן ווערן אַ אידישער לערער, אויף דעם האָט זיך קיינער ניט געריכט.

מיטאַמאָל קומט אָן אַ בריוו:

„טייערער פאָפּ!
„איך האָב געטראַכט און געטראַכט, און באַשלאָסן צו ווערן אַ אידישער לערער. אַלס שול-לערער וועל איך האָבן אַ געלעגנהייט זיך צו לערנען, מיט קינדער לערנען, זיין צווישן די מאַסן, צווישן פאָלק, דינען מיט וואָס איך קען. מיט מיין וואָרט, מיט מיין טאַט, מיט מיין פּינזל.
„וואָס איז דיין מיינונג?

„כאָטש איך בין שוין אַ כמעט-דערוואַקסענער, שוין באַלד צוואַנציג יאָר אַלט, וויל איך דאָך ניט אַוועקפאָרן פון דער היים, צו זיין אַ לערער אויף דער פּראָווינץ, אָן דיין צושטימונג און אָן דיין גוטהייסונג...
„איך וואַרט אויף דיין ענטפער.

דיין, זון.״

„קינדערלאַנד״, סעפּטעמבער, 1947.

דער פאָטער האָט געענטפערט זיין זון אַזוי:
„טייערער זון:
„איידער איך שרייב דיר אַרויס מיין מיינונג וועגן דיין ווערן אַ אידישער לערער, וויל איך דיר לאָזן וויסן, אַז עס געפעלן מיר דיינע מאָטיוון פאַרוואָס דו ווילסט ווערן אַ לערער: זיך צו לערנען, מיט די קינדער לערנען, זיין צווישן די מאַסן, צווישן פאָלק, דינען!... איך וויל דיר דאָ איבערגעבן, וואָס דער אומשטערבלעכער לערער, אונזער אַלעמענס לערער מ. אָלגין, האָט גערעדט צו די לערער. דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער, 1938. ס׳איז דעמאָלט פאָרגעקומען די צווייטע נאַציאָנאַלע לערער-קאָנפערענץ פון די אידישע קינדער-שולן.
קיינער, פאַרשטייט זיך, האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז ער רעדט דאָס לעצטע מאָל צו אַ פאַרזאַמלונג פון לערער. אין אַ יאָר אַרום האָבן מיר אים פאַרלוירן.
איך בין געווען ביי דער קאָנפערענץ און דעמאָלט איבערגעגעבן אַ באַריכט אין דער „מאָרגן-פרייהייט״, וואָס איז דערשינען מיטוואָך, דעם 14טן סעפּטעמבער:
„מיט גרויסע אָוואַציעס איז אויפגענומען געוואָרן מ. אָלגין. ער האָט באַגריסט אין נאָמען פון דער רעדאַקציע. אָלגין האָט צווישן אַנדערעס דערקלערט:
ס׳איז איבעריג צו זאָגן, אַז מיר פאָלגן נאָך מיט גרויס אינטערעס די אַרבעט פון די קינדער-שולן און די אַרבעטן פון די לערער.
אויף וויפיל מיר ווייסן, האָט איר, לערער, דורכגעמאַכט גרויסע פּרוכטבאַרע אַרבעטן אין פאַרטיפן די מעטאָדן פון לערנען מיט די קינדער פון דעם לעבן פון די אידישע פאָלקס-מאַסן.
די שולן קאָן מען איצט ניט פאַרגלייכן מיט דעם, וואָס זיי זיינען געווען צוריק מיט צוויי-דריי יאָר.
די שולן האָבן זיך אַ סך פאַרבעסערט. די לערער מאַכן איצט אַ בעסערן איינדרוק, לערער, קולטור-מענטשן, אידן, קולטור-מענטשן.
איר האָט צו פאַרצייכענען אַ זייער שיין בלאַט אין דער געשיכטע פון די שולן. איר מעגט זיין שטאָלץ מיט דער אַרבעט.
איר האָט זיך דערוואָרבן מער חשיבות דורך אייער סיסטעם פון מער אויסגעהאַלטנקייט.
מיר זיינען נאָך ניט אינגאַנצן צופרידן. ניטאָ קיין איינהייטלעכקייט ווי אַזוי צו לערנען.
מיר דאַכט זיך, אַז ס׳איז שוין געקומען די צייט, אַז מען זאָל זאָרגן, אַז זומער זאָלן מיר האָבן קורסן פאַר לערער.
עס איז אַ באַזונדערע פרייד, וואָס עס קומען צו אַמעריקאַנער-געבוירענע לערער, שרייבער, — דאָס איז דער בעסטער ענטפער די אַסימילאַטאָרן וועגן גורל פון אידיש אין לאַנד.
די שולן האָבן איצט אַן אויפגאַבע: קאַמף קעגן פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם. ניט נאָר אַ קאַמף כלפּי חוץ, נאָר אַ קאַמף פון אינעווייניג. אין די רייען פון דעם אידישן פאָלק זיינען פאַראַן אַנטי-אידן, מיר׳ן זיי רופן אַנטי-אידישיסטן, וואָס פאַר׳מיאוס׳ן אידיש ביים יונגן דור.
איצט האָט איר אַ ספּעציעלן צוועק אויף דער אידישער גאַס: הויבן די חשיבות פון דער אידישער שפּראַך און דער אידישער קולטור. אונזער אויפגאַבע איז: אַ שול דאַרף ווערן אַ צענטער, וואָס זאָל אַרויסרופן דרך-ארץ און ליבשאַפט צו אונזער שפּראַך און אונזער קולטור.
די שולן גייען אויפן וועג צו ווערן אַזעלכע צענטערס.
מיר דאַרפן ווערן „אידישע נאַראָדניקעס״, מיר דאַרפן גיין צו די מאַסן. מיר דאַרפן זיי לערנען, אַז זיי האָבן אַ רעכט צו זיין אידן.
אונזער גאַס איז פול מיט „פאַרזוערטסיזם״, ציוניזם, יאהודים-אַסימילאַציע. די אויפגאַבע פון אידישן פאָלקס-מענטש איז אויפצוקלערן, אַז דער איד האָט אַ רעכט אויף זיין בוך, זיין שרייבער, זיין לערער; ער האָט אַ רעכט צו פאָדערן אין דער רעגירונג-שול זיין שפּראַך, אין די ביבליאָטעקן — זיינע ביכער; אַ רעכט צו רעדן צו זיין קינד אויף אידיש. זיך פאַרטיידיגן — דאָס איז דער קאַמף קעגן פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם, בויען דעם דעמאָקראַטישן פראָנט...״
און איצט, מיין זון, שרייב איך דיר צו מיינע פּאָר ווערטער: אויב דו ווילסט ווערן אַ אידישער לערער און די נאַציאָנאַלע שול- און קולטור-קאָמיסיע גלויבט, אַז דו קענסט שוין זיין אַ אידישער לערער, בין איך זייער און זייער צופרידן.
איך גיב דיר מיט מיין ברכה: גיי אין פאָלק מיט אָלגינס וואָרט!...״

# כ׳האָב ליב אַלע מענטשן...

פון חנה סאַפּראַן

כ׳האָב ליב אַלע מענטשן, איך ליב אַלע קינדער,
דאָך מיין קינד איז ליבער און נעענטער פון אַלע.
מיין ליבע איז ריין, מיין ליבע אָן זינד איז —
עס זוכט ניט מיין ליבע וועמען באַ׳עוולה׳ן.

כ׳האָב ליב אַלע מענטשן, איך ליב אַלע פעלקער,
דאָך מיין פאָלק איז ליבער און נעענטער פון אַלע.
איך וועל ניט חסרונות זיינע פאַרדעקן,
נאָר שטאָלץ וועל איך זינגען זיין גרייך צו די הימלען!

כ׳האָב ליב אַלע שפּראַכן, כ׳ליב אַלע לשונות,
נאָר אידיש איז ליבער און נעענטער פון אַלע.
אין איר זינגט דער חלום און ראַנגל פון דורות —
עס זוכט ניט מיין ליבע וועמען באַ׳עוולה׳ן.



סראָליק. באַאָמי, רחל׳ע

דאַווידמאַן

# מאַטעריאַלן פון דער ייִדיש־קאָנפערענץ

# פאַרן קיום פון דער ייִדישער שפּראַך

(מאַניפעסט אַנגענומען אויף דער פאָלקס־קאָנפערענץ, דעם 1טן דעצעמבער, 1969, אין ניו־יאָרק)

אין אַ מאָמענט, וואָס פאָדערט די העכסטע אחריות צו אונדזער פאָלק און זיין קולטור, פּראָקלאַמירן מיר אונדזער פעסטן גלויבן אין דעם היינט און אין דעם מאָרגן פון דער ייִדישער שפּראַך.

צו פאַראַפראַזירן דעם מאַניפעסט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן ביים אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס מיט 32 יאָר צוריק אין פּאַריז: דאָס ייִדישע פאָלק איז ניט אָפּצוטיילן פון דער ייִדישער שפּראַך; די ייִדישע שפּראַך איז ניט אָפּצוטיילן פון דעם ייִדישן פאָלק. די אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן זיי בלייבט, אַזוי לאַנג ווי אונדזער פאָלק וועט לעבן.

די 32 יאָר זינט פּאַריז, ווי די 61 יאָר נאָך דער היסטאָרישער קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, האָבן געגעבן דעם ענטפער די טרעגער פון יאוש מיט זייערע פינצטערע נבואות, אַז ייִדיש גייט אונטער. די ברודיקע שטראָמען פון צוואַנג־אַסימילאַציע האָבן ניט פאַרשטומט אונדזער לשון אינעם מויל פון פאָלק. די וויטאַליטעט פון ייִדיש האָט גובר געווען שונאים און פאַרדאַרבער און אַרויסגעשטעלט אויף חוזק פאַלשע חשבונות און בייזע וואונטשן־געדאַנקען. דער פאַשיסטישער רוצח האָט אומגעבראַכט 6 מיליאָן ברידער און שוועסטער אונדזערע, אָבער ניט געקאָנט פאַרטיליקן די קולטור און די שפּראַך פון אונדזער פאָלק. פון אונטער די חורבות איז מאַמע־לשון ווידער אויפגעשטאַנען צום לעבן, און ווירקט און מוטיקט און אינספּירירט דעם גאַנג צו אַ וועלט פון שלום, קולטור, און סאָציאַלן יושר.

אויף ייִדיש האָט אונדזער פאָלק אויסגעווייטיקט זיין צער און אויסגעשטראַלט זיין פרייד.

אויף ייִדיש האָט אונדזער פאָלק צוגעטראָגן, און שאַפט ווייטער, אוצרות פון גייסטיקע ווערטן.

אויף ייִדיש האָט דער דיכטער־פּאַרטיזאַן הירש גליק, צווישן די פאַלנדיקע ווענט פון דער ווילנער געטאָ אויסגעשאַלט: „זאָג ניט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג!"

די ייִדישע שפּראַך גייט ניט איר לעצטן וועג.

בשעת מיר לאָזן ניט אויס פון אויג שוועריקייטן און שטרויכלונגען, אָנערקענען מיר אָבער מיט פרייד די דייטלעכע סימנים פון אַ געשטייגענעם אינטערעס צו ייִדיש ביי אונדז אין אַמעריקע. דאָס זעט זיך אין נייע, אויב אפילו נאָך שוואַכע, שפּראָצונגען צווישן ייִנגערע דורות ייִדן אין פאַרשיידענע טיילן פונעם לאַנד. זיי געשטאַלטיקן זיך אין ייִדיש־קלובן, ייִדיש־קלאַסן, ייִדיש־קאַטעדרעס אין אַ צאָל אוניווערזיטעטן — אָדער גאָר אַ ייִדישע שריפט מיט לאַטיינישע אותיות, ווי דער ערשטער שפּאַן צום ייִדישן אַלף־בית. עס בלייבט פאַר אונדז צו נערן און פלעגן אַ גינסטיקן באָדן, וואָס דאַרף ערשט צעאַקערט ווערן.

פאַר דעם צוועק האָט אונדזער קאָנפערענץ פאָרמולירט אַ פּראָגראַם, ווי אַ וועג־ווייזער צו באַלדיקע, ענערגישע מעשים.

פון די פאָרגעשלאָגענע רעקאָמענדאַציעס באַטאָנען מיר די באַזונדערע דרינגלעכקייט פון דער ווענדונג צום אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס צונויפצורופן אַ נאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר פאַר דער ייִדישער שפּראַך, ווי דאָס האָט שוין געטאָן דער ייִדישער קאָנגרעס אין קאַנאַדע. מיר האַלטן, אַז דער אַמעריקאַנער ייִדישער קאָנגרעס, ווי די ברייטסטע און רעפּרעזענטאַטיווסטע קערפּערשאַפט אין דעם אָרגאַניזירטן ייִדישן לעבן ביי אונדז אין לאַנד, איז באַרופן און מחויב דורכצופירן אַזאַ אַקציע. ס'איז אונדזער איבערצייגונג, אַז אַזאַ צוזאַמענפאָר קאָן ברענגען גוטע רעזולטאַטן לטובת דער ייִדישער שפּראַך, אויב ער וועט דורכגעפירט ווערן מיט פאַראייניקטע כוחות, און איינשליסן אַלע, אָן אויסנאַם, ריכטונגען אין ייִדישן לעבן.

איינקייט פון אַלע קאָנסטרוקטיווע עלעמענטן איז אַבסאָלוט נויטיק, כדי עס זאָל מעגלעך

ווערן צו באַוואָרענען דעם קיום פון דער יידישער שפּראַך, געווינען פאַר איר נייע פּאָזיציעס, דערווערבן פאַר איר די פולע מאָס חשיבות און אָנערקענונג אין אַלע ווירקונג־ספערן, סיי ביי אונדז אין אַמעריקע, סיי אין יידישע ישובים איבער וועלט.

ביי דער געלעגנהייט פאָדערן מיר פולשטענדיק גלייכע רעכט און גלייכע מעגלעכקייטן פאַר דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור־שעפערישקייט אין אַלע פאָרמען, און אויף אַלע געביטן, א ו מ ע ט ו ם וואו יידן לעבן, אין אַ ל ע לענדער פון דעם ערד־קיילעך.

ס'איז אַ צייט פאַר נייע מעשים, פאַר ברייטערע פאַרמעסטן. פאַר אונדז שטייט אין דער ערשטער ריי די התחייבות צו שטאַרקן די אָרגאַניזאַציעס אין אונדזער אייגענער געזעלשאַפטלעכער סביבה — דעם איקוף מיט אַלע זיינע אָפּטיילונגען, די יידישע קולטור־קלובן און סאָסייעטיס, די יידישע קינדער־שולן, דעם מוזיק־פאַרבאַנד און זיינע כאָרן, די עמאַ לאַזאַרוס פעדעראַציע און אַנדערע קערפּערשאַפטן אין דער יידישער פּראָגרעסיווער באַוועגונג. ס'איז אויך צייט צו פאַרטראַכטן זיך ערנסט, און נעמען פּראַקטישע שריט וואָס גיכער אויפצושטעלן אַ געזעלשאַפטלעכן יידישן טעאַטער ביי אונדז אין לאַנד.

אַן אַנדער אויפגאַבע וואָס מיר הייבן דאָ אַרויס איז די אַנטוויקלונג פון אַ ברייטער קאַמפּאַניע צו געווינען, דאָרט וואו עס עקזיסטירן די באַדינגונגען פאַר דעם, דעם איינפיר פון יידיש ווי אַ לימוד אין אַלע געביטן פון דעם אַמעריקאַנער דערציאונג־וועזן — אין אוניווערזיטעטן, מיטלשולן און אפילו אין עלעמענטאַר־שולן („פּאָבליק סקולס").

מיר האַלטן איצט ערב אַ היסטאָרישער דאַטע: הונדערט יאָר יידישע פּרעסע אין אַמעריקע. אין מערץ 1870 איז דערשינען די ערשטע יידישע צייטונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אָט־דער עטאַפּ דאַרף ווי געהעריק באַצייכנט ווערן, מיט די נויטיקע אויספירן. דער עיקר דאַרף מען מאָנען, אַז די גאַנצע יידישע פּרעסע זאָל באמת אָפּשפּיגלען די נויטן און שטרעבונגען פון אונדזער זעקס־מיליאָניקן ישוב; אַז זי זאָל פאָרויסטראָגן די נאָבעלע טראַדיציעס פון יענע פּיאָנערן אירע, וואָס האָבן געדינט דעם פאָלק, און זיינען געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון סאָציאַלן יושר.

איינצייטיק ווערט הונדערט יאָר זינט דעם אויפקום פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. אויך אָט־דער היסטאָרישער וועג־צייכן איז אַ מאָמענט וואָס דאַרף פייערלעך אָפּגעמערקט ווערן און דינען ווי אַ סטימול צו ווייטערדיקע אויפטוען.

פון אונדזער הייגטיקן צונויפקום שטרעקן מיר אויס אַ ברידערלעכע האַנט צו אַלע בויער פון דער יידישער קולטור, צו אַלע וואָס שטעלן זיך איין פאַרן כבוד פון אונדזער פאָלקס־לשון. לאָמיר גיין אינאיינעם פאַר שותפותדיקע צילן און דערגרייכונגען.

זאָל לעבן דאָס יידישע פאָלק!

זאָל לעבן די יידישע שפּראַך!



# קלעזמער

# אז אַ ייִנגעלע זעט אן אלעף

(פאָלקס-ליד)

אז א ייִנגעלע זעט אן אלעף, אן אלעף,
זאָג־זשע, זונעניו, ווי־אזוי־זשע מאכט עס?
— איַ, איַ!
— און נאָך אן אלעף, ווי־אזוי־זשע מאכט עס?
— א שטעקעלע.
— ווי־זשע מאכט עס אינײנעם?
— איַ, איַ, א שטעקעלע!
— געדענק־זשע, זונעניו!

אז א ייִנגעלע זעט א בייז, א בייז,
זאָג־זשע, זונעניו, ווי־אזוי־זשע מאכט עס?
— בערעלע.
— און נאָך א בייז, ווי־אזוי־זשע מאכט עס?
— באָמטשיק.
— ווי־זשע מאכט עס אינײנעם?
— בערעלע באָמטשיק,
איַ, איַ, א שטעקעלע!
— געדענק־זשע, זונעניו!

אז א ייִנגעלע זעט א גימל, א גימל,
זאָג־זשע, זונעניו, ווי־אזוי־זשע מאכט עס?
— גענדזעלע.
— און נאָך א גימל, ווי־אזוי־זשע מאכט עס?
— גאָנער.

— ווי־זשע מאכט עס אינײנעם?
— גענדזעלע גאָנער,
בערעלע באָמטשיק,
איַ, איַ א שטעקעלע,



מארק קליאנסקי

א ייִדישער מאָטיוו

קינסטלער ס. גערשאָוו



„לײַט א ביסל טינט...“ אילוסטראציע צו שאָלעם־אליכעמס „מאָטל פייסי דעם כאַזנס“.



— גדענק זשע, זונעניו!

אז א ייִנגעלע זעט א דאַלעד, א דאַלעד,
זאָג־זשע, זונעניו, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— דארער.
— און נאָך א דאַלעד, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— דראָנזשיק.
— ווי־זשע מאכט עס אינײנעם?
— דארער דראָנזשיק,
גענדזעלע גאָנער,
בערעלע באָמטשיק,
איַי, איַי, א שטעקעלע!
— גדענק־זשע זונעניו!

אז א ייִנגעלע זעט א הײ, א הײ,
זאָג־זשע, זונעניו, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— הויכע.
— און נאָך א הײ, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— הויזנ.
— ווי־זשע מאכט עס אינײנעם?
— הויכע הויזנ,
דארער דראָנזשיק,
גענדזעלע גאָנער,
בערעלע באָמטשיק,
איַי, איַי, א שטעקעלע!
— גדענק־זשע, זונעניו!

וואָוו — וואָס־זשע ווילסטו?
זיַיִען — זאָג־זשע, זונעניו.
כעס — כאסענע האָבּנ.
טעס — טאָמער טאָר מען ניט?
יוד — יודעלע־יאָקעלע.



ט.גערשאָוו

טעוויע דער מילכיקער

# צו אידיש

# א געזאַנג




לאַלא:

שלום־עליכם, באַטראַכטנדיק איסט־בראַדוועי: ס'איז דאָך גענוי ווי אין קאסרילעווקע!

# אַ געזאַנג צום אַלף־בית

פון ה. בלאשטיין / טשערנאָוויץ

מיין קינדערשער, מיין ווייטער הימל בלאָ איז
מיט ראָזע וואָלקנדלעך, ווי אויסטערלישע פיש...
כ׳בין אַלט פינף יאָר. אין חדר ביי אַ טיש
באַווייזט דער רבי מיר די „אותיות מרובעות“.

כ׳דערוויס זיך דאָ, אַז קמץ־אַלף — אָ איז,
און פתח־אַלף — אַ, און כיריק־אַלף — אי, —
דער רבי גיט סימנים, כ׳זאָל אָן מי
געדענקען זיי — די אותיות מרובעות.

דער רבי — אויסגעדאַרט און הייזעריק און גראָ איז,
פון דאַרן געלן האַלדז שטאַרצט אויס אַ שאַרפער
„קנאָפּ“...
און ס׳איז ניט היימלעך מיר, און ס׳קריכן ניט אין קאָפּ
די נעמען פון די אותיות מרובעות.

פון הינטער פענצטערל — מיט טויזנטער הנאות
מיך רופט דער טייך, די לאָנקע און דער וואַלד;
נאָר איך בין דאָך שוין גאַנצע פינף יאָר אַלט,
איז בלאָנדזשע איך אין וואַלד פון אותיות מרובעות.

ווער האָט געקענט דאַן וויסן, אַז אָט דאָ איז
דער אָנהייב פון מיין גרויסער פרייד און פיין,
אַז ביז אין גרוב אַריין וועל איך פאַרבונדן זיין,
ווי מיט דער זון, מיט אָט־די אותיות מרובעות!

כ׳האָב ניט געוואוסט: ווי ריינער צאַרטער טוי איז
גינגאָלדיק, פערלדיק פאַרשפּרייט אויף זיי
דער כישוף פון מיין מאַמעס הארץ, איר פרייד און וויי,
און ס׳איז מיין טאַטנס טרייסט אין אָט די אותיות
מרובעות.

כ׳האָב נישט געוואוסט, אַז ס׳האָבן נישט קיין טעות
געמאַכט די טויזנט דורות, וואָס ביז מיר,
און זיי האָבן אין וועלט אַריין אַ טיר
געעפנט זיך דורך אָט די אותיות מרובעות.

מיין פאָלק! דיין יעדער קער־און־ווענד, דיין יעדע
גרויסע שעה איז
פאַרמאָנומענטעוועט אין דעם גראַניט,
ווי אָפּגעשטעמפּלט איז דיין יעדער טריט —
אין פלאַם פון בלוט געפּראַוועטע אותיות מרובעות!

און ווען ס׳באַפאַלן מיך אַמאָל די חיות רעות
פון ספקות גיפטיקע און זוכן מיינע טריט —
צעטרייב איך זיי מיט פאַקל פון מיין ליד,
געצונדן אינעם ליכט פון אותיות מרובעות...



צוויי בילדער פון קינסטלער מאָריס מענדזשיצקי
פון דעם בילדער־אלבאָם צום אָנדענק פון די מאַרטירער און
קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ, פאַריז, 1950.



# יידיש וואָרט

פון מ. א. סול

ס׳האָט מענדעלע געטאָקט דיך און געשליפֿן,
נישט געשעמט זיך מיט דעם „אָרעמען זשאַרגאָן״,
מיט דיר אַנטפּלעקט דעם קליינעם מענטשעלעס באַגריפֿן,
מיט דיר די בעלי־טאַקסע נאַקעט אויסגעטאָן.

און שלום־עליכם האָט מיט דיר, דעם „אביון״,
געמאַכט אונדז אַלעמען פאַר גרויסע גבירים,
געגעבן אונדז אַ פּעפּערל, אַ האָדלען און אַ טביהן,
געגעבן אונדז געלעכטער — דעם פֿאָלקס אומענדלעכע עשירות.

און פּרץ האָט דיך אויפֿגעהויבן הויך —
אויב נישט נאָך העכער, —
ווען ר׳איז געגאַנגען מיט דיר אין פֿייער און אין רויך
צו די יידן אין די בונקערס, אין די לעכער.

און מיט דיר האָט ווינטשעווסקי גערופֿן, געוועקט: —
...אין די גאַסן מיט די מאַסן... אַ בעזים און אַ קער!
און מיט דיר האָט דעם פֿיין פֿונעם שוויץ־שאַפּ אויפֿגעדעקט
מאָריס ראָזענפֿעלד, דער טרערן־מיליאָנער.

און מיט דיר האָט דוד עדעלשטאַט געשוואָרן
טרייהייט צו דער רויטער פֿאָן,
און ביזן לעצטן טאָג פֿון זיינע יונגע יאָרן
גערופֿן שטירצן פֿון דער טיראַניי דעם טראָן.

און מיט דיר האָט באָווּשאָווער אַ שאַל־געטאָן מיט פּאַטאָס:
דערזע, אָ, פֿאָלק, די אוצרות וואָס דו שאַפֿסט;
און מיט דיר האָט משה־לייב געשניטן פּאַסן
פֿון דער „זונה, אונדזער פֿירערשאַפֿט״.

און משה נאַדיר האָט דיך פֿינקלדיק צעהעלט.
דו ביסט געווען פֿאַר אים אַ גליאיק שטאָל, אַ קילער טוי,
דאָס האָט ער דאָך מיט דיר געגעבן אַ באַפֿעל
„דערלאַנג אַהער די וועלט, בורזשוי!״

און דוד בערגעלסאָן, דער פּראָזע־ווירטואָז,
האָט מיט דיר געשפּאַנט זיין מייסטערישן וועג
פֿון אַ פֿאַרגרעבטער שטאָט ביז אַ סאָוועטישן קאָלכאָז;
פֿון „נאָך אַלעמען״ צו בראשיתדיקע טעג.

און מאַרקיש האָט, ווי פֿון אַ וואונדערלעכן אָרגל,
געצויגן פֿון דיר קלאַנגען כלערליי,
קיין קלאַנג איז נישט געווען פֿאַר אים פֿאַרבאָרגן
פֿאַר זיין קרוין־ווערק, דער מלחמה־עפּאָפּיי.

און מיט דיר האָט דער יונג־פֿאַרשניטענער הירש גליק
אין דער פֿינצטער אויפֿגעלויכטן ווי אַ מעטעאָר,
און זיין פֿאַרפּייניקט פֿאָלק אַ טרייסט געשיקט, —
אַז „קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה!״

פֿאַר דעם געטאָ־יינגל וואָס געבעטלט האָט אַ גראָשן,
פֿאַר דעם לאַגער־ייד געשליידערט אין די פֿלאַמען,
ביזטו געווען שוין מער ווי מאַמע־לשון,
דו האָסט דערהויבן זיך צו לשון און צו מאַמע.

טרער פֿון אונדזער צער און שפּיז פֿון אונדזער צאָרן;
צונג פֿון אונדזער וויי און אונדזער פֿרייד, —
דו ביזט אויף אייביק שוין מיט אונדז פֿאַרקניפּט געוואָרן,
דו װעסט פֿון אונדז שוין קיינמאָל נישט צעשיידט.

# די יידישע אותיות פֿון פּוילן

פֿון יוסף קערלער / וואַרשע

צי טליעט דאָס אַש נאָך,
צי גליען די קוילן?
ניין, ס׳בליען
די יידישע אותיות פֿון פּוילן!

מע האָט זיי פֿאַרבאָטן,
מע האָט זיי געטראָטן,
געמאַכט זיי צו שטויב
און געמאַכט זיי צו בלאָטע...

די הייליקע שמות
נאָך ערגעץ־וואו פּוילן,
נאָר ס׳בליען
די יידישע אותיות פֿון פּוילן!

פֿון אייגן געביין
און אין פֿינצטערניש וויסטער,
מיר האָבן די אותיות אַליין אויסגעקנאָטן,
איז ווער קאָן עס וואַגן
פֿאַרוואַרפֿן די שליסלען,
אויב קאַרג איז די שיין
און ס׳באַשווערט נאָך דער שאָטן...

זעצט פֿאָר! —
האָבן קדושים און מורדים באַפּוילן —
און ס׳בליען
די יידישע אותיות פֿון פּוילן!

די זאַצן געפּרעסטע,
מיט אויפֿרייס באַלאָדן,
מע האָט שוין אויף איינציקע קלאַנגען צעשאָטן,
אויף אותיותלעך הילפֿלאָזע, נאַקעטע, צאַרטע,
דערנאָך זיי אויף בלייענע קוילן געגאָסן,
דערנאָכדעם — די דיכטונג פֿאַרשפּאַרטע
צעשאָסן...

מען האָט שוין!...
און ס׳צייכענען אויפֿסניי זיך שוין גרוילן
און ערגעץ דאָרט ווידער שאַקאַלן שוין הוילן...

מען האָט שוין!...
מיין שריפֿט זאָל צוזאַמען מיט שריפֿטן —
אין מעכטיקער פֿויסט
זיך פֿאַרביילן, פֿאַרקנוילן:
— עד כאַן!
און זאָל בליען אין ווייטקייטן טיפֿסטע
דאָס יידישע לשון פֿון רוסלאַנד און פּוילן!

---

דאָס ליד האָט דער סאָוועטיש־יידישער דיכטער, יוסף קערלער, געשיקט ווי זיין באַגריסונג־וואָרט צום 20טן יובל פֿון דער וואַרשעווער „פֿאָלקס־שטימע״.

ט ר ע ף:

ניט קיין בוים און פֿול מיט בלעטער,
ניט קיין מענטש און צו דער זאַך רעדט ער?

שלמה דאַווידמאַן

# פינף אינגעלעך און דער לערער לייבל


לייב שאַפּירא

אין דרויסן האָט אָנגעהויבן ווערן קאַלט. איז דערפאַר דער לערער לייבל היינט געקומען פריער אין שול אַריין. טאָמער, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, איז די פּאַרוואַלטערין היינט ניט געווען אין שול און ניט אייַנגעהייצט דעם אויוון, קען נאָך זיין קאַלט אין שול און די קינדער וועלן פרירן.

און סיי־ווי, האַלט דער לערער לייבל, אַז ס׳איז גוט, אַז ער קען זיך אַרומקוקן אויף די ווענט; דאָ צופּוצן עפּעס אַ וואַנט־צייטונג, דאָרט איבערשטעלן אַ בענקל: צוקערן זאַמאָל. און אַפילע אַ פּאָר מינוט זיצן און טראַכטן ווי אַזוי צו מאַכן די שול שענער און בעסער.

לייגט ער זיך אויס, דער לערער לייבל, אויף זיין טישעלע: דעם קלאַס־זשורנאַל, אַ ניי מייסע־ביכל מיט אַ קינד אויפן טאָוול, וואָס שמייכלט צו אים: בלייפעדערס, פּאַפּיר, העפטן, נאָך ביכלעך, און זינגט זיך אונטער אַ לידעלע.

פאַרטיק געוואָרן מיט דער גאַנצער אַרבעט, רייבט ער זיך איין האַנט אָן דער צווייטער, צעשמייכלט זיך מיט אַ גרויסן שמייכל און צעזינגט זיך שוין מיט זיין באַליבט לידעלע, וואָס ער האָט ליב צו זינגען, ווען די קינדער הייבן אָן צו קומען אין שול אַריין:

אוי, קינדערלעך און קינדערלעך קומען שוין אין שול,
די ווענטלעך מיט געלעכטערלעך ווערן שוין פול;
טאַנצנדיק און זינגענדיק וועט ווערן יעדער שטול,
אוי, אינגעלעך און מיידעלעך קומען שוין אין שול!

און אַזוי ווי ער זינגט זיך אַזוי, עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין איין מאַמע מיט אַ אינגעלע, אַ צווייטע מאַמע מיט אַ אינגעלע, און נאָך, און נאָך, און נאָך. אַזש פינף מאַמעס מיט פינף אינגעלעך.

דער לערער לייבל האָט אַזש ניט געוואוסט וואָס צו טאָן: בענקלעך, אַזוי פיל בענקלעך. זע נאָר, פינף מאַמעס און פינף אינגלעך. ער קראַצט זיך אַ ביסל הינטערן אויער.

ער רוקט בענקלעך. ער רייבט די הענט: „נו, נו, זיצט־זשע, זיצט, אוי־ווי, זע נאָר!" און ער האַלט אין איין שמייכלען.

שמייכלען שוין די מאַמעס און סע שמייכלען שוין די אינגעלעך. און זיי דערציילן, אַז זיי האָבן געהערט, אַז דאָ איז אַ אידישע שול, האָבן זיי געבראַכט זייערע אינגעלעך.

גוט, גוט! זאָגט דער לערער לייבל נו, נו, וועמען־זשע זאָלן מיר פאַרשרייבן דעם ערשטן, דיך? קום אַהער און זעץ זיך אַוועק!

זעצט זיך אַוועק דאָס אינגעלע. דערווייל קוקט ער מיט גרויסע אויגן אויפן לערער לייבל. ער שמייכלט איצט ניט. ער וויל זען, וואָס דאָ וועט זיין.

ווי אַזוי־זשע הייסט אַ אינגעלע? פרעגט דער לערער.

סעמי!

„סעמען", וואָס מע עסט? פרעגט דער לערער.

ניין, סעם!

אַזאַ קליין אינגעלע הייסט שוין סעם, ווי אַ גרויסער מאַן?

ניין, די מאַמע רופט מיך סעמעלע, שימעלע!

אָט דאָס איז אַ נאָמען פאַר אַ אינגעלע, שימעלע! זיץ־זשע דאָ, שימעלע!

:: :: ::

און טעג און וואָכן און כאַדאָשים פון פרייד זיינען זיך געגאַנגען. די אינגעלעך האָבן זיך אויסגעלערנט לייענען און רעדן אידיש. און דער איקער האָבן זיי דעקלאַמירט, אוי, האָבן זיי דעקלאַמירט. אַז שימעלע, מוישעלע, הערשעלע, איציקל און בערעלע האָבן דעקלאַמירט, איז דאָס שוין געווען טעאַטער. זיי האָבן הויך און שטאָלץ אויסגעקלונגען לידלעך, פּאָעמעס, אַז ס׳האָט אָפּגעקלונגען אין זאַל. מאַמעס און טאַטעס האָבן זיך געפרייט, געקלאַפּט מיט די הענט און נאַכעס געהאַט.

:: :: ::

און ווידער זיינען אַוועק טעג און וואָכן און כאַדאָשים געלאָפן. די מאַמעס זיינען געקומען אין שול אַריין. זיי זיינען פריער געזעסן בײַ די מיטינגען שטיל, זיך צוגעהערט צו די וואַרעמע רייד פון דעם לערער לייבל. צו די גוטע רייד פון די שול־טוער, און זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין: אַז גוטע מאַמעס, געטרייע מאַמעס, דאַרפן העלפן דער שול, וואָס לערנט זייערע קינדער. און די פינף מאַמעס האָבן געהאָלפן דער שול: זיי האָבן אויפגעהאַנגען אויסגעפּרעסטע פאָרהענגלעך, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט יאָנטעוודיקייט אין קלאַס אַריין. אַ דעקאָרירטע פלאַש מיט בלומען איז געבראַכט געוואָרן אויפן לערער־טישל. מע האָט געפּוצט די שול.

און אָט איז געקומען דער גרעסטער יאָנטעוו אין שול: בײַ וויַיס־געדעקטע טישן, מיט בלומען באַפּוצט, זיצן מאַמעס, טאַטעס, קינדער און שול־טוער. אויבן־אָן, אויף אַ קליין טישל, ליגן פאַרוויקלטע פּאַפּירן מיט רויטע בענדעלעך פאַרבונדן. ס׳איז דער יאָנטעוו פון פיר פריילעכע, פיר כאַווערישע, פיר לערן־יאָרן. יאָרן פון אַלעף־בייס ביז מאָטלס שיינע מייסעס פון שאָלעם אַלייכעם. יאָרן פון „בערייישיס" ביז דער געשיכטע פון די אידן אין אַמעריקע. די פינף אינגלעך, מיט שיינענדיקע פּענעמלעך, מיט אַ ציטער אין האַרצן דערוואַרטן היינט אָונט צו קריגן זייערע דיפּלאָמעס...

:: :: ::

און די צייט שטייט דאָך ווידער קיינמאָל ניט. זיינען זיך ווידער געלאָפן טעג, וואָכן און כאַדאָשים און יאָרן. און דער לערער לייבל האָט שוין אַריינגעקראָגן נייע קינדערלעך אין שול אַריין. די פינף אינגעלעך זיינען שוין יונגען און לערנען שוין יאָרן אין דער מיטלשול. און אַמאָל, אַמאָל, פלעגט דער לערער לייבל באַגעגענען איינעם פון זיי. זיך דערפרייען מיט אים און לאָזן גריסן די איבעריקע און ווידער געלאָפן אין שול אַריין.

נאָר איינמאָל, ס׳איז פונקט געווען מיטוואָך אָונט, דער לערער לייבל קומט אַהיים, דערלאַנגט אים זיין פרוי אַ בריוו. ער לייענט איבער דעם בריוו, ס׳איז פון שימעלעס מאַמען. און זי בעט אים, אַז ער זאָל קומען שאַבעס אָונט צו איר אין הויז אַריין מיט דער פרוי און מיט זיין טאָכטער. ער מוז קומען. ווען ער וועט נאָר קומען, וועט זי אים שוין דערציילן פאַרוואָס ער האָט געמוזט קומען. און אויב ער וועט ניט קומען, וועט זי זיין אויף אים ברויגעז אויף איר גאַנץ לעבן!

און אַזוי ווי דער לערער לײַבל האָט פײַנט, אַז אַ מאַמע איז ברויגעז, וועט ער גײַן, נאָר ער פאַרשטײַט ניט, פאַרוואָס זי קען ניט שרײַבן, וואָס ס׳וועט דאָרטן זײַן. און פאַרוואָס גאָר מיט דער פרוי און טאָכטער?!

און אָט איז שוין, אויף שנעל, געקומען דער שאַבעס. דער לערער לײַבל פּוצט זיך אויס. און זײַן פרוי און טאָכ־טער פּוצן זיך אויס. און אָט קומען זיי אַרויף צו שימעלעס מאַמען. שימעלעס מאַמע עפנט די טיר. ס׳איז עפּעס שטיל אין הויז. זייער שטיל. דער לערער לײַבל טוט זיך אויס דעם מאַנטל. זײַן פרוי און טאָכטער טוען אויס די מאַנט־לען. און זיי ווילן זיך אַוועקזעצן אַ ביסל רעדן, זאָגט שי־מעלעס מאַמע:

-- וואָס ווילן מיר זיצן דאָ? קומט אַרײַן אין זאַל אַרײַן!

אָבער ס׳איז דאָך דאָרטן פינצטער! באַמערקט דער לערער לײַבל.

נו, ווילן מיר מאַכן ליכטיק! זאָגט שימעלעס מאַמע און גיט אַ קוועטש אַ קנעפּל, ווערט ליכטיק און סע ווערט אַ גרויסער הוראַ און אַ טומל און אַ ליאַרעם און אַ פרייד:

דרײַ „טשירעלעך" פאַרן לערער לײַבל!
הוראַ, הוראַ, הוראַ!

און מע כאַפּט אים, דעם לערער לײַבל, און מע טראָגט אים אין דער לופטן, און מע ברענגט אים אויבן־אָן און מע זעצט אים אַוועק אויף אַ דעקאָרירטער קייסערלעכער שטול, מע טוט אים אָן אַ פּאַפּירענע גאָלדענע קרוין, און אַרום אים זשומעט עס, און עס טומלט זיך, און ס׳אַ פרייד.

— אַזוי, אַזוי, — שאָקלט־צו דער לערער לײַבל און הערט זיך אײַן ווי זײַנע שילער דערציילן אים:

— שימעלע וועט שוין אַליין באַלד זײַן אַ לערער, נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר אין ארבעטער־אוניווערזיטעט און ער ווערט אַ אידישער לערער. און ער וועט זײַן פּונקט אַזאַ שמייכלענדיקער לערער ווי ער, לײַבל.

מוישעלע, ער איז שוין אַ גרויסער פירער, איצט שוין אַ פירער באַ דער קינדער־סעקציע, יוגנט פון אָרדן. ער האַלט שוין גרויסע רעדעס, האַלט ער. און ער האָט גאָר ליב צו שרײַבן. ס׳קען נאָך זײַן, אַז ער זאָל ווערן אַ שרײַ־בער, דער מוישעלע.

הערשעלע האָט אויך אַ גוטן „דזשאַב" אין דער אידי־שער סעקציע. ער קלאַפּט אויף דער מאַשינקע, קלאַפּט ער. ער צעשיקט בריוולעך אין אַלע שטעט און שטעטלעך, וואו עס זײַנען נאָר דאָ אידישע אָרדן־מיטגלידער.

איציקל איז גאָר, גאָר אַ גרויסער ייִכעס געוואָרן. ער האָט זיך פאַרלייגט אויף צוויי זאַכן: וויסנשאַפט און געשיכטע. ער האָט שוין גאַנצע ביכער מיט מאַטעריאַלן. די פּראָפעסאָרן אין אוניווערזיטעט זאָגן נאָר, אַז ער וועט זײַן אַזוינס און אַזוינס.

און בערעלע, דאָס שטילסטע פון אַלע בערעלעך, וויל זײַן אַ אידישער דאָקטער. אַ אידישער דאָקטער? לויט זײַן פאַרשטאַנד, קען מען בעסער היילן, ווען מע פאַרשטייט דעם כוילע און מע קען אים אויפקלערן. ער וועט זײַן אַ דאָקטער צווישן אידן. יאָ, יאָ, אַ אידישער דאָקטער...

און אין מיטן טיש שטייט אַ גרויסער לעקעך מיט אַ סאַך ליכטעלעך. ער ציילט איבער, פּונקט איין־און־פער־ציק. אוי ווייַ, גיט ער זיך אַ כאַפּ באַם קאָפּ, ס׳איז דאָך טאַקע היינט זײַן געבורטס־טאָג. ער איז דאָך געוואָרן פערציק יאָר. זע נאָר, ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער איז געוואָרן פערציק יאָר!

און אַז מע האָט באַמערקט, אַז ער הייבט זיך אויף פון זײַן שטול, איז מען געוואָרן שטיל. ער האָט אַ מורמל געטאָן צו זיך: אַזוי. פערציק יאָר. נו, איז וואָס?

מײַנע פרײַנט!

איצט, עפּשער, קענט איר פאַרשטיין די געפילן פון דעם לערער, ווען ער דערזעט אַרײַנקומען פינף נײַע אינגעלעך אין שול אַרײַן. פון פינף אינגעלעך וואַקסן אויס פינף יונגען. פון פינף קלײַנע וועלטעלעך ווערן געבוירן פינף גרויסע וועלטן. און דער לערער ווייסט, אַז ער האָט גע־האָלפן בויען אַ שיינע וועלט, אַ שיינעם מענטשן, קומט אין אים אַרײַן אַ גרויסע פרייד, און ער איז שטענדיק

פרייִלעך און יונג.

-- איצט לאָמיר אַלע זינגען — ווערט דעם לערער לײַבלס פּאָנעם פאַרפלאָמט -- דאָס גוטע שול־לידעלע.

איז געוואָרן ערשט פרייִלעך און אַלע האָבן זיך צע־טאַנצט. און מע האָט געגעסן און געטרונקען. און מע האָט אָנגעלייגט אַ פולן טיש מיט מאַטאָנעס פאַרן לערער לײַבל.

און די מאַמעס און די טאַטעס און די קינדער האָבן גערעדט. און אַלע האָבן געזאָגט אַזוי:

אַ שנײַדער נייט קליידער, איז אונדז וואַרעם און מיר קוקן אויס שיין. אַ שוסטער מאַכט שיך, פאַרהיט ער אונדזערע פיס און מיר קענען גיין איבער דער וועלט. נאָר אַ לערער, דאַכט זיך, מאַכט גאָרניט, נאָר ער נעמט, לאָמיר זאָגן, אַזוי, אַ קליין הילצערן רוי מענטשעלע, וואָס קען ניט גיין און הייבט ניט אָן קיין זאַך צו פאַרשטיין, און ער רעדט אין אים אַרײַן, ער זינגט אין אים אַרײַן, ער בלאָזט אין אים אַרײַן אַ נעשאָמע, פאַרבינדט אים מיט אַלץ וואָס איז שיין און גוט, פאַרקניפּט אים מיט די ליכטיקע אַרבעטס־מענטשן פון דער גאַנצער וועלט און פירט אים דערנאָך אַרום זײַן גאַנץ לעבן איבער דער וועלט. און וואָס מען זאָל ניט געבן, באַצאָלן דעם לערער, קען מען אים קיינמאָל ניט אָפּצאָלן...

— און זאָל לעבן אונדזער גוטער לערער לײַבל!

און ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַרײַן האָט מען זיך געפרייט. און אַלע האָבן געזאָגט, אַז אַזאַ סימכע פון די פינף אינגעלעך מיטן לערער לײַבל האָבן זיי נאָך ניט גע־זען אויף דער גאַנצער וועלט!...

„הײַם און דערציאונג", יוני, 1940



א נערקענונג
צו אַלע לערער
וואָס האָבן
דערצויגן
דורות אין אַ
פּראָגרעסיוון
גייסט!

## טאנכום קאפלאן



טעוויע דער מילכיקער




פּאָסט־מאַרקע אין ספ״ב צום
ש״ע יובל־יאָר



## שרה פעל יעלין

## „שפחה — שפראַך"

— הונדערט יאָר שלום־עליכם —

ווי א מאַמע איר באַעוולט קינד,
ער האָט פאַרשטויסענעם זשאַרגאָן
צום האַרצן צוגעטוליעט,
אין יום־טוב־בגדים אָנגעטאָן,
צום אויבנאָן געפירט:
רעגנבויגנדיקע, פּערלדיק־צעשפּילטע רייד
האָבן נשמהדיק גערירט...
אזא מאַמעדיקער קלאַנג,
אַזאַ מחיהדיקער וויג־געזאנג,
אַזאַ שפּאַסיקייט דעם טרויער צו פאַרזיסן!
און ס'האָבן פרעמד־געוואָרענע,
בשתיקה... קיינער זאָל ניט וויסן,
מיט מדבר־דאָרשט געטאָן א פאל
צום פרישן יי ד י ש — קוואל...
א לאַנג־פאַרגעסענער ניגון
איז אויפגעשטיגן פון קוועלענדיקער טיף...
שאָרך פון ווינט,

שמייכל פון קינד,
מאַמעס טרער און טאַטנס ברכה,
שטיפמאַמעס קללה־גוס —
ווייטער, זיסער גרוס... מ ש פּ ח ה אָ ט ע ם,
גילדענער פאָדעם!
ס'האָט היימיש מאָנענדיקער ניגון
פאַרווישט דעם בלבול־לינן —
ש פ ח ה ־ ש פּ ר א ך !



קאַסרילעווקע

# מזמור שיר ל׳יידיש

### פון בער גרין



מזמור־שיר —
מיין ליד צו דיר,
יידיש!

יידיש —
אייביקער וואונדער,
דורך לענדער,
דורך יאָרהונדערט נאָך יאָרהונדערט.
דורותדיק־אַלט און קרעפטיק־יונג,
ווי דודס פידעלע דיין קלונג.

אין שטורעם און אין שלאַקס,
אין מדבריות, אויף ערדן זאַמדיקע,
צווישן דערנער און שטעכיקע גראָזן —
יידיש וואַקסט.
נאָך פּאָגראָמען, בלוטיקע שטראָמען,
נאָך תליות, שייטערס און עקדות —
ס׳לעבט דאָס לשון פון טאַטע־מאַמעס, באָבע־זיידעס.
אין היילן, אין בונקערס, אין קאַנאַלן
יידיש לויכט מיט לעבן־שטראַלן.

יידיש:
טייכן בלוט, ימען טרערן —
און פינקלדיקע שטערן.
גזירות און גירושים,
גבורה און קדושה —
און אייביקע ירושה.

יידיש —
זיפץ און „אוי" און בטחון,
שפּראַך פון יום־טוב און אינדערוואָכן.
לשון פאָלק,
לשון הייליק,
לשון אייביק.

יידיש:
אליהו בחור, שרה בת־טובים, גליקל פון האַמעלן,
צאינה וראינה, קרבן מנחה און תחינות,
איכה־זאָגן און קינות.
בעל־שם, נחמן בראַסלאַווער, לוי־יצחק מבאַרדיטשעוו,
אליקום צונזער און וואַרשאַווסקי, געבירטיג און
גאָלדפאַדען,
ראָזענפעלדס מאַי־לידער און ליעסינס מאַרטירער־
באַלאַדן.

יידיש זינגט,
יידיש שאַפט,
יידיש — הימל און ערד,
מוזיק און קראַפט.

יידיש —
ייד און וועלט,
חסידות און השכלה.
שפּראַך פון האָלצהעקער און באַלעגאָלע,
פון קבצנים אין זיבן פאָלעס,
פון געסלעך און הינטערגעסלעך —
פון הונגער און נויט געשוואָלן.
שפּראַך פון שטראָפער, מאָנער,
רופער, וועקער,
פון נפתלי באָטווין און הירש לעקערט.

יידיש —
מענדעלעס „פישקע דער קרומער",
שלום־עליכמס „סטעמפעניו",
פּרצעס „גלגול פון אַ ניגון",
און דער מאַמעס ליד ביי אונדזערע וויגן.

יידיש —
בוים פון לעבן, בוים פון וויסן.
קולות און קאָלירן פון חתונות און בריתן,
פון אסיפות און יאַרידן,
פון שטעטלעך מיט מחיהדיקע, חיותדיקע יידן.

יידיש —
שטימען און פאַרבן
פון לעבן און שטאַרבן,
פון פאַרזייען אין טרערן
און זאַמלען אין פרייד די גאַרבן.
אין שטיבלעך פון דלות, אין חושכדיקע קעלערס —
דיין קרעכץ נאָך שאַרפער, דיין טרייסט נאָך העלער.

יידיש —
אונדזער לייב־און־לעבן, טרייסט און פרייד,
אונדזער שבת־חלה, אונדזער טעגלעך ברויט.

יידיש —
קאַפּאָטעס מיט לאַטעס, שטיוול מיט לעכער,
שאַגאַלס ליכטיקע ליבעס אויף שטעטלשע דעכער,
און פּרצעס זינגענדיק „אויב ניט נאָך העכער".

יידיש:
קייטן־געקלאַנג פון דורות —
און ליכטיקע מנורות.
חורבן און גאולה.

דוש המענטש אין געטאָס,
צאָרן און צער,
טויט אין טרעבלינקע און פּאָנאַר.
לשון פון ווייען און וואונדן,
האָסט דיין ליכט אין אונדז
אויף אייביק צעצונדן.

יידיש:
שפּראַך פון גבורים און קדושים,
פון מוט אין נאַכט פון ימש־חושך,
פון מסירת־נפש און פון העלדן,
מלא־טעם דיינע שפּרוכן, דיינע פלוכן,
דיין בענטשן און דיין שעלטן.
לשון שוועסטער און ברידער, זין און טעכטער,
לשון פון פליסטער שטילן און הילכיקן געלעכטער.

יידיש רעדט,
יידיש זעט, האָרכט, זאַפּט־איין
יעדן קרעכץ, יעדע פּיין.
יידיש מאָנט, יידיש רופט,
יידיש איז מיין אָטעם,
יידיש איז מיין לופט.

יידיש —
אויף ליפּן פאַר׳שרפ׳עטע
פון מיליאָנען הייליקע הרוגים, ברידער און שוועסטער,
ביי גאַז־קאַמערן אין אוישוויץ און מאַידאַנעק,
ביי ברעגן פון ווײסלע, פון בוג און פון דניעסטער.

יידיש —
אונדזער האַרץ און נשמה,
און אונדזער נחמה,
אונדזער אויפקום, אונדזער זיג,
דער „זאָג ניט קיינמאָל" פון הירש גליק.

יידיש —
לשון פון שמחות און לוויות,
יידיש — אונדזערע תנועות און העוויות,
יידיש — אין אונדזער יעדן אבר,
אונדזער באַגלייטער פון וויגל ביז קבר.

יידיש —
די פּושקע פון ר׳ מאיר בעל־הנס,
חזנות פון ניסי בעלזער,
רחמנות פון „מאַי קאָ משמע לן",
די „שחיטה־שטאָט" פון חיים־נחמן פון אָדעס.

יידיש —
לשון נעכטן, שפּראַך פון אונדזער צייט,
„שוויץ־שאָפּ" און „איסט סאַיד".
ליד פון אונדזערע פיר פּאָעטן־פּיאָנערן,
שרייבער־שניידער, מיט פעדערס, און מיט שערן.

יידיש —
גייסט פון יצירה,
שפּראַך פון שירה,
געזאַנג פון אַלע געזאַנגען,
אויף אַלע וועגן און שטעגן
מיט אונדז ביסטו געגאַנגען.

יידיש:
לשון פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער,
מיט מיין מאַמעס מילך
אויף מיין ערד פּאָדאָליער
אין מיין לעבן ביסטו געקומען.
אין מיין ליד,
שענסטע פון די בלומען,
האָסטו זיך צעבליט.
ווי דער ווייסער טאָג,
ווי אַן אייביק ליד,
גייסטו־אויף
אין מיין צעזונגען געמיט.

יידיש —
שפּראַך פאַרוואונדעטע,
שפּאַנט אַ שטאָלצע
דורך לענדער.
דורך יאָרהונדערטער,
אַ פייערזייל
אויף וועגן פון וואָגל,
פון פלאַמען און אַש.
אין מלבושים פון זעק,
מיט וואַרט־פּאַרמעג אין געפּעק,
דורך יאָרהונדערטער,
אויף וואַנדער־וועג.

יידיש —
לשון נעכטן, לשון היינט, לשון מאָרגן,
געשטיקט האָט מען דיך, געוואָרגן,
געפּלאָגט, געמאַטערט,
און דו, שטראַליקער וואונדער,
ווי אַ פאָן האָסט זיך צעפלאַטערט.

יידיש —
אונדזער היים, אונדזער פעסטונג, אונדזער קיום,
אונדזער וואַקסן, אונדזער בליען.
תורה, חכמה, גלויבן
שעפּן מיר פון דיינע קוואַלן,
ווי ווייסע שלום־טויבן
לויכטן דיינע ניגונים־שטראַלן.

יידיש —
זיי געגריסט, זיי געבענטשט
פון אַלף ביז תיו!
כי טוב! כי טוב!
שענסטע פון שפּראַכן אַלע,
אין גאַר דיין קראַפט וועט נתגלה!
איך האָב דיך ליב,
ווי אַ יונגע, שיינע כלה!

# מוישע אַלגין — געצייכנט פון אַווראָם



מ. אַלגין (זיין עמעסער נאָמען איז געווען מוישע יויסעף נאָוואָמיסקי) איז געבוירן געוואָרן מערץ דעם 24טן, 1878, אין אַ דאָרף לעבן קיעוו. צו 15 יאָר פאַרלאָזט ער זיין היים און באַזעצט זיך אין אַ קליין שטעטל, וואו ער גיט לעקציעס און לערנט זיך אין דער גימנאַזיע.




אין 1900 פאַנגט ער אָן לערנען אין קיעווער אוניווערזיטעט. ער ווערט אַריינגעצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און פאַנגט אָן אָרגאַניזירן די סטודענטן. ער שרייבט פּראָקלאַמאַציעס פאַר די סטודענטן.



אין יאַנואַר 1901 ווערט מ. אַלגין צוזאַמען מיט אַנדערע סטודענטן אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט. אין אויגוסט ווערט ער באַפרייט און ווערט דער פאָרזיצער פון סטודענטישן צענטראַל-קאָמיטעט. ער איז אויך פאַרבונדן מיט דער יידישער סטודענטן-גרופּע „פרייהייט".



פון 1903 איז אָלגין פאַרבונדן מיט דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג. ער איז אַ פירנדיקער מיטגליד פון דער יידישער אַרבעטער-פּאַרטיי „בונד". ער שרייבט אַלע פּראָקלאַמאַציעס און העלפט רעדאַגירן די ציימונגען פון דער פּאַרטיי. ער שרייבט זיך אָפּט אונטער מיטן פּסעוודאָנים יויסעף. ער ווערט פיל מאָל אַרעסטירט.



צוליב זיין שוואַכן געזונט פאַרלאָזט ער רוסלאַנד אין 1906, ער שטודירט אין הײדלבערג אוניווערזיטעט און שרייבט אין אַ סאַך אַרבעטער זשורנאַלן. ער קומט צוריק אין 1909. האַלט לעקציעס פאַר אַרבעטער אין די אָוונט-שולן אין ווילנע און גיט אַרויס — אין 1912 — אַ ליטעראַריש לייענבוך „דאָס יידישע וואָרט".



אין 1913 קומט מ. אָלגין קיין אַמעריקע. ער שרייבט אין „פאָרווערטס" און איז מיטרעדאַקטאָר פון דער סאָציאַליסטישער שריפט „די נייע וועלט". ער שטודירט אין קאָלאָמביע און אין 1918 קריגט ער דעם טיטל דאָקטאָר. ער גיט אַ סאַך לעקציעס און שרייבט אָן אַ בוך וועגן יידישע שרייבער, „אין דער וועלט פון געזאַנגען".



נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע ווערט מ. אָלגין איינער פון די בעסטע פריינט פון סאָוועטן-פאַרבאַנד אין אַמעריקע. ער פאַרלאָזט דעם „פאָרווערטס", וואָס איז פיינטלעך צום סאָוועטן-פאַרבאַנד. ער העלפט גרינדן די אַמעריקאַנער קאָמוניסטישע פּאַרטיי און ווערט רעדאַקטאָר פון דער יידישער אַרבעטער-צייטונג „מאָרגן-פרייהייט" פון 1922 ביזן טאָג פון זיין טויט.



מ. אָלגין שרייבט טויזנטער אַרטיקלען, האַלט טויזנטער רעדעס און גיט אַרויס אַ סאַך ביכער. ער שרייבט אין יידיש, ענגליש, רוסיש, דייטש. ער העלפט גרינדן דעם יידישן קולטור-פאַרבאַנד „איקוף" (אין 1937). דעם 4טן יוני, 1938, האָבן 6,000 מענטשן אָנגעפּאַקט דעם ניו יאָרקער היפּאָדראָם צו פייערן זיין 60-יאָריקן געבורטסטאָג.



דעם 22טן נאָוועמבער, 1939, איז דער באַליבטער לערער און פירער פלוצים געשטאָרבן. 100,000 יידישע מענער, פרויען און קינדער זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך דער לעווייע. מענטשן האָבן ביטער געוויינט. זיי האָבן אָבער געדענקט, אַז זיינע ווערטער, זיין ליבע און די גרויסע ליבע פון די מענטשן צו אים זיינען לעבן געבליבן.

יונגוואַרג - 1939 -



י. י. לינעצקי

עס איז איצט געוואָרן 100 יאָר זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער גרויסער יידישער שרייבער ייצחאָק־יויעל לינעצקי. דאָס באַרימטסטע בוך לינעצקים איז „דאָס פּוילישע יינגל", אַ בוך וועגן לעבן פון די אָרעמע יידן אין אַמאָליקן רוסלאַנד. מיר גיבן אייך דאָ אַ קאַפּיטעלע פון דעם בוך, וואָס גיט אַ בילד פון דעם אַמאָליקן כיידער.

# אין כיידער • י. י. לינעצקי

אַז די מאַמע האָט מיך דאָס ערשטע מאָל אַריינגעפירט צו נאַכמען טראַסק אין כיידער אַריין, איז מיר פינצטער און וויסט געוואָרן אין מיינע אויגן: אין שטוב אַ בלאָטע ביז די קני; ביי דער טיר אַ פעסל וואַסער און לעבן איר אַ פאַרשימלטע פּאָמוינִיצע. די קליינע פענצטערלעך זיינען געווען באַדעקט מיט פראָסט, עפּשער אויף אַ פינגער די גראָב. דריי קליינע קינדערלעך מיט פאַרשפּיליעטע העמדלעך אונטער די אָרעמלעך האָבן זיך אַרומגעשלעפּט אויף אַלע פיר אין דער בלאָטע.

ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ לאַנגער שמאָלער טיש, מיט שטריקלעך איבערגעבונדן און איבערגעקניפּט, און מיט אַ צעקראַדאַשעטער און אויסגעברענטער דעק. די צוויי בענק אַרום טיש זיינען געמאַכט געווען פון צוויי ניט־געהובלעוועטע ברעטער, אַריבערגעלייגט אויף צוויי קלעצלעך. אויף די בענק זיינען געזעסן פאַרשיידן־געוויקסיקע יינגלעך, איינס אין דעם אַנדערן אַריינגעוואַקסן, און אַלע מיט די פּלייצעס איינגעקלעפּט אין דער נאַסער, פראָסטיקער וואַנט. קימאַט אויף יעדע צען יינגלעך איז געלעגן איין סידער. אויפן עק טיש איז געשטאַנען אַן אַלטער גרויסער קאָרב מיט טעפּלעך, לעבן דעם קאָרב איז געשטאַנען אַ גרויסער קאָטער און האָט געלעקט, קלאַפּנדיק מיטן ווײַדל איבער אַ טאַלמידים קעפּל.

ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אין שטוב, האָבן מיר געטראָפן דאָס בילד, ווי דער רעבע מיטן באַהעלפער האָבן געקנאַקט מיט די קאַנטשיקעס, די כיידער־יינגלעך האָבן געגאָנערט ווי אַ סטאַדע גענדז, דעם רעבנס קינדערלעך האָבן געוויינט און אין מיטן דערינען איז די רעבעצין איבערגעלאָפן ווי אַ שטורעם די שטוב, טראָגנדיק אַ הייסע קויל אין אַ טעפּל, און — פוץ אין פּאָמוינִיצע אַריין. דאָ איז דאָס געוואָרן אַ פּאַרע מיט אַ זשווזשעריי איבער דער גאַנצער שטוב, גלייך ווי אין אַ באָד. די מאַמע האָט גערעדט אַ פּאָר ווערטער מיטן פּראָפעסאָר און איז אַוועקגעגאַנגען, און איך בין אַליין געבליבן אין כיידער.

די מאַמע איז נאָר וואָס אַרויס פון שטוב, איז דער רעבע אַרויסגעגאַנגען פון הינטערן טיש גלייך צו מיר מיט די ווערטער: „דו זעסט אָט־דעם קאַנטשיק? מיט דעם שמייסט מען אַ יינגעלע, וואָס וויל ניט לערנען..." און קעדיי מיר צו ווייזן וואָס אַ קאַנטשיק הייסט, האָט ער שוין דערלאַנגט אַ יינגל מיטן קאַנטשיק איבערן קאָפּ. ער האָט מיך אַ שלעפּ געטאָן צום טיש, האָט געעפנט דעם געשוואָלענעם סידער, און האָט מיך אַ פרעג געטאָן: „קענסטו עפּעס לערנען?" „נ־נ־יי־יי־ן" — האָב איך אין איין שרעק געענטפערט און האָב מיך צעוויינט. „שאַ!" — האָט ער אַ האַלבן געשריי געטאָן — „וואָס האָסטו זיך אַזוי צעיאַכמערט?" און דערביי האָט ער מיך געטאָן אַ קניפּ אין בעקל, אַז עס האָט מיך אַזש אָנגעכאַפּט ביים האַרצן... און איך האָב מיך נאָך מער צעוויינט. דאָ האָט ער מיך אַנידערגעזעצט ביי זיך אויף דער קני און האָט מיר אָנגעהויבן ווייזן מיטן טייטל: „אַן אַלעף, אַ ביים." נאָר ווען ס'איז געקומען צו דעם ביים, האָב איך פאַרגעסן דעם אַלעף און ביי דעם אַלעף — דעם ביים. ער האָט אַ קוק געטאָן, אַז ס'איז שלעכט, האָט ער מיר אָנגעהויבן איינרעדן, אַז אויב איך וועל וועלן לערנען, וועט מיר דער מאַלעך וואַרפן אַ גראָשן פון דער סטעליע. דערהערנדיק אַזאַ מייסע, האָב איך שוין אין גאַנצן פאַרגעסן דעם סידער און האָב אַלץ פאַרריסן דעם קאָפּ צו דער סטעליע. דאָ האָט ער מיך אָנגעהויבן סטראַשען מיט אַלערליי שרעקן: אַז איך וועל ניט וועלן לערנען, וועט מען מיך אויף יענער וועלט שמייסן מיט אייזערנע ריטער; דער טייוול וועט מיך אַוועקטאַסקען; שיידים וועלן מיך פאַרקויפן צו די ציגיינער; ביינאַכט וועלן זיך מיר כאָלעמען מייסים, און נאָך אַזעלכע שרעקלעכע סטראַשידלעס, פון וועלכע ס'איז אין מיר פאַרקילט געוואָרן דער מאַמעס מילך. עס האָט זיך מיר שוין אויסגעוויזן: די אַלעף איז אַ שעד, די ביים אַן אייזערנער קאַנטשיק. ביז איך האָב מיט אַ מאָל אויסגעפּלאַצט אין אַ יאָמערלעך געוויין, און מען האָט מיך געמוזט אָפּפירן אַהיים. נאָר די גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר שוין אַלץ כאָרגעשטעלט, אַז רוכעס און מייסים מיט אייזערנע קאַנטשיקעס אין די הענט גלאַנצן אויף מיר מיט די אויגן און שרייען אויף קוילע־קוילעס: „זאָג אַלעף, זאָג ביים!..."

יונגוואַרג

1939

# וויג-ליד

• שאָלעם אַלייכעם

ציייכענונג : א. גודלמאַן



שלאָף מיין קינד, מיין טרייסט מיין שיינער,
שלאָף, מיין זונעניו.
שלאָף מיין קרוין, מיין קאַדיש איינער,
ליולינקע, ליו-ליו.

באַ דיין וויגל זיצט דיין מאַמע,
זינגט אַ ליד און וויינט.
ווערסט אַמאָל פאַרשטיין, מיסטאַמע,
וואָס זי האָט געמיינט.

אין אַמעריקע דער טאַטע
דיינער, זונעניו,
ביסט אַ קינד נאָך, שלאָף לעסאַטע,
שלאָף-זשע, שלאָף, ליו-ליו.

דאָס אַמעריקע — פאַר יעדן,
זאָגט מען, איז אַ גליק
און פאַר יידן — אַ גאַניידן,
עפעס אַן אַנטיק.

דאָרטן ווייסט מען פון קיין צאָרעס,
גזיירעס, זונעניו,
פון קיין קלאָלעס, קיין יעלאָלעס,
שלאָף-זשע, שלאָף, ליו-ליו.

דאָרטן עסט מען אין דער וואָכן
כאַלעס, זונעניו,
יאַיכלעך וועל איך דיר דאָרט קאָכן,
שלאָף-זשע, שלאָף, ליו-ליו.

ער וועט שיקן צוואַנציק טאָלער,
זיין פאָרטרעט דערצו,
און וועט נעמען, לעבן זאָל ער,
אונדז אַהינצוצו.

ביז עס קומט דאָס גוטע קוויטל
דאַרף מען, זונעניו,
שלאָפן, ס'איז אַ טייער מיטל,
שלאָף-זשע, שלאָף, ליו-ליו.



יונגוואַרג — 1938

# שאָלעם·אַליכעמס·לעבן· געצייכנט פון אווראם



שאָלעם אַליכעם איז געבוירן געוואָרן דעם 2טן מערץ, 1859, אין פּערעיאַסלעוו, אוקראַינע. זיינע קינדער-יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין דעם שטעטל וואָראָנקע.




אין 1876 האָט ער פאַרענדיקט די רוסישע שול און געגעבן רוסישע לעקציעס. אין 1879 האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן אין אַ העברעיאישער צייטונג.




אין 1883 האָט ער חאַסענע געהאַט. אין 1884 האָט ער אָנגעשריבן זיין ערשטע קינדער דערציילונג „דאָס מעסערל". פון דאַן האָט ער שוין אַלץ געשריבן אויף יידיש.



אין 1903 האָט ער זיך פאַרבונדן מיט די באַרימטע רוסישע שרייבער גאָרקי, טאָלסטאָי און אַנדערע וועגן זאַמלבוך „הילף" פאַר די פּאָגראָמירטע יידן.



אין 1906 איז ער געקומען דאָס ערשטע מאָל קיין אַמעריקע. דאַן האָט ער אָנגעשריבן זיינע ערשטע מייסעס פון „מאָטל פּייסי דעם חאַזנס".




אין 1908 איז איבער דער גאַנצער וועלט געפייערט געוואָרן זיין 25-יאָריקער ליטעראַרישער יובילײ.



פון 1908 ביז 1912 האָט ער צוליב זיין געזונט געוואוינט אין נערווי, איטאַליע און אין פאַרשיידענע סאַניטאַריומס און אַנדערע לענדער.



אין 1914 באַזעצט ער זיך אין ניו יאָרק. אין 1916 ווערט ער זייער קראַנק. ליגנדיק אין בעט שרייבט ער „פונעם יאַריד". ער איז געשטאָרבן דעם 13טן מאַי.




איצט פייערט די גאַנצע וועלט זיין 80טן געבורטסטאָג. יידישע קינדער אין יידישע שולן איבער דער גאַנצער וועלט לייענען אים און פרייען זיך מיט אים.



מערץ, 1939

## אונזערע שול-קינדער אַ מתנה

פון ה״ק [illegible]

אַ גרוס אייך, אַ טיף־האַרציקן,
קינדער אידישע;
איך קוש די קלאָרע אויגעלעך
די פאַר'חידוש'טע.

יאָרן יונגע אייערע
— פרייד באַלאָדענע —
אויפגיין זאָלן זאַפטיקע,
פיין־געראָטענע.

זאָל אייך ליב אויף שול־באַנק זיין
יעדעס רגע'לע;
קלייבט פון אונזער אוצר אויף
יעדעס ברעקעלע.

זאַפט אין פרישע הערצעלעך
יעדן טראָפנדל, —
וועט איר זען די זוניקייט
הינטער יעדן שאָטנדל.

וועט אייך אונזער לעבן־וועג
פון אַ פאָלק אַן אוראַלטן
ליב זיין מונטערדיק
ווייטער אָנהאַלטן.

קעגן שונאים אַלערליי
— בייזע נידערטרעכטיקע —
זאָלט איר אויפשטעלן אין קאַמף
רייען מעכטיקע.

און מיט פעלקער אַנדערע
ענג־פאַרברידערטע,
אין שלום און גערעכטיקייט
איינגעגלידערטע, —

וועלן מיר דעם טראָט פאָרויס
מיט העלדן־מוט פאַרגיכערן
און אַ וועלט אַ פרייערע
אויף אַלעמאָל פאַרזיכערן.

א ייד א קאַלווירטניק

יהודה פען

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

# אַ געשטאַלט

דעם גוטן אָנדענק פון אַ ליבן פריינט

ווער איז ער, ווער, וואָס זוכט און קלייבט,
און וואו אַ בוך — איז דאָרטן איז ער?
דאָס איז דאָך אונדזער גוטער פריינד,
דאָס איז דאָך משה'לע פאַריזער!

ער טראָגט אַ בוך פון האַנט צו האַנט,
אַ בוך פון דאָ, אַ בוך פון דאָרט —
און אומעטום ער זעט טאַלאַנט,
ער זוכט דאָס ליכט פון אונדזער וואָרט.

ער האַלט אַ בוך און רעדט מיט פרייד:
— נעמט קוקט זיך איין, נעמט לייענט דאָ!!
עס שיינט אין אים אַ גרויסע פרייד,
די פרייד פון קמץ־אלף — אָ.

ער רעדט מיט דבקות און מיט פלאַם:
— ס'איז מענדעלע אַ קלאָרער טייך,
און פרץ איז אַ טיפער ים,
צי ווייסט איר, ווי מיר זיינען רייך?

— און נייע, נייע קומען צו,
אַז וואו אַ לאַנד קלינגט אונדזער ליד!
אַזוי האָט ער געלויבט — געגלויבט,
דער ליבער וואונדערבאַרער ייד!

# דאָס דיכטערל חיימ'ל

**אַ מעשה פאַר קליין און גרויס**

פון שלמה דאַווידמאַן

חיימ'ל לויפט ווי אַ פייל אויס בויגן. ער שלאָגט זיך אָן אין אַ סלופּ. דער סלופּ גיט אַ דרינדזשע, לאָזט ארויס אַ הילצערנעם קלאַנג, קוקט אויף חיימ'לען, ווי אויף אַ משוגענעם, נאָר חיימ'ל פילט ניט, אַז ער האָט געקראָגן אַ בייל אויפן שטערן.

ער באַגעגנט אַ פרוי, וואָס טראָגט אַ קויש מיט פּרוכטן, אייער און זעמעלעך. ער צעבוצקעט זיך מיט איר, זיי שטויסן זיך, ווי צוויי אָקסעלעך. דער קויש פאַלט אַראָפּ. די עפּל צעקייקלען זיך איבערן טראָטואַר. די אייער צעווייגען זיך אויף די שטיינער. פּלאַצט די שאָלעכץ און די געלעגלעך צעשמירן זיך, צעשפּרייטן זיך, מיינען די זעמעלעך, אַז מ'גייט עסן, קלעפּן זיי זיך איין אין די אייער, ווי אויף פּוטער.

די פרוי מאַכט אַ גוואַלד. מענטשן לויפן זיך צונויף אויף ביין וואונדער. נאָר חיימ'ל איז שוין העט ווייט אוועק. ער האָט שוין פאַרגעסן, אַז ער האָט אימיצן שאָדן אָנגעטאָן. ער איז פאַרטראָגן, האַלט אין איין יאָגן.

אַזוי ווי ער לויפט, קומט ער אָן אויף אַ מאַרק־גאַס. געשטעלן מיט פּרוכט, אייער, הערינג, געוואַנט, זויערע אוגערקעס און מענערישע זאַכן, זיינען אויסגעליינט אויף קעסטעלעך, ווי אויף אַן אויסשטעלונג. די הענדלער און הענדלערקעס שרייען אויס זייערע סחורות, טומלען, שלעפּן די קונים ביי די אַרבל, זיי זאָלן עפּעס קויפן.

פּלוצים ווערט אַ געשריי, אַ קווימשעריי, מענטשן פאַלן אויף די שטעלן, אויף די קעסטלעך. די סחורות צעלויפן זיך, צעוואַלגערן זיך. דורכגייער טרעטן אויף זיי מיט די פיס. די קרעמער יאָמערן, קלאָגן. זייערע זאַכן ווערן פאַרלוירן, צעטראָטן. וואָס איז געשען? — דאָס איז חיימ'ל געלאָפן איבערן טראָטואַר. נאָר צופיל פרויען און מענער האָבן זיך אָנגעקליבן, האָט מען ניט געקאָנט דורכגיין. מען האָט זיך געדאַרפט שטופן. נאָר חיימ'ל האָט דאָך קיין צייט ניט, ער לויפט דאָך, ווי פייל אויסן בויגן, האָט ער געוואָרפן מיט די הענט רעכטס און לינקס און מענטשן אומגעוואָרפן. איז זיך צונויפגעלאָפן אַ גרויסער עולם און אָנגעהויבן צו ליאַרעמען און גראַגערן, ווי געגרז.

איינער, ווייזט אויס אַ גרויסער חכם, האָט דערהערט אַזאַ געטומל, דערזען אַזאַ געלויף, האָט ער געמיינט, ניט אַנדערש, אַז ס'איז אוודאי אַ פייער, האָט ער ניט לאַנג געטראַכט און אָנגעהויבן שרייען: „עס ברענט, עס ברענט!" זיינען אָנגעפלויגן די פייער־לעשער מיט אייזערנע רויטע וואָגנס און לאַנגע פּאָמפּעס און אָנגעהויבן שיסן מיט וואַסער. פון גרויס דערשרעק איז דער עולם זיך צעלאָפן.

דערזעט מען: ניט קיין פייער, נאָר אַ אינגל וואַלגערט זיך אַ נאַסער, און די קרעמער און די פרויען שרייען פון דערווייטנס: „אָט דאָס איז ער. ער איז געלאָפן!"

דערהערט אַזאַ מעשה איז צוגעלאָפן אַ גרויסער, אַ גראָבער, אַ הויכער פּאָליסמאַן, אָנגענומען דאָס אינגל ביי ביידע אויערן און אים אויפגעשטעלט, ווי איינער, אַ שטייגער, שטעלט אויף אַ לינגדיג זעקל ציבעלעס.

— אַזוי גאָר די געשיכטע — מאַכט דער פּאָליסמאַן, — זאָג נאָר, בחור'ל, ווער ביסטו דאָס?

קוקט אים חיימ'ל אָן פאַרוואונדערט. ער הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין:

— איך בין דאָך חיימ'ל, דאָס דיכטערל, האָסט ניט געהערט פון מיר?

— איך האָב טאַקע ניט געהערט, נאָר איצט וועלן מיר דיך שוין קענען, — און דער פּאָליסמאַן פירט אים גלייך אוועק צום ריכטער.

אַזוי ווי מ'עפנט נאָר די טיר פון געריכט, דערזעט ער די אידענע, וואָס ער האָט צעשאָטן איר קויש אינמיטן גאַס, און אַ מאַן פון דער טעלעפאָן־קאָמפּאַני.

מ'האָט חיימ'לען אָוועקגעזעצט אויף דער באַשולדיגונג־באַנק. ער האָט אויסגעהערט אַ צעטל מיט שאָדנס, וואָס ער האָט אָנגעטאָן:

קאַליע געמאַכט אַ סלופּ, מענטשן אין יענער געגנט, וואו דער סלופּ איז געשטאַנען, האָבן אַ גאַנצן טאָג ניט געקאָנט ריידן אויפן טעלעפאָן;

דער פרוי האָט ער צעבראָכן צוועלף אייער, פאַרוואָרפן זיבן עפּל און פאַרשמוצט זיבן זעמעלעך;

אין מאַרק האָט ער געמאַכט אַזוי פיל שאָדן, אַז מ'קאָן מיט קיין הונדערטער ניט באַצאָלן.

דער ריכטער, אַן אַלטער מאַן, אַ פליכעוואַטער, האָט אַ קוק געטאָן איבער זיינע אויגן־גלעזער מיט אַזאַ קוק, אַז מ'האָט זיך געקאָנט דערשרעקן אָדער צעלאַכן.

— קאָנסטו דערקלערן, חיימ'ל, וואָס דו ביסט אַזוי שנעל געלאָפן? — פרעגט דער ריכטער.

— פאַרשטייט איר, ריכטער, — דערציילט חיימ'ל, — מיין לערער האָט געזאָגט, אַז איך בין אַ דיכטערל, בין איך געלאָפן אין רעדאַקציע פון דער קינדער־צייטונג אַריינצוגעבן מיינע לידעלעך. און די מענטשן ווייסן ניט, אַז איך בין אַ פּאָעט, האָבן זיי מיר פאַרשטעלט דעם וועג.

דער גאַנצער עולם און דער ריכטער האָבן זיך זייער צעלאַכט.

— דיין גליק איז, — מאַכט דער ריכטער, — וואָס דו ביסט נאָך אַ קינד. ווען דו ביסט אַ גרויסער מענטש, וואָלטן מיר דיך פאַר'משפּט צו דריי יאָר שיסן און פיר יאָר הענגען. איך לאָז דיך אַרויס פריי. נאָר זאָלסט מער ניט לויפן, פייל אויסן בויגן, אויף טראָטואַרן.

האָט חיימ'ל צוגעזאָגט און איז אַרויס פריי.

## מיין לשון

פינטשע בערמאַן

עס איז מיין לשון ניט קיין לשון, נאָר אַ ליד.
עס האָט די לייכטקייט און די שווערקייט פון געמיט.
עס דערמאָנט מיך אין מיין מאַמעס בענטשן ליכט;
עס דערמאָנט מיך אויך מיין טאַטנס בלייך געזיכט.

עס איז מיין לשון ניט קיין לשון, נאָר געבעט.
ניט די ליפּן, נאָר דאָס האַרץ, אין תפילה, רעדט.
פילסט, ווי ווינטן מילדע ווייען, אין געדריי;
פילסט אַ זיסקייט, פילסט אויך ביטער, פילסט אויך וויי.

עס איז מיין לשון ניט קיין לשון, נאָר אַ קלאַנג
פון אַ פאָלק, וואָס היילקט טרויער דורך געזאַנג,
פון אַ פאָלק, וואָס שרייט־אויס טראָציק אין זיין פּיין:
מיר זיינען דאָ! מיר זיינען דאָ! מיר וועלן זיין!

## צו אייך פערזענלעך, אייערע פריינט און אָרגאַניזאַציעס

טייערע פריינט!

ליינער, פריינט און קאָלעגן פון פּראָגרעסיוון אידישן שרייבער

# שלמה דאַווידמאַן

העלפן אַרויסגעבן:

1. „מיט אידיש קאָן מען אויספאָרן אַ וועלט!..."
(אַ נייער מין אַלף־בית אויף עטלעכע שפּראַכן. פאַר עטלעכע דורות. צו ליינען און לערנען אידיש. אַ געזאַנג צו אידיש.)

2. „איך שריי צו דיר פון דער געטאָ!..."
(געקליבענע נאָוועלן)

צו זיין 75־סטן געבוירנטאָג און 50 יאָר געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

וואָלט איר, אייערע פריינט, אייערע אָרגאַניזאַציעס זיך וועלן באַטייליגן? —

ביז איצט האָבן צוגעזאָגט זייער באַטייליגונג:

חיים סולעו■ י ט־רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן־פרייהייט"
י. פריד, פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן־פרייהייט"
א. יודין, לעיבאָר־עדיטאָר פון דער „מאָרגן־פרייהייט"
דייוויד פּלאַט, רעדאַקטאָר פון דער ענגלישער סעקציע פון דער „מאָרגן־פרייהייט" און מיט־רעדאַקטאָר פון „דזשואיש קאָרענטס"
איטשע גאָלדבערג, נאַציאָנאַלער פירער פון די שולן און רעדאַקטאָר פון „אידישער קולטור", איקוף
גדליה סאַנדלער, פירער פון די קלובן און סאָסייעטיס
בער גרין, דיכטער, קריטיקער, רעדאַקטאָר פון „זאַמלונגען"
ש. אַלמאַזאָוו, וועטעראַן, טוער ,זשורנאַליסט, מיטאַרבעטער „מ.־פ."
ס. ד. לעווין, " " " "
א. לעכאָוויצקי, נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטער פון דער „מאָרגן־פרייהייט"
א. דזשעניאַווסקי, נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון איקוף
סעם ליפּצין, פאָלקס־הומאָריסט, מיטאַרבעטער פון דער „מ. פ."
דוד סעלצער, דיכטער, זשורנאַליסט, „יד חנה"־קאָמיטעט
סיימאָן פעדערמאַן, פעדעראַציע פון די פוילישע אידן, מיטאַרבעטער פון „מאָרגן־פרייהייט"
לעאָן פענקין, אָפיס־אַרבעטער „מ. פ."
לאה שייפער־פענקין, מוזיק־פאַרבאַנד
מאַקס קופער, שאַפ־אַרבעטער, אַרבקאָר „מ. פ."
סעם לעווין, טוער פון בראַיטאָן־ביטש
אַלעקס זאַרעוו, בוך־דעפּאַרטמענט און אַלזייטיקער טוער פון דער „מאָרגן־פרייהייט"
זעליג זוראָוו, איבערזעצער, אָפיס־אַרבעטער אין דער „מ. פ."
לואי ווינער, „מ. פ."־אָפיס, סעק. בריסקער־טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי
אַהרן קאָלטער, ביזנעס־מענעדזשער „מ. פ.", מיטלשול־טוער

געזאמלט פון מארטין דוכאן אין מיאמי - ביטש:
גוסטאוו סטראוס. מעי דזשייקאבס.
סעסיליע וו.שאפירא.מארטין דוכאן.
ה.טענענבאום. ט.וואלדמאן.
מעקס ל.עדעלמאן.ב.א.גראדסקי.
מר.און מרס. בראדי.
מר .און מרס. הערי קאקינס.
מר .און מרס. מייקעלסאן.
מר.און מרס. אשער.
מר;און מרס .סיגאל.מר.און מרס.מאקס.
דר.און מרס.אירווינג בלאך.
אדאלף און מאריא רעם.
פאולין פארמאן .מילדרעד פערלמאן.

אַלע קומענדיקע נעמען וועלן אַריין אין בריוו און ביכער. מיר לאַדן אייך איין זיך צו באַטייליגן:

ספּאָנסאָר פון 10 דאָלער און העכער • סובסקרייבער — פון 5 דאָלער און העכער

באַגריסער — פון 1 דאָלער און העכער.

באַר באַגריסער קרעמען

פיאמר טולעסין

## דער הארציקער ייִדיש פון פוילן

װען איך האָב אין מינסק זיך געפרייט, —
באם ליטוואק הייסט „פרייען זיך“ וווינען,
ווײַל „וווינען“ בא אים אין די רייד
ארויסגעבראכט ווערט מיט א ציירע —
באקומט זיך ניט „וווינען“, נאָר „ווײינען“,
דאָס וואָרט זאָל ניט האָבן צוויי מיינען,
דעם אינהאלט מע זאָל ניט פארדרייען, —
איז זאָגט ער דעריבער „זיך פרייען“.

אָ, מעכטיקער ציירע! כ׳בין גרייט
א הימן דיר זינגען, מײַן ציירע.
פארקנאָטן דו ביסט אינעם „ברייט“,
פארוועבט אין דער „טיירע“, אין „סכיירע“.

פון דיר בין איך פּאָשעט אנציקט,
דו ביסט ניט קיין ליימענער גוילעם,
דו האָסט, ווי א שלאכטמאן, באזיגט
דײַן אייביקן סוינע — דעם כוילעם.

איך ווייס ניט, ווי וועמען, נאָר מיר
געפעלט דאָס ליטוואקישע ריידן, —
עס האָט יעדעס וואָרט זײַן קאָליר,
זײַן טאם, זײַנע ליידן און פריידן.

וואָס עמעס איז עמעס — גאנץ אָפט
בא אונדז אינעם שין איז א מאנגל,
דער „אייבערסטער“ האָט אונדז „געסטראָפט“,
ווײַזט אויס, פאר די צינגער די לאנגע...

איז אָט: ווען איך האָב זיך געפרייט
אין מינסק, דאָרט ניט ווײַט פון נעמיגע,
מײַן טיר טוט א סקריפּ שטילערהייט, —
ארײַן איז א מענטש א ניט היגער.

ארײַן און די טיר צוגעמאכט
מיט קארגע באוועגונגען שטילע,
און אויסגעזען האָט ער פארטראכט,
אזוי ווי א ייִנגל אן אילוי.

א בלייכער, א שמאָלער אין ביין,
די ווינקלען די הויכע פון שטערן
געשטעמפּלט מיט כאָכמע און כיין,
וואָס קומען פון שטענדיקן קלערן.

און דין איז געוועזן זײַן האנט,
די אויגן — פארנעפּלטע קארשן.
— עך זענט מיט מיר נישט באקאנט,
יאך בין א שראבער פון ווארשע. —

מיר האלטן פארפּלאָכטן די הענט
און דריקן און טרייסלען זיי פלײַסיק...

...דער הימל אף מײַרעוו־זײַט ברענט,
ס׳איז נײַנצן נײַן און דרײַסיק.

און טאקע אָט דעמלט — דורך פײַן,
דורך אויסערגעוויינלעכע גרוילן
צו מיר אין מײַן שטוב איז ארײַן
דער הארציקער ייִדיש פון פוילן.

ארײַן, ווי א ליכטיקע טרער,
אין אָפענעם הארצן אין מײַנעם.
דו טוסט זיך אזוי א פארקלער —
און זי איז שוין גרייט זיך צעשײַנען...

כ׳בין מוידע ייך, — ווען כ׳פלעג אמאָל
דערהערן די „עצן“ און „יאכן“,
איז אײַנהאלטן פלעג איך דאָס קאָל,
אז איך זאָל זיך הויך ניט צעלאכן.

נאָר איצטער — כ׳האָב ווידער, באנײַס
באנומען די קראפט פונעם לאָשן —
פון פערעצעס רולאָזן גײַסט,
פון ווײַסנבערגן, אָפּאטאָשו.

די גאנצענע צײַט נאָך ביז הײַנט
איך טרינק פון דעם קוואל פון דעם ריינעם.
וואָס מאכסטו, מײַן ווארשעווער פרײַנט?
מיר זײַנען דאָך נאָענטע שכיינים.

מיר זײַנען דערווײַל נאָך צעשיידט,
נאָר כ׳גלייב, אז מיר וועלן זיך טרעפן.
ערשט נעכטן, מיר דוכט, שטילערהייט
די טיר מײַנע האָסטו געעפנט.



### ר ע ט ע נ י ש

וואו גען שטעלט מיך, שטיי איך.
וואס מען ווײַזט מיר, זע איך.
אמאָל הענג איך אויף דער וואנט.
איך בין יעדן באקאנט.
מען קוקט אין מיר ארײַן.
וואו איך זאָל ניט זײַן.
איך גלאנץ און בין גלאט
און מאך נאָך יעדן אקוראט.
............

1918 א מאהילעווער גרופע



ש. דאווידמאן, א. אלטמאן, מ. פריימאן און א. סטאליאר



שלמה דאַווידמאַן

# דער פאָלקס־לערער

דער אידישער לערער מאָרדכע איז שוין אַן אַלטער לערער. דער גאַנצער קאָפּ האָר זיינער איז שוין קימאַט אינגאַנצן גרוי, נאָר וואו־ניט־וואו זיצן נאָך איינגעניסטלט שוואַרצע גרופּקעס האָר, וואָס דערציילן, אַז ער איז געווען אַמאָל אַ ברונעט.

יונג האָט ער אָנגעהויבן זיין לערער־קאַריערע. נאָך אין דער אַלטער היים, אַף יענער זייט יאַם, איז ער געפאָרן אַף „קאָנדיציעס" אין דערפער און שטעטלעך. געגעבן פּריוואַטע לעקציעס אַף אידיש, העברייאיש און רוסיש.

ווען ער וואָלט געוואָלט, וואָלט ער געקענט ווערן אַ ראָוו; ווען ער וואָלט געוואָלט, וואָלט ער געקענט ווערן אַ דאָקטאָר, האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט ליב געהאַט צו זיין אַ לערער, איז ער געוואָרן אַ לערער.

אַ הויכער איז ער, מאָרדכע דער אידישער לערער, אַ ברייט־פּלייציקער, אַ צעוואַקסענער מיט אַ טאַמעוואַטן אויסזען, און מיט אַ צעלעפּעטער־נאָז אין מיטן דעם ברייטן פּאָנים.

אָבער אַזוי איז ער אַ גאַנץ צופרידענער מיט זיין לעבן. כאָטש דער קאָלנער מיטן שניפּס ליגן באַ אים עפּעס ניט אין אָרדענונג. זייער אָפּט, פּאָרן זיך ניט. ער בייט ניט זייער פּינקטלעך זיין אויבער־העמד. זיין באָרד איז ניט קיין געשאָבטע גאַנץ אָפּט.

זיין גאַרניטור, זיין אויבערמאַנטל און זיינע שיך קוקן אויס קימאַט שטענדיק ניט־ניי. אַביסל איז עס דערפאַר, וואָס ער גיט ניט קיין צופיל אַכטונג אַף קליידונג, און אביסל איז עס דערפאַר, וואָס אַף אַ נייעם מאַלבעש איז אים שווער אָנצוזאַמלען גענוג קאַפּיטאַל. אַ קאַ־פּעליוש טראָגט ער בלויז אַ כוידעש, צוויי, דורכן יאָר, טראָגט ער אים שוין אַ שאָק מיט יאָרן.

אָבער אַזוי איז ער אַ גאַנץ צופרידענער מיט זיין לעבן. אין זיינע קלוגע דורכדרינגלעכע בליקן דערקענט מען, אַז ער זעט גאָר אַן אַנדער וועלט, אַ שיינע גרויסע פרייע וועלט. אין זיין שמייכל, זיין פילאָזאָפישן שמייכל זעט מען, אַז מאָרדכע, דער אידישער לערער, פאַרמאָגט גרויסע רייכטימער, וואָס פאַרגיטיקן זיין אויסערלעכן אויסזען. ער לייענט און לערנט אַ גאַנץ לעבן.

און אַז ער לייענט און לערנט אַ גאַנץ לעבן, קען ער אַ סאַך און ווייסט אַ סאַך. ער איז באַקאַנט מיטן טאַלמוד. ער איז זייער היימיש מיט דער אידישער געשיכטע. ער לייענט עטלעכע שפּראַכן. ער איז באַקאַנט מיט עטלעכע ליטעראַטורן. ער איז אויסגעכקירעט אין מאַרקסיזם. ער איז אָנגעשטאָפּט מיט פאָלקלאָר. ער איז אַ גייענדיקער ווערטער־בוך, אַ פאָלקס־לערער . . .

⁂

איז אויך היינט אינדערפרי מאָרדכע אויפגעשטאַנען פרי. ער שטייט שטענדיק אויף פרי. ער איז אַרויס אין גאַס און איינגעקויפט צייטונגען. ער קען ניט עסן קיין פרישטיק אָן קיין צייטונגען. אַזוי ווי ער קריגט זיי פון צייטונג־פאַרקויפער, הייבט ער זיי גלייך אָן איבער־קוקן. ער וואַרפט מיט זיינע בליקן איבער די קעפּלעך נייעסן. מילכאָ־מע־נייעסן, אידישע נייעסן. ער כאַפּט אַ קוק אין די אינעווייניקסטע בויגנס. דאָס גרייט ער זיך צו צום לייענען. ניט אַלעס האָט ער צייט צו לייענען און ניט אַלעס לוינט זיך צו לייענען.

נאָר אַזוי ווי ער האָט געגעבן אַ צעעפן די אידישע צייטונג, האָט אַ קוק געטאָן אַף אים אַ בילד פון אַ באַקאַנט פּאָנים. דאָס איז געווען אַ בילד פון אַ יונגן אַמעריקאַנעם סאָלדאַט. נאָך איידער ער האָט איי־בערגעלייענט די אונטערשריפט, האָט ער דערקענט זיין טאַלמיד, זיין אַמאָליקן שילער שמועל פון פילאַדעלפיע, דעם פאַרכאָלעמטן שמועל.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן גאַס, געקוקט אָפן בילד און געשמייכלט צו זיך אַליין. ער האָט זיך זייער דערפרייט. דערנאָך האָט ער די צייטונגען צענויפגעלייגט און זיך געלאָזט אַרויף, אין זיין הויז אַריין. ער וועט זיך אַוועקזעצן באַם טיש און לייענען, גוט, גוט לייענען פון זיין שילער שמועל, וואָס איז שוין אַ סאָלדאַט.

ער איז אַריין אין הויז און אַף גיך אַוועקגעוואָרפן זיין מאַנטל אָפן בעט. ער איז אַריין אין זיין קליינער קיך, אַ קיכעלע טאַקע, און־טערגעצונדן דאָס פייערל אונטער דעם קאַוועניק.

ער שפּרייט אויס די צייטונג איבערן טיש און שטייט לעבן טיש, האַלט צו די ערשטע זייט פון דער צייטונג מיט דער רעכטער האַנט, ווי אַ גרויסן בוך, און קוקט און קוקט אַף זיין שילער שמועל און שמייכלט צו אים, רעדט צו אים.

ס'איז קיינער ניטאָ איצט אין הויז, אין די פּאָר צימערלעך, אין דער דירע פון מאָרדכע, דעם אידישן לערער. זיין פרוי איז באַ דער אַרבעט. זיין פרוי מוז גיין צו דער אַרבעט. אַ פרוי פון אַ אידישן לערער מוז גיין צו דער אַרבעט. איז קיינער איצט ניטאָ אין הויז, רעדט ער צו זיך, צו שמועלן, זיין שילער.

ער גיסט זיך אָן דאָס ערשטע טעפּל קאַווע. הייסע קאַווע האָט מאָרדכע ליב. און ווען די פּאַרע פון דער הייסער קאַווע רויכערט זיך אַרויף, קוקט ער אַף דער אַרויפגייענדיקער פּאַרע און דערמאָנט זיך אָן זיין שילער שמועל:

שוין אַ גאַנצער צענדליק יאָר דורכגעגאַנגען. אין 1932־1933 איז דאָס געווען. אַ שטורעמדיקע צייט געווען אין לאַנד. הונגער און אַרבעטלאָזיקייט האָט זיך ברייט צעשפּרייט איבערן לאַנד. און אויך אין די היימען פון די אידישע עלטערן, וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די אידישע שולן, אין דער שול, וואו מאָרדכע האָט גע־לערנט, האָט זיך אַריינגעכאַפּט די אַרבעטלאָזיקייט און דער הונגער.

מאָרדכע האָט געהאָלפן פיל עלטערן קריגן רעליף, שטאָטישע הילף. אַ סאַך קינדער האָבן זיך געלערנט אין שול אָן סכאַר־לימעד. און מאָרדכע האָט באַקומען זייער ווייניק סכירעס דעמאָלט, זייער ווייניק. נאָר וואָס־זשע האָט ער געקענט טאָן, אַז אַזוי פיל עלטערן זיינען אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט, הונגער האָט זיך באַזעצט אין די היימען?

און מאָרדכע האָט דערציילט די קינדער און דערקלערט פאַר־וואָס זייערע עלטערן האָבן ניט קיין אַרבעט און פאַרוואָס אַ סאַך מענטשן הונגערן.

און קינדער האָבן געשטעלט זייער פיל פראַגן. און מער פון אַלע האָט געפרעגט שמועל.

שמועל איז אַ הויך דאַר אינגל, אַ בלאַס באָכערל מיט פאַרכאָ־לעמטע אויגן. שמועל הערט זיך צו, וואָס זיין לערער מאָרדכע דער־ציילט. ער זשמורעט מיט די אויגן, עפנט זיי ברייטער און ברייטער. ער וויל הערן מער און מער פון דעם לערערס מייסעס.

און נאָכן לערנען בלייבט שמועל אָפּט איבער מיטן לערער איז שול. עפּשער קען ער עפּעס העלפן דעם לערער. עפּשער קען ער עפּעס טאָן פאַרן לערער. עפּשער קען אים דער לערער דערציילן נאָך אַ מייסע.

שמועל האָט שטענדיק צייט אין שול, ווייל ער דאַרף לאַנג ניט גיין פון און צו דער שול. ער וואוינט טאַקע אין דער זעלבער גע־ביידע. די גרויסע דריי־שטאָקיקע הויז האָט אַ סאַך צימערן, נאָר קיי־נער וואוינט ניט אין זיי, בלויז שמועל און זיין ברודערל, זיין שוועס־טערל און זיין טאַטע־מאַמע.

דאָס איז אַ הויז פאַר מיטינגען פון אַלערליי אָרגאַניזאַציעס פון עלטערן. יעדע אָרגאַניזאַציע צאָלט אַביסל געלט און מיט די ביס־לעך געלט האַלט מען אויס די הויז.

און שמועלס טאַטע־מאַמע גיבן אַכטונג אַף דער הויז. זיי האַלטן ריין די צימערן, אַז מע זאָל קענען דאָ אָפּהאַלטן מיטינגען, אַז מע זאָל קענען דורכפירן פאַרשידענע לעקציעס און אונטערנעמונגען, אַז

מאַרדכע זאָל קענען לערנען מיט אידישע קינדער.

שמועל איז דער בעסטער פריינט פון לערער. וואָס דער לערער הייסט שרייבן, שרייבט ער. וואָס דער לערער פאַרגיט אין לייענען, לייענט ער.

די מערסטע קינדער פון שול, וואָס האָבן ניט קיין גרויסן כיישעק צו די שול־לימודים, האַלטן ניט שטאַרק פון שמועלן. זיי רופן אים „דער פאַרכאַלעמטער שמועל". אָבער שמועלן אַרט עס ניט. ער קען טאַקע שרייבן, לייענען און רעדן אידיש בעסער פון אַלע. און אַז ס'קומט טאַקע צו אַ שווער אידיש וואָרט, ווייסט שוין דער קלאַס, אַז שמועל וועט זיין דער איינציקער, וואָס וועט וויסן.

און שמועלס טאַטע, וואָס איז אויך אַ בלאַסער, אַ בלייכער, איז זייער צופרידן ווי אַזוי זיין זון לערנט זיך גוט אין שול. שמועלס טאַטע איז אַ בלאַסער און אַ בלייכער דערפאַר, וואָס שוין יאָרן און יאָרן, אַז ער איז אַ פאַרבער. ער פאַרבט הייזער. שוין זייער אַ סאַך הייזער האָט ער אין פילאַדעלפיע אויסגעפאַרבט. נאָר איצט איז ניטאָ וואָס צו פאַרבן, פאַרדינט ער ניט, קוקט ער נאָך אויס בלאַסער און בלייכער, ווי שטענדיק.

און שמועלס מאַמע איז צופרידן ווי אַזוי איר זונדעלע לערנט זיך. זיין מאַמע איז גאָר אַ קליין־וואוקסיקע און זי האָט גאָר פון זיך אַרויסגעגעבן אַזאַ גרויסן, געראָטענעם זון.

און ווען מאַרדכע דער לערער טוט זיך שוין אָן זיינע קליידער, ער האָט שוין פאַרענדיקט לערנען מיט אַלע קלאַסן, באַגלייט אים שמועל אַראָפּ אַלע טרעפּ, ביז צו דער לעצטער טיר אַרויס.

און איינמאָל, ווען דער פרילינג האָט זיך באַוויזן אין פילאַדעלפיע, האָט שמועל באַגלייט זיין לערער אַזש ביז צו דעם טראַמוויי. און דער לערער מאַרדכע האָט אים געפרעגט: „שמועל, זאָג מיר נאָר, וואָס וואָלסטו געוואָלט ווערן, ווען דו וועסט אויסוואַקסן, ווען דו וועסט ווערן אַ גרויסער מענטש?"

„איך וועל זיין אַ לערער, ווי איר, לערער מאַרדכע!" — האָט שמועל געענטפערט.

„אַ לערער גאָר? — האָט זיך דער לערער געוואונדערט — אַ לערער איז ניט אַזוי גוט צו זיין, ער דאַרף זיך אויסעסן דאָס האַרץ מיט שלעכטע קינדער, מיט טעמפּע קינדער. אַ לערער קריגט ניט אַזוי גוט באַצאָלט פאַר זיין ארבעט. און דו ווילסט גאָר זיין אַ לערער?"

שמייכלט דער פאַרכאַלעמטער שמועל און רופט זיך אָן: „אָבער אַ לערער איז דאָך אַ גרויסער קענער, אַלצדינג ווייסט אַ לערער. אַ לערער קען דערציילן זייער אַ סאַך מייסעס, אַ לערער קען די גאַנצע געשיכטע און האָט געלייענט אַ סאַך ביכער פון אַ סאַך שרייבער".

און שמועל דערציילט איבער די מייסע, וואָס דער לערער האָט אים דערציילט, ער געדענקט וואָרט אין וואָרט:

אַמאָל, אַמאָל, איז געפאָרן אַ גרויסע שיף אין מיטן גרויסן יאַם. אַף דער שיף זיינען געפאָרן אַ סאַך, אַ סאַך מענטשן. צווישן די פּאַסאַזשירן זיינען געווען זייער פיל, זייער פיל רייכע סאָכרים, הענדלער. זיי האָבן געפירט מיט זיך זייער אַ סאַך, זייער א סאך פאַרשידענע סכוירעס. זיי האָבן געפירט גאָלד, זילבער, בריליאַנטן, דימענטן, פאַרשידענע צירונגען. און פאַרשיידענע אויסגענייטע שאַלן, שאַלעכן און שאַלעכלעך. אויסגעוועבטע און אויסגעשטריקטע טעפּיכער. פיין־גענייטע קליידער. אויסגעפּוצטע נייע גלאַנציקע שיך, שיכלעך און שיכעלעך און שטיוול. און מע האָט געפירט היטלען, היטעלעך, הוטן און קאַפּעליושן. און מע האָט געפירט זייער טייערע פּרוכטן, מאַראַנצן, לימענעס, מילגרוימען און עסרויגים און לילואווים. און נעגעלעך, שמעקנדיקע בלעטער, לאָרבער־קרענץ און רעפואס, טרופּעס און פּאַרפיומען און פיינעם בוימאייל. און אַלערליי פאַרשידענע קאָלירטע וואַרעס און לעדער און געפאַרבטע שטרויען. און פאַרשידענע וויינען האָט מען געפירט, ווייסע און רויטע וויינען, שטאַרקע און שוואַכע און זיסע וויינען. האַקלאַל, ס'איז געווען אַף דער שיף אַלע גוטסן און אַלע רייכקייטן פון דער גאַנצער וועלט.

און די סאָכרים זיינען אַרומגעגאַנגען פריילעכע איבער דער שיף. און זיי האָבן געלויבט און גערימט זייערע סכוירעס. און זיי האָבן טאַקע צווישן זיך אויך געמאַכט מיסכער. און זיי האָבן זיך פאַרגעשטעלט, אַז אַזוי ווי זייער שיף וועט נאָר אָנקומען צום ברעג, וועט מען זיי באַפאַלן פון אַלע זייטן און מע וועט צעכאַפּן זייערע סכוירעס. מע וועט זיי צאָלן אין טאָג אַריין, מע וועט זיי אָפּגילטן און זיי וועלן ווערן זייער און זייער רייך.

און אַף דער שיף, צווישן די אַלע סאָכרים, איז בלויז געווען איין סויכער, וואָס איז זיך אַרומגעגאַנגען אַ רואיקער, אַ שמייכלענדיקער, ער האָט זיך ניט געטומלט, ער איז זיך גאָר אַרומגעגאַנגען מיט אַ בוך אין דער האַנט און אַלעמאָל אַביסל געלייענט.

און אַז די סאָכרים האָבן אים געפרעגט, וואָס פאַר אַ סכוירע ער פירט, וואָס פאַרקויפט ער און וואָס קויפט ער; עפשער קען ער זיך בייטן מיט זיי מיט אַן אַנדער סכוירע? —

האָט ער זיי געענטפערט מיט אַ שמייכעלע: „מיין סכוירע קענט איר ניט קויפן און ניט פאַרקויפן, איר קענט זי ניט פאַרבייטן, מע קען זי ניט עסן און ניט טרינקען, מע קען זיך מיט איר ניט קליידן און ניט שיכן, — מיין סכוירע ליגט אין קאָפּ, אָט־אָ־דאָ־אָ!" — און דערביי וויזט ער אָן אַף זיין קאָפּ און אַפן בוך, וואָס ער האַלט אין דער האַנט, און ער שמייכלט צו זיי מיט אַזעלכע קלוגע אויגן.

קוועטשן זיי מיט די פּלייצעס, די סאָכרים. זיי וואונדערן זיך: „וואָס פאַר אַ מין סכוירע קען דאָס זיין? — עפשער איז ער אַ קישעף־מאַכער?" און אייניקע סאָכרים וויצלען זיך און לאַכן: „אָדער ער איז פאַררִיקט, אָדער ער איז אַראָפּ פון זינען, אָדער ער איז גלאַט מעשוגע, — אַ סכוירע וואָס ליגט אין קאָפּ! איר האָט שוין געהערט פון אַזאַ סכוירע, וואָס מע קען ניט עסן און מע קען ניט טרינקען, וואָס קען ניט קליידן און קען ניט שיכן?" —

און אַזוי ווי זיי לאַכן און וויצלען זיך, ווערט אַ גרויסער ווינט, אַ שרעקלעכער שטורעם, עס הייבט אָן וואַרפן מיט דער שיף. די שיף וויגט זיך אַרויף און אַראָפּ. די ברויזנדיקע כוואַליעס עפענען גרויסע מיילער, הויבן אויף גרויסע וואַסער־בערג און מאַכן גרויסע טאָלן.

די שיף איז געוואָרן אַ הוידלקע־שפּילעכל פאַרן יאַם, פונקט ווי אַ קינד הוידלט זיך אויף אַ הוידלקע, אָט שלינגט דער ברויזנדיקער יאַם איין די שיף און אָט שפּייט ער זי אויס.

עס האָט אָנגעהויבן וואַרפן מיט די מענטשן, ווי אין א קאַדאָכעס. עס איז אָנגעפאַלן אַף יעדן אַ גרויסע שרעק. יעדער איינער האָט אָנגעהויבן צו בעטן צו זיין גאָט, אַז ער זאָל איינשטילן דעם יאַם. נאָר דער יאַם האָט זיך נאָך מער צעבושעוועט.

און אַז דער יאַם האָט ניט געוואָלט ווערן שטילער, האָט דער קאַפּיטאַן פון דער שיף געהייסן אַרויסוואַרפן אַלע סכוירעס אין יאַם אַריין. און די סאָכרים זיינען געשטאַנען פאַרוויינטע און פאַרקלאָגטע און דערשראָקענע און געזען ווי פּאַק נאָך פּאַק, און זאַק נאָך זאַק מיט די טייערסטע סכוירעס ווערן געוואָרפן אין יאַם אַריין. און די שיף האָט זיך געטראָגן שנעלער. און דער יאַם האָט געבושעוועט. און מע האָט געוואָרפן די סכוירעס פאַר די פיש. און די סאָכרים האָבן געוויינט און זיך געשראָקן פאַרן טויט.

נאָר דער סויכער, וואָס האָט געהאַט זיין סכוירע אין קאָפּ, האָט זיך ארומגעדרייט רואיקער פון אַלע. ער האָט זיי געזאָגט, אַז פון דעם, וואָס זיי וועלן זיין אויפגערעגט, וועט דער יאַם ניט ווערן שטילער. מע דאַרף נאָר האָפן, אַז מע זאָל בעשאָלעם קומען געזונט צום ברעג. און אַז מע וועט קומען געזונט צום ברעג, און מע וועט בלייבן לעבן, וועט מען שוין קריגן די אלע סכוירעס.

און ענדלעך האָט מען דערזען ערד. מע האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו אַ שטאָט. מע האָט זיך געפרייט. נאָר די פרייד פון די רייכע סאָכרים איז צעשטערט געוואָרן, ווען זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז אלע זייערע סכוירעס ליגן אַפן גרונט פונעם יאַם. די פיש עסן זיי. נאָר מער פון אלע האָט זיך געפרייט דער מאַן, וואָס האָט געהאַט זיין סכוירע אין קאָפּ.

און ווען מען האָט אָנגעהויבן פאַראַנקערן די שיף, מע האָט אָנגעהויבן אַריבערוואַרפן ברעטער־לייטערס צום ברעג, האָט מען דערזען אַ גרויסן אוילעם פאַרזאַמלט באַם ברעג, אַן אוילעם פון יונגע מענטשן. און די יונגע מענטשן פאָכען מיט זייערע טיכלעך און מיט זייערע הענט צו דעם סויכער, וואָס האָט זיין סכוירע אין קאָפּ. און דער שמייכלענדיקער מאַן פאָכעט צו זיי, שמייכלט און פרייט זיך און ער זאָגט צו אלע געוועזענע רייכע סאָכרים פון דער שיף:

„איר זעט, מיינע פריינט, אָט־די יונגע מענטשן זיינען געקומען קויפן באַ מיר מיין סכוירע, וואָס איך האָב אין קאָפּ. איך בין אַ לערער און זיי זיינען מיינע טאַלמידים. זיי האָבן זיך ליב צו לערנען. און איך האָב ליב צו לערנען מיט זיי. זיי האָבן ליב די סכוירע, וואָס מע קען ניט עסן און מע קען ניט טרינקען; זיי האָבן ליב די

סכוירע, וואָס באַקליידט ניט און באַשיכט ניט; די סכוירע, וואָס איז ניט שווער אַף אַ שיף אין אַ גרויסן שטורעם און מע דאַרף זי ניט וואַרפן אין וואַסער אַריין!" . . .

— איז דערפאַר — זאָגט דער פּאַרכאַלעמטער שמועל — וויל איך אויך זיין א לערער, ווי איר, לערער מאָרדכע.

דעמאָלט האָט שוין דער לערער מאָרדכע ניט געוואָלט אַרויפגיין אַף דעם טראַמוויי, וואָס איז אָנגעקומען. ער איז געגאַנגען מיט שמועלן אַף אַ שפּאַציר. ער האָט מיט שמועלן גערעדט, געשמועסט. ער האָט אים געזאָגט, אַז ער וועט אויסוואַקסן, שמועל, און אַז ער וועט זיין אַ לערער, וועט ער שוין זיין גאָר אַ גוטער לערער. און ער האָט אים דערציילט די מייסע פון אַקיווע דעם פּאַסטוך. אַ פּאַשעטער פּאַסטוך געווען, ער האָט אפילע דעם אַלעף־בייס ניט געקענט. און אַז ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין, אַז ער וויל זיך לערנען, האָט ער אַזוי פיל געלערנט, האָט ער זיך אַזוי לאַנג געלערנט, ביז ער איז געוואָרן אַ לערער פון 24 טויזנט שילער. יאָ, יאָ, פיר און צוואַנציק טויזנט טאַלמידים. און אויב ער, שמועל, האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין, אַז ער וויל ווערן אַ לערער, וועט ער שוין זיין אַ לערער, אַ גוטער לערער, שוין איינמאָל אַ לערער! . . .

און איצטאָ, ווען מאָרדכע זיצט אין קיך און גרייט זיך טרינקען קאַווע, האָלט צעשפּרייט די ציטונג אַן אָפּענע, קוקט אַף אים זיין שילער, דער פּאַרכאַלעמטער שמועל. ער שטייט אָפּן בילד אַן ערנסטער, אַ דיסציפּלינירטער. נאָר מאָרדכע קוקט גוט אַריין אין זיינע אויגן, קוקט גוט אַף זיינע ליפּן, דערזעט ער, ווי עס שיינט אַרויס אַ פּייערל פון זיינע אויגן, ווי עס שפּראָצט אַרויס אַ שמייכעלע פון זיינע ליפּן, אַ ליב שמייכעלע פון אַ ליבן באָכער . . .

מאָרדכע כאַפּט ביסנס אין מויל אַריין, זופּט צו ביסלעך פון דער הייסער קאַווע און לייענט דעם שיינעם בריוו, וואָס איז געדרוקט אין דער ציטונג. אזא קלוגן בריוו האָט ער געשיקט זיינע עלטערן, אַז די ציטונג האָט געפונען פאַר נויטיק אים אָפּצודרוקן. ווייל דאָס איז ניט בלויז אַ בריוו צו שמועלס עלטערן, נאָר צו אַלע אידישע עלטערן, וואָס האָבן זין אין דער אמעריקאַנער ארמיי: דאָס איז א בריוו צו אַלע שילער, עלטערן, טוער און לערער פון די אידישע קינדער־שולן; ס'איז אַזאַ קלוגער בריוו, אַז אַלע אידן מעגן אים לייענען.

און מאָרדכע, דער אידישער לערער, איז זייער פריילעך. ער פּאַרציט פאַר זיך אַליין אַ ניגנדל. ער וועט שוין היינט דערציילן אלע זיינע שילער און עלטערן און פריינט וועגן זיין טאַלמיד שמועל, דער פּאַרכאַלעמטער שמועל, וואָס איז איצט א סאַלדאַט.

***

איז היינט מאָרדכע געקומען פרי אין שול אַריין. כאַטש היינט ברענט אַ גרויסער פראָסט אין דרויסן. און אַז אין דרויסן איז זייער שטאַרק קאַלט, איז אין שול אויך אַ פּיין ביסל קאַלט. די קעלט רוקט זיך אַריין דורך דער טיר, וואָס האָט שפּאַרונעס פון אויבן, אין אייך זייט און גאָר באַ דער שוועל. די קעלט שטופּט זיך דורך די פענצטער, וואָס זיינען ניט שטאַרק פּאַרפּעסטיקט. און דער „סטים", וואָס קומט אַריין אין דעם „רעדיאַייטער", איז עפּעס ניט קיין הייסער „סטים", עס איז עפּעס א מין וואַרעמלעכער „דאַמפּ", — אַזוי אַז אין שול איז אין אַזאַ טאָג אַ מין פּאַרעווודיקע טעמפּעראַטור: ס'איז ניט צו קאַלט און אויך ניט צו הייס.

אין אַזאַ פראָסטיקן טאָג טראָגן די קינדער די מאַנטלען, די סוועדערס, לייבלעך, אַף זיך. און אַמאָל, ווען דער לערער מאָרדכע קען זיך שוין מער ניט איינהאַלטן, עס העלפט שוין ניט קיין שעמען זיך, כאַפּט ער טאַקע אַרויף דעם מאַנטל אַף זיך. ער טוט אים ניט אָן אינגאַנצן, ווי מע טראָגט אַ מאַנטל אין גאַס, נאָר ער הענגט אים אויף אַף די פּלייצעס, גלאַט אַזוי, מייסע ספּאַרט, און דערוויייל טאַקע וואַרעמט עס אַביסל אַ פּלייצע.

נאָר מיט די פיס האָט מאָרדכע זייער גרויסע צאַרעס. פון דיל, וואָס איז שוין אַן אויסגעריבענער, אַ צעשפּאַלטענער, האָט עטלעכע לעכעלעך, שיסט אַרויף אַזאַ קעלט און פאַרקילט זיינע פיס. דעמאָלט מוז ער שוין אַרומשפּאַצירן אין קלאַס.

נאָר היינט, כאַטש עס ברענט אַזאַ פראָסט אין דרויסן, איז ער געקומען פרי אין שול אַריין. ערשטנס, האָט ער ניט געקענט קומען ניט־פרי, ווייל ער האָלט מיט זיך די ציטונג מיט שמועלס בריוו און בילד. און צווייטנס, וועט ער זיך אַן עצה געבן. ער וועט אָנציגדן די פּייערלעך פון גאַז־אויוון. נו, וועט עס קאָסטן אַ פּאָר סענט דער שול. מע בלייבט אים שולדיק נאָכן סעזאָן אַזוי פיל און אַזוי פיל דאָלאַרן, וועט מען אים בלייבן שולדיק נאָך אַ פּאָר סענט.

און אָט קומען שוין די קינדערלעך מיט זייערע געלעכטערלעך. די קליינע וועוורקעס פון ערשטן קלאַס. זיי באַגריסן זיך מיטן לערער. זייער לערער שמייכלט שטענדיק. נאָר היינט שמייכלט ער נאָך מער, עפּעס קוקט ער אויס זייער אַ צופרידענער, מער צופרידן, ווי טאָמיד.

מע שרייבט היינט מילכאָמע־זאַצן:
„מיין גרויסער ברודער איז אַ סאַלדאַט.
מיין אָנקל איז אַ מאַטראָס אין פלאָט.
פון יענער זייט יאַם איז געקומען אַ בריוו,
פון אַ פליער אַף אַן עראָפּלאַן־שיף!"

באַ דעם לערער מאָרדכע קומען אָפּט אַרויס די זאַצן מיט אַ גראַם, ווי אַ לידל. און די קינדער האָבן דאָס טאַקע ליב און שרייבן און לייענען מיט חשק.

און אַז די קינדער האָבן פּאַרענדיקט זייער לייענען און שרייבן, האָט דער לערער מאָרדכע פּאַרשפּרייט די ציטונג איבער זיין טיש, ווי אַ טישטוך. ער האָט צוגערופן אַלע קינדערלעך צו זיך, אַרום טיש, ער האָט אָנגעשטעלט זיין פינגער אַף שמועלס בילד און זיי געזאָגט:
„איר זעט, קינדער, דעם סאַלדאַט? — ער איז געווען מיינער אַ שילער, זייער אַ גוטער שילער, אַזאַ שילער, וואָס קען שוין באַלד ווערן אַ לערער!" און ער האָט זיי דערציילט מייסעס פון שמועלן דעם סאַלדאַט. און די קינדער זיינען געווען זייער צופרידן. עס האָט זיי נאָר פּאַרדראָסן, וואָס זייער צייט האָט זיך אַזוי שנעל פּאַרענדיקט און די גרעסערע כעוורע־לייט פון 2־טן קלאַס קומען שוין אָן.

און אין צווייטן קלאַס, און אין דריטן קלאַס האָט דער לערער מאָרדכע דערציילט מייסעס די קינדער פון זיין שילער שמועל.

נאָר אַז ס'האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען די גרויסע יונגען און די גרויסע מיידן פון פערטן קלאַס, פון דעם גראַדוּאיר־קלאַס, וואָס גרייט זיך שוין אין מיטלשול אַריין: ס'איז געקומען די לאַנגע דזשודיט און די ברייטע כאַווע, דער קליינטשינקער סאַל, וואָס פירט באַ זיך איין אין זיין העפט אַריין אלע שווערע אידישע ווערטער און פּאַרטייטשט זיי אַף ענגליש, ער מאַכט זיך אַליין אַ ווערטער־בוך. און פּערל די קלענערע, וואָס קען שפּילן און זינגען און טאַנצן, און פּערל די גרעסערע, וואָס האָט ליב אַ סך צוקערקעס, און מוישע דער קליינער, וואָס שרייבט מיט קליינע אויסיעלעך, ווי פּיצלעך פליגעלעך, אַז דעם לערער אַליין איז שווער איבערצולייענען, און מוישע דער בלאָנדער, דער שטילשווייגנדיקער, און נעכאַמקע די ביינעוודיקע, און עלענאָר, די אינטעליגענטקע און דער געאָגראַפּיסט און שיפן־מאַכער שלוימע, דער בעסטער פון אַלע שלוימעס. דאָס איז דער שלוימע, וואָס האָט באַ זיך אין דער היים, אין זיין צימער, אַ וועלט־קאַרטע, און ער ווייסט אייך אויסנווייניק אַלע שטעט און אַלע טייכן און אַלע בערג פון דער גאַנצער וועלט. און דער שלוימע טראָגט זיך אַרום מיט אַ מעסערל און האָלט אין איין שניצן. וואָס איר ווילט קען ער אייך אויסשניצן. און אַ מאַלער איז ער גאָר אַ גרויסער. ער מאָלט אייך אַלע עראָפּלאַנען און אַלע שיפן און, און, און . . . שוין איינמאָל אַ שלוימע.

איז, אַז די פערטע־קלאַסניקעס האָבן זיך היינט אַריינגעשטעלט אין שול אַריין, איז מאָרדכען געוואָרן ליכטיק אין די אויגן. אָט אַף זיי האָט ער דאָך געוואַרט דעם גאַנצן טאָג. ערשטנס, זיינען דאָס שוין טייערע שילער, גאַנצע מענטשן, זיי פאַרשטייען דאָך, וואָס מע רעדט צו זיי. און צווייטנס, וויל ער פאַר זיי לייענען שמועלס בריוו. ס'איז אזא מין בריוו, וואָס וועט זיין פאַר זיי אַ לעקציע אין געשיכטע.

נאָר איידער מע האָט זיך נאָך גוט צעזעצט אַף די בענקלעך, איז צוגעשפּרונגען די קלענערע פּערל: „לערער מאָרדכע, לערער מאָרדכע, עפּשער זאָלן מיר היינט מאַכן טיי פאַר אייך און פאַר אונדז? — ס'איז היינט אַזוי קאַלט, וועלן מיר זיך דערוואַרעמען".

און נאָך איידער דער לערער האָט געגעבן זיין ענטפער, איז שוין די גרעסערע פּערל געקומען מיט אַ באַריכט: „יאָ, יאָ, לערער מאָרדכע, לאָמיר מאַכן טיי. ס'איז דאָ דאָרטן אין שאַפּקעלע צוקער און טיי און

קיכעלעך זייַנען געבליבן פון שול־פֿאַראייִן מיטינג, לאָמיר מאַכן טיי!"

„לאָמיר מאַכן טיי!" — האָבן זיך אַלע כעוורע־לייט געבעטן.

„יאָ — זאָגט דער לערער מאָרדכע מיט אַ שמייכל — הייַנט וועלן מיר לערנען באַ אַ גלעזל טיי, ווי גרויסע מענטשן!"

און די „פרויען": ביידע פּערלס און דזשודיט און כאַווע, האָבן געווישט די גלעזער און די שאָלן, אויסגעטיילט יעדן איינעם צו דריי פּלעצעלעך, פּונקט צו דריי איז יעדן אויסגעקומען. און יעדן איינעם האָבן זיי אַרייַנגעשאָטן איין לעפעלע צוקער, אַ לעפעלע און אַ האַלב פֿאַר די נאַשערס, נאָר קיין צווייִ האָט מען ניט געגעבן, ס'איז מילכאַמע־צייט.

מע האָט זיך אַלע אויסגעזעצט, ווי גרויסע מענטשן, און זיך געוואַרעמט אַרום דער טיי. די „מענער": די צוויי מוישעס און סאל און שלוימע האָבן זיך גאָר מעכאַיע געווען. קיין אַרבעט האָבן זיי ניט גענדאַרפט טאָן. די „פרויען" האָבן זיי צוגעטראָגן די גלעזער טיי. דערפֿאַר האָבן זיי נאָך געמאָנט צוקער, ס'איז פֿאַר זיי ניט זיס גענוג, און נאָך פּלעצעלעך. ווען ס'איז דאָ, וואָלטן זיי, די „מענער", געקענט אייַנשלינגען אַ פולן שקאַרמיץ מיט פּלעצעלעך. איז טאַקע אַ גליק, וואָס ס'איז נאָר געווען צו דריי.

און דער לערער מאָרדכע גיט זיך אַזוי אַ גאָר ברייטן צעשמייכל און גיט אַ מאַך: „הערט זיך איין, כעוורע, ווי וואָלט געווען ווען מיר לערנען הייַנט ניט קיין געשיכטע, האַ? — עפּעס דאַכט זיך מיר, אַז איר ווילט הייַנט ניט לערנען, איר ווילט נאָר טרינקען טיי, האַ?" —

האָבן זיך די יונגען מיט די מיידן אָנגעהויבן איבערקוקן, זשמורען מיט די אויגן און קוועטשן מיט די פּלייצעס. מע האָט זיך אָנגעהויבן צו שושקען: „סאַ „טריק", איך ווייס, סאַ שפּיצל!"

„ניין — מאַכט עלענאָר — מיר ווילן גראַדע יאָ הייַנט לערנען!"

„איך האָב גראַדע זייער ליב צו הערן די מייסעס פון דער אידישער געשיכטע!" — כיינדלט זיך נעכאַמקע.

און אַלע כעוורע־לייט האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן מאַנען.

דאָ האָט זיך דער לערער מאָרדכע גאָר מעכאַיע געווען. ער האָט אויסגעשפּרייט די צייַטונג איבערן טיש און געזאָגט: „אויב אַזוי, איז גוט, וועל איך אייַך לייענען אַ בריוו פון מייַנעם אַ שילער פון פילאַדעלפיע, ער האָט אויך ליב געהאַט די אידישע געשיכטע. איצט איז ער אַ סאָלדאַט. אָט זעט!" —

און אַלע האָבן זיך געגעבן אַ שנעלן הויב אויף, אַז זיי האָבן שיר ניט אויסגעגאָסן די גלעזער טיי, און אַרייַנגעשטעקט די נעזער אין דער צייַטונג. און אַז זיי האָבן זיך שוין גוט, גוט אָנגעקוקט אין בילד, האָבן זיי זיך אויסגעזעצט צוריק אַף זייערע פּלעצער, שטילע, ווי קאָטעקלעך, און געבעטן, אַז דער לערער זאָל פֿאַר זיי לייענען דעם בריוו, אַ בריוו, וואָס מע האָט אַזש געדרוקט אין דער צייַטונג. און דער לערער האָט אָנגעהויבן לייענען:

„טייַערע עלטערן!

וואָס מאַכט איר עפּעס, ווי פילט איר אייַך געזונט, און וואָס מאַכן די קינדער? —

איך לייג צו מייַן בילד צו דעם בריוו. פון דעם בילד קענט איר זען, אַז איך בין געזונט און בין אַ גוטער סאָלדאַט.

מייַן קאָמאַנדיר האַלט פון מיר אַ וועלט. און די סאָלדאַטן האָבן מיך ליב. איך בין אַ דיסציפּלינירטער סאָלדאַט און איך ווייס פֿאַר וואָס איך דאַרף זיך שלאָגן. איך בין שוין דורכגעגאַנגען אַלע לעקציעס. איך ווייס שוין אַלע רעגולאַציעס. איך בין זייער אַ גוטער שיסער, איינער פון די בעסטע אין מייַן אָפּטיילונג.

אין מייַן פרייַער צייַט פֿאַרברענג איך מיט מייַנע כאַווײרים־סאָלדאַטן, אידישע און ניט־אידישע. פֿאַראַן דאָ אַ גרופּע אידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זייער ליב צו הערן מייסעס פון דער אידישער געשיכטע, פון אידישן לעבן. כאָטש זיי זייַנען אידן, ווייסן זיי זייער ווייניק פון אידישן לעבן. זיי האָבן זיך ניט געלערנט אין קיין אידישער שול.

פון דער אַלטער אידישער געשיכטע ווייסן זיי זייער ווייניק. אַ פּאָר פון זיי האָבן יאָ עפּעס געהערט, ווייסן זיי נאָר פון לעגענדעס. פון לעבן פון די אידן אין אַנדערע לענדער, איז זיי גאָרניט באַקאַנט! נאָר אַפּילע פון דער געשיכטע פון די אידן אין אַמעריקע האָבן זיי ניט געהערט.

און אַז איך האָב זיי דערציילט, אַז נאָך אין 1656 איז געווען אַ איד, אַ קאַצעוו, מיטן נאָמען אָשער לעווי, וואָס איז געקומען מיט די ערשטע אידן קיין ניו־יאָרק, וואָס האָט נאָך דעמאָלט געהייסן ניו־אַמסטערדאַם, און ער האָט געפירט אַ קאַמף קעגן דער מאַכט, וואָס האָט אויסגעשלאָסן אידן פון מיליטער־דינסט, — האָבן זיי זיך ניט געוואָלט גלויבן.

און אַז איך האָב זיי איבערגעגעבן, אַז די אידן האָבן געוואונען דעם קאַמף און זיי האָבן אויך גענומען אַן אָנטייל אין אָפּהיטן די שטאָט, זיי זייַנען געשטאַנען מיט ביקסן אַף דער וואַך און געהיט פֿאַר אַן אָנפאַל פון אינדיאַנער, — האָבן זיך די אידישע סאָלדאַטן, וואָס געפינען זיך אין מייַן אָפּטייל, דערפילט שטאָלצער.

איז פון דעמאָלט אָן קומען מיר זיך צענויף אַ פּאָר מאָל אַ וואָך און איך דערצייל זיי מייסעס פון דער אידישער געשיכטע אין אַמעריקע.

אַז דער קאָמאַנדיר האָט זיך דערוואוסט פון אונדזערע צוזאַמענקונפטן, איז ער אויך איינמאָל געזעסן מיט אונדז און זיך אייַנגעהערט. ער האָט מיר געגעבן אַ קאָמפּלימענט. ער האָט געזאָגט, אַז איך קען זייַן אַ גוטער לערער, איך ווייס אַ סאַך.

האָב איך אים דערציילט, אַז איך בין געגאַנגען אין אַ אידישער קינדער־שול, און אַז איך האָב געהאַט אַ גוטן אידישן לערער מאָרדכע, האָט ער מיך געלערנט די אַלע זאַכן.

האָב איך זיי שוין דערציילט, אַז די אידן אין אַמעריקע האָבן אַרויסגעגעבן זייער אַ סאַך גרויסע מענטשן, העלדן אַף אַלע געביטן פון אַמעריקאַנער לעבן, האָבן צוגעטראָגן זייער פיל צום אויפבוי פון אונדזער לאַנד און אויך האָבן מיר אַ סאַך מיליטערישע העלדן.

איך האָב זיי זייער אַ סאַך דערציילט פון כאַים סאָלאָמאָן. און פון דייוויד און אייזיק פרענקס. פון דזשאָנאַס פיליפּס און מאַנואיל מאָרדכע נאָאָ.

און אַז אין טשאַרלסטאָן, נאָרד־קאָראָליינע, האָבן מיר נאָך אין 1773 געהאַט אַ אידישע מיליטערישע אָפּטיילונג אָנגעפירט פון יאַנקעוו י. קאָהען.

און וועגן די פיר ברידער פּינטאָ, אַווראָהאָם, וויליאַם, יאַנקעוו און שלוימע פּינטאָ פון קאָנעטיקוט.

און פון שלוימע און לואיס בוש פון פילאַדעלפיע.

און איך האָב זיי דערציילט פון גרויסן כירורג פון צווייטן ווירדזשיניע רעגימענט, פיליפּ מאָזעס ראָסעל, וואָס האָט גענומען אָנטייל אין 1777 אין דער היסטאָרישער שלאַכט באַ וואַלי־פֿאָרדזש.

פון קאָלאָנעל אייזעקס, דאָוויד עמאַנואיל, מאָרדכע שעפטאַל, יאַנקעוו דעלמאַן, יאַנקעוו דע לאַמאַטיו, נאַסניעל ליוואַי און אַרן בענדזשאַמין.

און איך האָב זיי דערציילט, אַז מיט דעם גרויסן קעמפער קעגן שקלאַפערייַ, דזשאָן בראַון, האָבן זיך געפונען די אידן טעאָדאָר ווייַנער, יאַנקעוו בענדזשאַמין און אָגוסט באָנדי.

און אַז זעקס טויזנט אידן האָבן זיך געפונען אין די אַרמייען, וואָס האָבן זיך געשלאָגן קעגן דער סאַוט, אָפּצושאַפן שקלאַפערייַ אין אַמעריקע.

און אַז דער פּרעזידענט אייבריהעם לינקאָלן, דער באַפרייַער פון נעגער־שקלאַפערייַ, איז געשטאַנען באַם טויטן־בעט פון אידישן גענעראַל ניומאַן און גערעדט וועגן זייַן העלדישקייט און פּאַטריאָטיזם.

און וועגן אַ אידישן גענעראַל בלומבערג, און פון דעם גענעראַל מאַיאָר קרעפּלער און נאָך און נאָך און נאָך. און איך וועל זיי נאָך דערציילן פון אָנטייל פון די אידן אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע.

און איך פֿאַרבינד די געשיכטע פון אַמעריקע מיט דער געשיכטע פון די אידן אין די אייראָפּייאישע לענדער, איך ווייַז זיי אָן, אַז די אידן האָבן זיך זייער פיל אָנגעליטן ביז זיי זייַנען געקומען קיין אַמעריקע. דערפֿאַר זייַנען זיי דאַנקבאַר אַמעריקע פֿאַר די פרייהייטן, וואָס זיי האָבן דאָ באַקומען. און אין יעדער צייַט זייַנען זיי גרייט, מיט אַלע אַנדערע פעלקער, זיך שלאָגן פֿאַר אַמעריקע . . .

וואָס זאָל איך אייַך נאָך שרייַבן, מייַנע טייַערע עלטערן? די סאָלדאַטן זייַנען מיך זייער מעקאַנע, וואָס איך ווייס אַזוי פיל פון אידישן לעבן, פון דער אידישער געשיכטע. פיל איך, אַז איך בין

אייך שולדיק אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט, וואָס איר האָט מיך געשיקט אין אַזאַ שול. און גרויס דאַנקבאַרקייט שיק איך איבער דורך אייך צו מיין ליבן לערער מאָרדכע, וואָס האָט מיך אַזוי פיל געלערנט, און צו אַלע אנדערע לערער.

און אַ האַרציקן גרוס גיט איבער אַלע יונגע קינדער אין אונדזערע שולן. זאָגט זיי אַז זיי זאָלן זיך לערנען גוט. זיי זאָלן זיך גוט איינהערן צו די רייד פון זייערע לערער. עס וועט זיי זייער צונויץ קומען אין לעבן, ווען זיי וועלן אויסוואַקסן.

אפילע ווען מע איז אַ סאָלדאַט, וואָס דאַרף דאָך, דאַכט זיך, בלויז קענען שיסן פון אַ ביקס, איז, אַז מע ווייסט פאַרוואָס מע דאַרף שיסן, אַנטקעגן וועמען מע דאַרף שיסן, שיסט זיך גאָר אַנדערש.

איך ווייס פאַרוואָס איך וועל זיך שלאָגן. איך וואַרט שוין מיט אומגעדולד צו באַגעגענען דעם סוינע. איך וועל זיך שלאָגן בראַוו פאַר מיין לאַנד, פאַר מיין פאָלק און פאַר אַ שיינער וועלט.

אייער,

שמועל. ——————— ״

און אַז דער לערער מאָרדכע האָט פאַרענדיקט לייענען דעם גרויסן בריוו, זיינען די יונגען און די מיידן געבליבן זיצן מיט גרויסע אָפענע אויגן, מיט אָפענע מיילער. זיי האָבן געוואָלט הערן נאָך און נאָך. זיי האָבן מיטאַמאָל באַשאָטן זייער לערער מיט פראַגן וועגן פיל נעמען פון אידישע העלדן אין דער אַמעריקאנער געשיכטע, וואָס זיי האָבן נאָך ניט געהערט פון זיי. און אלע האָבן שוין געוואָלט שרייבן אַ בריוו, אויך אַ גרויסן בריוו, צו זייער פריינט שמועל, דעם גרויסן געשיכטע־קענער.

נאָר זייער לערער מאָרדכע האָט זיי באַרואיקט מיט אַ שמייכל: „וואַרט, וואַרט, מיר וועלן נאָך לערנען גענוג געשיכטע. און אַז איר וועט קומען אין מיטלשול, וועט איר ערשט לערנען געשיכטע. און אַ בריוו צו שמועלן וועלן מיר טאַקע שרייבן, און אַ גרויסן, שיינעם און קלוגן בריוו וועלן מיר אים שרייבן. אָבער אַזאַ בריוו קען מען ניט שרייבן אַף איין פוס, אַף כאַפּ־לאַפּ, מע דאַרף זיך אָוועקזעצן און זיך אַריינטראַכטן, גוט, גוט אַריינטראַכטן, און דערנאָך שרייבן. וועט טאַקע יעדער איינער פון אייך אין דער היים אָנשרייבן אַ פיינעם בריוו צו שמועלן און ברענגען אין שול אריין מאָרגן!״ . . .

און אַז מע האָט זיך אומגעקוקט אַפן זייגער, דעם קיילעכדיקן זייגער אַף דער וואַנט, האָט מען זיך געגעבן אַ כאַפּ, אַז ס'איז אַוועק א שעה מיט צוואַנציק מינוט און מע האָט גאָרניט באַמערקט, ווי אַזוי די ווייזערס האָבן זיך פאַוואָלינקע אַזוי שנעל גערוקט, האָט מען זיך געגעבן אַ טו אָן און מע האָט אָנגעהויבן לויפן אַהיים.

*
**

נאָר מאָרדכע איז נאָך אהיים ניט געלאָפן. וואָס וועט ער לויפן אַהיים, אַז אין אַ שטונדע אַרום וועלן זיך צענויפקומען מיטגלידער, עלטערן און פריינט פון דער שול. מע וועט אויפנעמען טאָג־טעגלעכע לויפנדיקע פראַגן און ער וועט היינט פאַר זיי האַלטן אַ לעקציע אַף דער טעמע: „קינדער־דערציאונג אין מילכאָמע־צייט״.

לייגט ער צענויף זיינע קלאַס־ביכער, העפטן און בלייפעדערס. לייגט אַוועק אַף אַן אָרט די שטיקלעך קרייד און דאָס בערשטל. ער גרייט אָן די קאַרטלעך מיט די נאָטיצן פון זיין לעקציע. ער וועט זיך באַלד אַריינכאַפּן אין דערבייאיקן רעסטאָראַנדל אַ בייס טאָן עפּעס, עפּעס איבערכאַפּן, אַ קליין וועטשערקעלע מיט אַ טעפל קאַווע. היינט וועט ער עסן אַ „קאנאפקע״, געהאקטע לעבער אַף צוגעבאַקטן „געטויסטעטן״ ברויט. און מאָרדכע איז זייער צופרידן פון נייעם וואָרט „קאנאפקע״, וואָס ער האָט געהערט פון אַ מאַמען פון גאַליציע. באַ זיי אין גאַליציע איז קאנאפקע אַזאַ מין „סענדוויטש״, וואָס מע רופט אין אמעריקע.

און איידער ער געזעגנט זיך מיטן קלאַס־צימער, גיט ער אַ קוק אַף די שול־בענקלעך, אַף די נידעריקע שטענדערס. אים דאַכט זיך, אַז די ערטער זיינען נאָך וואַרעם פון די קינדערס קערפּערלעך, און אים ווערט וואַרעם פון זיי. ער דערמאָנט זיך אין זיינע קינדער־יאָרן. ער דערמאָנט זיך אין זיין יוגנט. קינדערישע כאַלוימעס, יוגנטלעכע טרוימען. ער האָט צו זיי קיין פיל מאַזל ניט געהאַט. עפּעס צערונען געוואָרן אונטער די הענט. אים דאַכט זיך, אַז ער איז נאָך פון קינדוויז אָן געווען אַ דערוואַקסענער, אַ גרויסער מענטש. און אַז פון קינדוויז אָן נאָך האָט ער ליב געהאַט צו לייענען אַ סאַך, צו שרייבן שיין און זייער פיל, און לערנען. ער האָט אַליין געלערנט און געלערנט מיט אַנדערע.

און ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מילכאָמע איז ער אינגאַנצן אַלט געווען פערצן יאָר. און ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ גרויסער. ער איז זיך שוין דעמאָלט צענויפגעקומען מיט באַ'מעלאָכעשע אינגלעך און גערעדט וועגן דער מילכאָמע.

און די מילכאָמע איז אָנגעגאַנגען אַ יאָר און צוויי. און אַז זי איז אָנגעגאַנגען דאָס דריטע יאָר, איז דאָס לעבן געוואָרן אַזוי שווער. מיליאָנען טאַטעס האָט מען אויסגעהאַרגעט. און א הונגער האָט געהערשט אין זיין געבורטלאַנד, אין אַלטן רוסלאַנד. און עפּידעמיעס האָבן זיך פאַרשפּרייט. און דאָס פאָלק האָט געקרעכצט אונטערן יאָך פון דער שווערער מילכאָמע. האָט זיך דאָס פאָלק אויפגעהויבן, געמאַכט אַ רעוואָלוציע, אַרונטערגעוואָרפן דעם קייסער, געמאכט שאָלעם און איינגעפירט פרייהייט.

און מאָרדכע איז מיטאַמאָל געוואָרן זיבעצן יאָר. שוין גאָר אַ גרויסער, אַ צעוואָקסענער. און דאָס לאַנד האָט זיך פאַרוויקלט אין אַ גרויסן בירגער־קריג. די פינצטערע מענטשן האָבן צוריק געוואָלט איינפירן אַ קייסער, זיי האָבן צענויפגעשטעלט באַנדעס און געשלאָגן דאָס פאָלק און געמאַכט פּאָגראָמען אַף אידן, געשאָכטן און גערויבט, זיי האָבן געוואָלט, אַז דאָס לאַנד זאָל צוריק גיין צו פינצטערניש. און די ליכטיקע מענטשן האָבן זיך באַוואָפנט אין אַ פאָלקס־אַרמיי, אַ רויטע אַרמיי, וואָס האָבן איינגעשפּאַרט אָנגעהאַלטן די פרייהייט פון לאַנד, זיי האָבן מיט זייערע לעצטע קויכעס, מיט די אויסגעהונגערטע קערפּערס, באָרוועסע און נאַקעטע, מיט זייער לייב־און־לעבן זיך געשלאָגן און איינגעהאַלטן די פרייהייט.

און ער, מאָרדכע, איז אויך אַוועק זיך שלאָגן פאַר דער פרייהייט פון זיין לאַנד, פאַרן לעבן און קאָוועד און דער קולטור פון זיין פאָלק. בראַוו זיך געשלאָגן. העלדיש זיך געשלאָגן. פיל מאָל געווען אין גרויס געפאַר. אין שלאַכטן געווען. אין ביטערע שלאַכטן. די קוילן האָבן געפייפט אַרום אים. זיין שינעל האָט פאַרמאָגט זיבן און ניינציק לעכעלעך. אויף אויסשפּיר געגאַנגען. פון אַ באַן אַרונטערגעפאַלן. געשוואָלענע פיס געהאַט. איין־און־צוואַנציק פּאָגראָמען דורכגעמאכט. און מאָרדכע האָט זיך קיינמאָל ניט געשראָקן פאַרן טויט . . .

און אַזוי בראַוו און נאָך בראַווער וועט זיין זיין טאַלמיד שמועל. און אַלע זיינע שילער, וואָס געפינען זיך שוין אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. ווייל מאָרדכע דענקט, אַז די קינדער, וואָס זיינען געגאַנגען אין אַ אידישער קינדער־שול זיינען די בעסטע יאָרשים פון די שענסטע טראַדיציעס פון אידישן פאָלק. די טראַדיציעס פון קעמפן פאַר אַ פריי לעבן, וואָס ציען זיך פון די מאַקאַבייער, דורך אַלע לענדער, וואו אידן זיינען געווען אין לאַנגן געשיכטע־וועג, ביז דער איצטיקער גרויסער פעלקער־באַפרייאונג מילכאָמע . . .

*
**

און ווען מאָרדכע האָט פאַרענדיקט די לעקציע וועגן „קינדער־דערציאונג אין מילכאָמע־צייט״, זיינען די האָרעפּאשנע טאַטעס און מאַמעס געווען זייער צופרידן און זיי האָבן אויסגעדריקט דורך זייערע וואַרעמע בליקן גרויס דאַנקבאַרקייט צו זייער טייערן לערער, וואָס ער קען זיי גיבן צו פאַרשטיין זאַכן, וואָס זיי פאַרשטייען ניט אַזוי גוט. און זיי האָבן זיך אַזוי געפרייט מיט שמועלס בריוו, וואָס ער האָט פאַר זיי פאָרגעלייענט. און מע האָט גאָר האַנאָע געהאַט יענעם אָוונט.

און שפּעט אין אָוונט האָט ויך דער לערער געלאָזט פון שול צו דער באַן־סטאַנציע. גרויסע אַכט בלאָק דאַרף ער אַזש גיין. און אין דרויסן הייבט זיך עפּעס אויף אַ שטורעם, אַ ווינט בלאָזט, אַ שטאַרקער ווינט, און ס'איז גליטשיק, אַז מע קען נאָר פאַלן. נאָך אַ גליק, וואָס אַ גרויסע לעוואָנע שווימט אַרום אַפן הימל.

און מאָרדכע האָט צענויפגעשטעלט באַ זיך אין קאָפּ אַ פּאָעטישע שורע: „אַ שטורעם, אַ ווינט און אַ גרויסע לעוואָנע!״ און מאָרדכע לאָזט שוין דעם זאַץ ניט אָפּ. ער גייט און כאַזערט אים איבער באַ זיך אין קאָפּ עטלעכע מאָל. און דער זאַץ לאָזט שוין מאָרדכען ניט אָפּ.

און ער גייט און ער טראַכט, אַז ער וועט טאַקע שמועלן אָנשרייבן אַ גרויסן בריוו מאָרגן, גאָר אַ גרויסן בריוו. ערשטנס, וועט ער אים שרייבן, אַז זיין בריוו, שמועלס, האָט ארויסגערופן באַ יעדן איינעם פרייד, באַ קליין און גרויס. און צווייטנס, וועט ער אים שרייבן ווי אַזוי אין זיין איצטיקער שול האָבן זיך פונקט אַזעלכע עלטערן, ווי זיינע, שמועלס עלטערן, זייער אַוועקגעלייגט, אַז די שול זאָל זיך

ניט צומאַכן. און ער וועט אים טאַקע אינגאַנצן איבערגעבן, ווי זיי האָבן געזאָגט: „יאָ, סאַ מילכאָמע, אָבער די קינדער־שול מוז מען בויען!"

אין דרויסן האָט דעמאָלט געבושעוועט אַ דעצעמבער־ווינט, אַ פראָסטיקער, אַ בייסנדיקער, אַ שניידנדיקער. קיין קינדער זיינען אַף דער גאַס ניט געווען. קיין יוגנטלעכע זיינען אַף די ראָגן ניט געשטאַנען. און דערוואָקסענע, אַז זיי האָבן געדאַרפט ערגעץ צוגיין, זיינען זיי אַזש געלאָפן, אַזוי ביטער־קאַלט איז געווען.

איז פונקט אין אַזאַ ברענענדיקן זונטיק, ווען די מערסטע מענטשן רוען זיך אויס פון דער וואָך, כאַפּן זיך אַריין ערגעץ אין אַ מאָוויפּלאַץ אָדער גייען צו גאַסט, — זיינען די שול־טוער געקומען צוגרייטן די נייע דירע פאַר דער קינדער־שול.

אַ נייע דירע, עס רעדט זיך אַזוי. ווי קען זיך אונדזער קינדער־שול דערלויבן צו האָבן אַ נייע דירע? — מיר מיינען, אַן אַנדער אלטע דירע. סאַ געוועלבל, וואָס וועט באַטאָג זיין אַ קלאַס־צימער, אין אָוונט אַ מיטינג־זאַלעכל און צו אַ באַנקעט וועלן זיך אויסזעצן קוים אַ 60-50 מענטשן.

אָבער, אַז אין דער ערשטער אַלטער דירע איז געוואָרן אַזוי קאַלט. סאַ דירע, וואָס מע האָט שוין לאַנג געדאַרפט אַרונטערוואַרפן. און אַז די שכיינים האָבן זיך אַרויסגעצויגן, האָט דער לענדלאָרד אינגאַנצן באַשלאָסן צו פאַרקלאַפּן זיין הויז און פּאָטער ווערן פון די „שטייערן".

און דער באַלעבאָס זאָגט גאַנץ פּאָשעט: „איך וועל ניט אַריינלייגן קיין פעני, נעמט אייך די סטאָרקע ווי זי שטייט און גייט!" האָט מען גענומען, אַ ברירע האָט מען געהאַט? . . .

שטייען די טוער בעני דער פאַרבער, דאָוויד דער קעלנער, לואי דער שוסטער, ריווקע די נייטאָרין, אָסקאַר דער מאַלער, און לערער, דער לערער.

מע איז געפאַלן אַף אַ סייכל: אַז מע וויל, אַז דאָס פלאַץ זאָל ווערן גרעסער, דאַרף מען איבערדרייען די טיר. דאָס הייסט, די טיר עפנט זיך אַריין, פאַרנעמט זי אינעווייניקסדיקן פלאַץ און זי פאַרנעמט אַ שטיק „טעריטאָריע" אַרום אַריינגאַנג, וואָס מע וועט קענען נוצן. האָט מען אַרונטערגענומען די טיר און זי אַוועקגעלייגט: בעני זעגט אַרום די לייסטלעך אַרום דער טיר, וואָס האָבן פריער דן טיר ניט אַרויסגעלאָזט. לואי שרויפט אַרויס די זאַוויעסעס און קערט זיי איבער אַף דער לינקער זייט און שרויפט זיי צוריק אַריין. ריווקע האַלט צו אַביסל די טיר און דער לערער האַלט צו אַביסל די טיר. דאָוויד פאַרריכט די עלעקטרישע איינריכטונגען. און דער ווינט, דער דעצעמבערדיקער ברענענדיקער ווינט, איז אַריין דורך דער אָפענער טיר און בלאָזט אין יעדן ווינקעלע און צופּט די אויערן און די נעז; פאַרקילט די פיס און די הענט. מע ציטערט פון קעלט, עס קנאַקן די ציינער אין מויל, נאָר מע שטייט און מע אַרבעט. די קינדער־שול מוז מען בויען.

אָט דערמאָנט מען זיך אין לעצטן קאָנצערטל פון דער שול. די קינדער האָבן דורכגעפירט אַ שפיל ווי אַזוי די סאָוועטישע קינדער האָבן אָפּגענאַרט די נאַציס: זיי האָבן באַהאַלטן די הענטלעך פון די מאַשינען. און ווען די רויטע אַרמייער זיינען אַריינגעקומען אין דאָרף אַריין, האָבן די קינדער אויסגעגראָבן די „קרענקס" און געבראַכט צו טראָגן.

און דער עדי, דאַכט זיך אַזאַ ווילדער אינגל, האָט ער עס געשפילט, ווי אַן עמעסער אקטיאָר. און אַ אידישער פאָרזיצער איז ער געווען. און ווי אַזוי דאָבי האָט פאָרגעלייענט די מייסע מיטן טעפל,

אַיי האָט מען געלאַכט. און ווי אַזוי דייענע האָט דעקלאַמירט „די שוואוע", אַזוי שטאַרק, אַז אַלע עלטערן זיינען פאַרציטערט געוואָרן. זיי האָבן טאַקע דערפילט, אַז די שול דערציט אַ נייע יוגנט, אַ שטאַרקע, אַ שטאָלצע.

אין די שול־טוער האָבן זיך אין מיטן דער אַרבעט צערעדט וועגן די קינדער פון דער שול: וועגן דוואוירען, וועגן ראָכלען און ראַכמיעלן, און וואָלטערן, און מערעלין, און גיטלען, און שוירלין, און מילדרעדן, און ריווקען און נאָך אין נאָך און נאָך.

און דערווייל האָט מען שוין די טיר אַריינגעשטעלט, איז טאַקע געוואָרן אַביסל וואַרעמער, האָט מען זיך ערשט גענומען צו דער אַרבעט. מע האָט אַרויסגעטריבן דעם ווינט אין דרויסן. ריווקע האָט געקערט און געוואַשן און געווישט. לואי האָט געשרויפט און גע־

קלאַפּט. דאָוויד האָט געגעבערט און געצויגן דאָרטן. בעני האָט געפאַרבט די ווענט. און אָסקאַר האָט געפּוצט די פענצטער אַרטיסטיש, זיך אָנגעשטרענגט אַז ס'זאָל אַרויסקומען שענער און בעסער. און פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע, האָט מען געאַרבעט אַ טאָג און צוויי און דריי, אַ וואָך און צוויי, און ס'איז געוואָרן אַ נאַכעס.

די ווענט געפאַרבט. די קיך - - אויסגעקלאַפּט מיט פּאָליצעס פאַרן געשיר. אין אַ ווינקל — אַ הענגער־שאַפע פאַר קליידער. אַף די פענצטער גרויסע בילדער פון קינדער, וואָס לערנען אין שול אידיש, אידישע ליטעראַטור און אידישע געשיכטע.

און אַלעס שטעלט זיך איין פיין און גוט. נאָר וואָס־זשע דען, ווי נעמט מען די פאַר סענט? — אַביסל צאָרעס, ווען מע דאַרף צאָלן דאָס ביסל רענט, גאַז און עלעקטריק. כאָטש גוט, וואָס ס'איז איין מאָל אַ כוידעש. קען מען אָפּשטופּן אַביסל דעם 1־טן, מאַכט מען פון מאָנאָט 5 וואָכן, ביז מען באַצאָלט. אָבער וואָס טוט מען מיטן לערער? — דאָ איז גאָר גרויסע צאָרעס: אַלע וואָך דאַרף מען צאָלן סכירעס, און סאַ מייסע אָן אַן עק. 42 וואָכן נאָכאַנאַנד דאַרף מען צאָלן. אַביסל קומט טאַקע אַריין פון סכאַר־לימעד און דאָס איבעריקע דאַרף מען שאַפן. אוי, אַרבעט מען שווער ביז מע שאַפט די סכירעס פאַרן לערער: באַנקעטן, באַנקעטלעך, הוליאַנקעס, סימכעס, הויז־פּאַרטיס, זשורנאַל, טעג־טאָג, אַפּילס, ראַפל, ראָמעדזש־סעיל, באַזאַרן און בילעטן, בילעטן, בילעטן.

עפשער וועט אַמאָל די רעגירונג צאָלן אונדזערע לערער. עפשער וועט אַמאָל די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג צאָלן די לערער. עפשער וועט אַמאָל די פראַטערנאַלע באַוועגונג צאָלן די לערער. עפשער? — און דערווייל? — דערווייל איז טאַקע זייער שווער. שווער פאַר די טוער און שווער פאַרן לערער.

אָבער ס'איז אַ מילכאָמע אויף דער וועלט. היטלער האָט זיך פאַרמאָסטן אומצוברענגען דאָס אידישע פאָלק און די אידישע קולטור. ווועלן מיר איצט פאַרמאַכן אַ קינדער־שול? — וועט מען זיך פאַרזאַמלען אין דער נייער דירע און פראַווען אַ באַנקעט, אַ כאַנוקאַס־האַבאָאיס און ערן די טוער בעני און דאָוויד און לואי און אָסקאַר און ריווקע און אַלע אַנדערע שול־טוער: גאַרבער, גאָסאַדזש, ווייסמאַן, ווינער, באַבקאָף, וואולף, עלקינד, סאַדאָווניק און דעם טאַטן פון דער שול, „פּאַפּ" פּיוול בראַוערמאַן.

און די קינדער וועלן אויפטרעטן אין אַ שפיל און אין דעקלאַמאַציעס, אין לידער און אין מייסעלעך. און דער אָרדן־ברענטש וועט באַגריסן און זיין שטאָלץ מיט דער קינדער־שול.

און מע וועט זינגען לידער און זיך פרייען און ווייטער זיך אונטערנעמען צו טאָן שווערע אַרבעט, מיטן געדאַנק: „אַז יאָ, סאַ מילכאָמע, אָבער די קינדער־שול מוז מען בויען!" . . .

דערווייל איז מאָרדכע אָנגעקומען אַף דער סטאַנציע. אַף דער סטאַנציע איז געווען קימאַט־פינצטער. בלויז אַ פּאָר מענטשן האָבן געוואָרט אַף דער באַן. ס'איז שוין מאָרדכען געווען גוט קאַלט. אין פינצטער איז געווען. און אַזוי ווי קיין פיל מענטשן זיינען ניט געווען, האָט ער זיך געקלאַפּט אַ פוס אָן אַ פוס, אַ האַנט אָן אַ האַנט, זיך צו דערוואַרעמען.

— מע דאַרף זיך מער אַביסל פאַרהאַרטעווען, ס'איז מילכאָמעצייט! — רעדט צו זיך אַליין מאָרדכע — נו, איז וואָס, אַז ס'איז אַביסל פינצטער? — נו, איז וואָס, אַז ס'איז אַביסל קאַלט? — נו, איז וואָס אַז מ'איז אַביסל הונגעריק? — ס'איז מילכאָמע . . .

און מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט פון דער ווייטנס דאָס טאַראַטאַקען פון דער באַן. מע האָט שוין געקענט זען פון דערווייטנס די לעמפּלעך. איז, אַז מע שטייט אין אַ שפּעטן אָוונט אַף אַ לאַנגער קימאַט־פינצטערער סטאַנציע מיט אַ פּאָר מענטשן, און ס'איז קאַלט, ווערט טאַקע פריילעכער ווען מע דערזעט שוין די באַן.

און די סאָבוויי איז נאָך אָנגעקומען מיט אַ שטאַרקערן טראַסק, ווי באַטאָג. ליכטיקער איז מיטאַמאָל געוואָרן. די טירן האָבן זיך ברייט צעעפנט. אַלע צעעפנטע טירן זיינען געווען איצטאָ, אין דעם שפּעטן אָוונט, זייער ברייט־האַרציק, זיי האָבן זיך מאַמעש געבעטן, אַז מענטשן, פּאַסאַזשירן זאָלן זיך רייבן לעבן זיי, נאָר בלויז אַ פּאָר שפּעט־פאָרער זיינען ארויס פון די וואַגאָנען און אַ פּאָר זיינען אַריין. און אויך מאָרדכע איז אַריין.

ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ באַקוועמען ווינקל־זיץ־פלאַץ, ס'איז געווען אַף אויסצוקלייבן, אַ שיטערלעך־באַזעצטער וואַגאָן. און

ער האָט ווידער אין קאָפּ געשריבן דעם לאַנגן בריוו:

„און שמועל, שמועל, מיין טייערער שמועל, מיין פאַרכאַלעמטער שמועל — האָט ער אין זיך פאַרצויגן אַ ניגן — און איך וועל דיר שרייבן, אַז אַ סאַך, אַ סאַך טייערע זין זיינען זיך אַוועק שלאָגן קעגן פאַשיזם. עס איז אַוועק דער טייערער אַלבערט, אָט־דער זינגענדיקער און טאַנצנדיקער און פריילעכער געזאַנג־לערער. און ווייסטו, אַז ער לערנט די סאָלדאַטן זינגען? — געוואָרן אַ געזאַנג־לערער פאַר סאָלדאַטן. און איציק איז אַוועק. דער איציק, וואָס איז דער בעסטער סעקרעטאַר פון אַלע סעקרעטאַרן. ער האָט געהאַט די זכיה צו זיין דער סעקרעטאַר פון אונדזער גרויסן היסטאָריקער קאַלמען מאַרמאָר. און אָט דער איציק האָט שוין געקראָגן אַ מעדאַל פאַר גוט און טרעפלעך און פינקטלעך שיסן.

און סידני, אָט־דער געראָטענער סידני, וואָס איז פון די בעסטע אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע לערער, איז שוין אויך אַוועק אין דער אַרמיי. און דער יונגער לערער אַווראָהאָם, אָט־דער אַווראָהאָם, וואָס קען מאָלן און קלעפּן און פלעכטן, — אַ קינסטלער, איז שוין אויך אין אַ יוניפאָרמע.

און וואַליע, דער לערער וואַליע, וואָס איז אַ שטיק זשורנאַליסט, האַלט שוין אויך אַ ביקס אין דער האַנט. און דער לערער יאשא, דער קוועקזילבערדיקער, וואָס איז אַזש געווען אַ לערער־פּרינציפּאַל אין קובאַ, איז שוין אויך אין מיליטער.

און דער דיכטער־לערער סול, און דער דיכטער־זשורנאַליסט בער, און דער פּייאיקער זשורנאַליסט־רעפּאָרטער דאָוויד, און דער לערער פּינכאָס. און ווייסטו, אַז דער לערער כייעם האָט אַרויסגעגעבן אַ כאַנוקע־צייטונג פאַר די סאָלדאַטן פון זיין אָפּטיילונג? —

און ווייסטו, אַז דער זשוואַווער מיטלשולניק כאַאים פון שיקאַגע איז געוואָרן אַ פליער? — און, לאָמיר בויגן אונדזערע קעפּ פאַרן יונגן פליער רואוון פון דעטרויט, וואָס האָט שוין אַוועקגעגעבן זיין לעבן אַף די סאָלאָמאָן־אינדזלען.

און לייבל, און יאַנקל, און, און, און . . . און איך וואָלט דאָך דיר געקענט אויסרעכענען טויזנטער נעמען פון אונדזערע טייערע, געראָטענע זין, וואָס געפינען זיך אין די באַוואָפנטע קויכעס, אַף די שלאַכטפעלדער, איבער די יאַמים, אַף די הימלען, אין אַלע טיילן פון דער וועלט, וואו מע שלאָגט זיך קעגן פאַשיזם.

נאָר כאָטש נאָך וועגן איינעם, אַ קאָפּל, וויל איך דיר שרייבן. אַ טייערער הויכער קאָפּל, אַ יונג, אַ סאָסנע. ער איז געווען דער „גרעסטער" אויפפאַסער אין קעמפּ „קינדערלאַנד". אַ בלאָנדער יונג, אַ פריילעכער, אַ שטענדיק־פריינטלעכער, מיט אַ טייערער שטימע. ער רעדט דאָך אַזאַ טייערן זאַפטיקן אידיש. און ער קען דאָך זינגען אַלע לידער. ווייסטו כאָטש, שמועל, וואו דער קאָפּל שפּאַרט אָן? — מע זאָגט, אַז ער איז ערגעץ אין שטאַב בא גענעראַל מעקאַרטור אַליין, אַזש דאָרטן האָט ער אָנגעשפּאַרט . . . און אויב ס'וועט נויטיק זיין, וועט דיין לערער מאָרדכע נאָכאַמאָל נעמען די ביקס אין דער האַנט אַריין. כאָטש ער איז ניט אַזוי יונג, נאָר ניט אַזוי אַלט . . .

און שיר, שיר וואָלט מאָרדכע פאַרגעסן אַרונטערצוגיין פון דער באַן, אַזוי פאַרטראַכט איז ער געווען. סאַ גליק, וואָס ער האָט זיך געכאַפּט, ווען די טירן זיינען שוין געווען אָט־אָט צוגעמאַכט. האָט ער זיך געגעבן אַ האַסטיקן הויב־אויף, זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר, אַ צי געטאָן די טיר אַף צוריק און זיך קוים אַרויסגעכאַפּט.

און אַז ער האָט זיך שוין אַרויסגעכאַפּט, האָט אים דער ווינט גלייך געגעבן אַ נעם אַרום, אַ כאַפּ אַריין, און אים אָנגעהויבן צו באַבלאָזן פון אַלע זייטן, אַריינגעקראָכן דורכן מאַנטל, דורך די שפּיצן פון די הויזן, און אָנגעהויבן דורכנאָדלען זיין קערפּער.

האָט זיך מאָרדכע מער איינגעטוליעט אין זיך, אויפגעשטעלט העכער דעם קאָלנער און זיך געלאָזט מיט שנעלערע טריט, טאַקע שפּאַנען איילִיק: „או־וואַ, או־וואַ. עס ווערט טאַקע דער עמעסער שטורעם!"

און אַז ער האָט פאַר זיך אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט שטורעם, איז שוין צוריק געקומען צו אים זיין פּאָעטישע שורע: „שטורעם און ווינט און גרויסע לעוואָנע!" און ער האָט אָנגעהויבן באַזינגען דעם זאַץ, באַניגענען דעם אַרויסזאָג.

און מיטאַמאָל האָט ער זיך געגעבן אַ גליטש אויס. זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך געגעבן אַ בויג אַף צוריק, אָט, אָט, גיט ער זיך אַ צי אויס, אַ פאַל אַפן טראָטואַר, און וואָלט זיך געקענט, כאָלילע, אויסברעכן אַ פוס, אַ האַנט, אויסלענקען אַ פּאָר ביינער, אָדער צעשמעטערן דעם קאָפּ. האָט ער זיך מיט אַלע קויכעס האַסטיק אַ בויג געטאָן פאָראויס און קוים געקראָגן זיין גלייכגעוויכט.

„איז טאַקע גוט אַזוי" האָט ער געשמייכלט צו דער גרויסער לעוואָנע, וואָס זי שיינט איצט אַראָפּ. אין מיטן דער נאַכט, ווען מע בלייבט אַזוי ליגן אין מיטן גאַס, און אַרום איז פינצטער, די קראָמען זיינען שוין פאַרמאַכט און די גאַס־לאָמפּן זיינען אַזוי שיטער צעשטעלט און באַלייכטן אַזוי טונקל, איז ניט גוט, גאָר ניט גוט.

איז ער שוין געגאַנגען פּאַוואָלינקע, אַף ציפּ־פינגערלעך, פאַרזיכטיק געשטעלט זיין טראָט. און בעשאַס־מייסע געשמייכלט צו זיך אַליין: „ביסט אַ גליקלעכער מענטש, מאָרדכע. וואָס טוסטו ווען דו גיסט טאַקע אַ פאַל און דו צעברעכסט דיר אַ פוס, ווער וואָלט געגאַנגען מאָרגן לערנען אין שול אריין? --- און וואָס טוסטו, ווען צעברעכסט דיר אַ האַנט, ווי אַזוי וואָלסטו געשריבן אַ גרויסן בריוו צו דיין גוטן טאַלמיד שמועלן? --

און אַזוי איז ער שוין צוגעקומען צו דער טיר פון זיין הויז. און ער איז געווען זייער אַ צופרידענער. האָט ער זיך דערפאַר אויסגעדרייט מיטן פּאָנים צו דער גאַס. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַף דער נאַכטישער שטילער וועלט, וואָס איז שוין גאָרניט געווען אַזוי שטיל. און ער האָט זיך צעזונגען גאָר אַף אַ געמאָרע־ניגן, דעם ניגן, וואָס ער טראָגט אין זיך פון קינדוויַיזאָן, פון כיידער, פון דער יעשיווע. אָט־דעם ניגן, וואָס דער קלאַסיקער־דיכטער אַווראָהאָם רייזען האָט פאַראייביקט אין דער אידישער ליטעראַטור:

„מיי קאָ מאַשמע לאָן, דו שטורעם, וואָס־זשע לאָזטו מיך דאָ הערן? -- דו לאָזט מיך הערן, אַז אַ גרויסער שטורעם איז איצט אויף דער וועלט, וואָס וויל אומברענגען די קולטורן און די פרייהייטן פון אַלע פעלקער.

מיי קאָ מאַשמע לאָן, דו ווינט, וואָס־זשע לאָזטו מיך דאָ הערן? — דו לאָזט מיך הערן, אַז דו וועסט פאַריאָגן דעם שטורעם פון דער וועלט און וועסט ברענגען וואַרעמקייט און ליבע צו די מענטשן.

מיי קאָ מאַשמע לאָן, דו גרויסע לעוואָנע, וואָס־זשע לאָזטו מיך דאָ הערן? — דו לאָזט מיך הערן, אַז ס'וועט קומען אַ צייט, אַז ניט נאָר וועט שיינען איבער אונדז אַ גרויסע זון אַ גאַנצן טאָג, נאָר אויך באַנאַכט וועט באַליכטיקן אונדזער וועלט אַ שיינע גרויסע לעוואָנע!"...

און מאָרגן, מאָרגן גלייך אינדערפרי, וועט מאָרדכע, דער אידישער לערער, זיך אַוועקזעצן און אָנשרייבן אַ גרויסן בריוו צו זיין טאַלמיד. ער וועט אים פון אַלץ און אַלעמען שרייבן, ער וועט אַלעס באַשרייבן. אַ גאַנצע דערציילונג וועט ער פון זיין בריוו מאַכן און ער וועט ענדיקן מיט די וואַרעמסטע ווערטער:

„שמועל, שמועל, מיין טייערער שמועל, שלאָג זיך בראַוו, מיין פאַרכאַלעמטער שמועל, שלאָג זיך בראַוו!" . . .

יאַנואַר, 1943.



# ביים שאַנק מיט ביכער

פון נ. ד. קאָרמאַן

איך שטיי, ווי אַן אבל, ביים שענקל מיט ביכער —
און יעדעס מאָל נעם איך אַ בוך אין דער האַנט,
מיט פּעפערס, מיט האָפשטיינס, מיט מאַרקישעס לידער,
און כ'טראַכט, אין מיין צער דאָ, פון גרוילן און
בראַנד...

פון אומגליק, וואָס האָט ווי אַ דונער געטראָפן —
אויף וועגן פון ליכטיק־געהייטערטן גאַנג.
עס שפּראָצט דאָ דער גלויבן אַרויס פון די סטראָפן —
און זוניק צעשטראַלט זיך זייער יידיש געזאַנג...

ס'שרייבט פּעפער: „ער וועט פון קיין אומרעכט ניט
וויסן",
עס שטעלן זיך שורות פון ליד אין מיין קעל...
עס האָבן דאָך קוילן דאָס לייב אים צעריסן,
דורך סטאַלינס גזירות — און בעריאַס באַפעל...

עס רייסט דער געדאַנק זיך אַוועק צו די ווייטן —
צו פינצטערע טורמעס פון גרויל און פון שרעק;
און מאַרקיש קומט אָן מיט סאַדאָווסקין צו רייטן —
און יאָגט זיך מיט אימפּעט צו שלאַכטן אַוועק...

זיין פּען איז די ביקס, און זיין ליד איז דאָס פייער —
זיין לאַנד אין געפאַר, און זיין פאָלק איז אין קאָן...

און ביידע געוועזן זיינען ליב אים און טייער,
האָט מאַרקיש פאַר ביידן געטראָגן די פאָן...

עס רעגנט ביי האָפשטיינען „טראָפּנס פון פּערל",
און צאַרט קלינגט דאָס לירישע ליד זיינס, „איך גלויב".
עס שטעלן פון צער אין די אויגן זיך טרערן,
און ס'ליגט דאָ דער גלויבן צעשטערט און צעשטויבט...

עס האָבן דאָרט בעריאַס אַגענטן, געהיימע,
די יידישע שרייבער אין קייטן געשמידט.
געשלעפּט זיי, צום מאָרד־טויט, אַרויס פון די היימען,
אינמיטן פון שלייפן אַ פערז אין אַ ליד...

צווישן די טאָוולען — אין שענקל מיט ביכער —
רוט הייליק און לויטער, דאָברושינס געדאַנק...
דער גלויבן, אַז ס'לעבן איז פריי שוין און זיכער —
און פריי איז אויך יידיש־סאָוועטיש־געזאַנג...

כ'זע, עטלעכע בענדער פון בערגעלסאָנס ביכער,
דעם נסתרס, און קוויטקאָס, און עריקס אַ באַנד.
קדושים! געפאַנגען אין ווילדקייט פון וויכער —
אין פייער — אין רויטן — אין גליענדן בראַנד...

פילאַדעלפיע, דעצעמבער, 1956.

**ש. האַלקין**, איינער פון די אידישיסטע שרייבער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועמען מ'האָט אָפּט פאַרגעוואָרפן זיינע צופיל־נאַציאָנאַלע שטימונגען און מאָטיוון, כאַראַקטעריזירט אַזוי די סאָוועטיש־אידישע דיכטונג אין זיין לענגערן ליד „אני מאמין" (מיר ברענגען בלויז אַ פּאָר פערזן פונם ליד):

„ס'איז די דיכטונג אונזערע
אַ גליענדיג צעהיצטע,
אַ לעבעדיג־דערהויבענע,
ווי קיינמאָל אויף דער ערד.

ס'איז די דיכטונג אונזערע
ניט קיין בלענד, קיין שפּילצייג,
אַ וואָכיגע, אַ פּראָסטע,
אַ נייטיגע אין נויט:

ווי פאַר רעדער — אייזן,
פאַר געבוי — געהילצן,
ווי פאַר פרידן — פליגל,
פאַר מלחמה — שרויט.

— — — — — — — — —

מיר האָבן זיך פאַרמאָסטן
אויף אָנהויבן יאָרטויזנטס,
און קיינער וועט ניט בינדן,
ניט פּענטן אונזער שוואונג.

ס'איז יעדער שפּאַן דערוואָרבן
דורך פייער און דורך קריג,
און דערפאַר מיר זאָגן
און ענטפערן מיט שטאָלץ:

מיר קאָנען זיך פאַרליבן
און יום־טוב'ן ווי זיגער,
ווען פון וואַלד זיך ציען
לאַנגע וואָלקעס האָלץ".



# מיט אותיות

א הימן

פון אברהם רייזען

„מ.פ.”

פון רעדאקציע: צו דער געלעגנהייט פון אונזער 50טן יובילײ דרוקן מיר איבער דאס ליד, וואס אברהם רייזען האט פארעפנטלעכט אין דער „פרייהייט” דעם 16טן אפריל, 1927, צו אונזער פינפטן יובילײ. ער האט דאס ליד פאר אונזער צייטונג, ווי איר מיטארבעטער דעמאלט, באצייכנט: „א הימן”.

---

מיט אותיות וואס בלייבן
אין ארימען שריפט,
אין ווייטן — מיר גרייכן,
אין צייטן — פארטיפט.

מיט ארימע לוינען, —
ווער קוקט אויף געצאלט? —
מיר מאכן צו שטוינען
די הערשער פון גאלד.

מיט לידער פאריונגטע,
מיט ריימען, ווי פייל,
אין הארצן געטונקטע —
מיר טרעפן פאר־פייל...

מיר יאגן דאס טריבע,
וואס קלינגט אזוי באנג,
און שיצן מיט ליבע
דאס גוטע פון לאנג.

פון וועלט אמאל'ן
דאס גרויסע פארמעג,
אויף ס'ניי איבערמאלן
פאר אונזערע טעג...

מיר שפאטן פון האנדלען
און בענטשן די ערד;
דעם שווערד — מיר פארוואנדלען
אין האמער און סערפ.

אין ארימע הײמען
מיר ברענגען אריין
די ליכטיגע טרוימען
פון זיג, וואס וועט זיין.

און פרייד און געלעכטער
און אינהאלט, געדאנק,
פאר ארבעטער־טעכטער
און זין — א געשאנק...



# פון דורות צו דורות

פון שיקע דריז / מאסקווע

וויינט נישט און קלאגט נישט
יידישע אלמנות,
דיכטער קדושים
געווען די קרבנות.

לאמיר־זשע זינגען
פאר קינד און פאר קייט
דאס ליד, וואס זיי האבן
אין הארץ אונדז פארזייט.

זאל טרעפן דער מזמור
צעעפנטע טירן —
די באבע זאל  לינגען
דעם אייניקל אירן.

א מאמע — די קינדער,
א שוועסטער — די ברידער,
מע קאן נישט מיט פולווער
דערשיסן קיין לידער.

וויינט נישט און קלאגט נישט,
און זוכט נישט די קברים
אויף מזרח און מערב,
אויף צפון און דרום.



(דעם אנדענק פון דיכטער,
אומגעקומענע אין די
קאלך־אויוונס)

לאמיר זיך בעסער
היינט אנטאן אין שווארצן,
און אויפהענגען לאמיר
דעם שטיין אויפן הארצן.

און אויסקריצן לאמיר
מיט אייגענע פינגער:
פה נקבר, פה נטמן
דער יידישער זינגער.

פון דורות צו דורות
דעם שטיין איבערגעבן,
ביז וואנען כאטש איינער
פון אונדז וועט נאך לעבן.

וויינט נישט און קלאגט נישט,
יידישע אלמנות,
דיכטער קדושים
געווען די קרבנות...

לאמיר־זשע זינגען
פאר קינד און פאר קייט
דאס ליד, וואס זיי האבן
אין הארץ אונדז פארזייט.

# דער פּראָגרעסיווער כאַראַקטער פונעם קאַמף פאַר ייִדיש

פון
פ. נאָוויק

עס איז נויטיק, דאַכט זיך מיר, צוליב אַ גאַנצער ריי סיבות, צו אונטערשטרייכן דעם פּראָגרעסיוון כאַראַקטער פון אַזאַ קאָנפערענץ ווי די היינטיקע, דעם פּראָגרעסיוון כאַראַקטער פון דעם קאַמף פאַר ייִדיש, פאַר דער ייִדישער קולטור.

פּראָגרעסיוו — ניט אין אַ שמאָלן, קליינזלדיקן זינען, נאָר אין אַן אַל־פאָלקישן זינען. ווייל דער קיום פונעם פאָלק איז אַ פּראָגרעסיווער ענין. ווייל דאָס אָפּהיטן דאָס גייסטיקע געזונט פונעם פאָלק איז אַ פּראָגרעסיווער ענין.

דאָ קאָנען מיר אַלעמאָל לערנען פון דעם אַל־וועלטלעכן איקוף־קאָנגרעס אין פּאַריז, אין אָקטאָבער, 1937, אַ קאָנגרעס מיט פאַרשטייערשאַפט פון דריי און צוואַנציק לענדער, — דער איינציקער פון זיין מין, קאָן מען זאָגן, אינעם פּרט פון אַזאַ אַלוועלטלעך־ברייטער פאַרטרעטערשאַפט. אין דעם מאַניפעסט, וואָס דער קאָנגרעס האָט אַרויסגעלאָזט צום ייִדישן פאָלק, רעדט זיך ניט נאָר וועגן דעם, אַז „קולטור איז אַן אויסגעפּרואווט געווער אין קאַמף פון אַ פאָלק פאַר זיין נאַציאָנאַלן קיום", נאָר עס ווערט אין דער זעלביקער צייט, אין איין אָטעם ממש, אָנגעוויזן אויף דער „בענקשאַפט נאָך אַ נייער, באַפרייטער וועלט, נאָך אַן אָרדענונג פון סאָציאַלער גערעכטיקייט", מיט וואָס דאָס ייִדישע פאָלק איז דורכגעדרונגען.

בנוגע יעדער פאָלקס־קולטור ווערן אַרויסגעהויבן — דאַרפן אַרויסגעהויבן ווערן — די פּאָרגעשריטענע גייסטער אירע, וואָס האָבן די קולטור געפּלאַנצט, געכאָוועט און אַנטוויקלט. למשל — עמערסאָן און טהאָראָ און וווהיטמאַן אין דער אַמעריקאַנער פאָלקס־קולטור. און אַזוי און נאָך מער — ווען מען רעדט וועגן דער ייִדישער פאָלקס־קולטור, און אַוודאי נאָך מער ווען מען רעדט וועגן ייִדיש. ווייל — איז ניט די ייִדישע פאָלקס־קולטור, אויף ייִדיש, געקומען צום לעבן אויף דער אַרבעטער־בירזשע, אין די רעוואָלוציאָנערע קאַמפן, אויף די פּיקעט־ליניעס דאָ, אין אַמעריקע? און איז ניט די דאָזיקע פאָלקס־קולטור, די ייִדישע, אויף ייִדיש, און טאַקע ייִדיש־לשון גופא, גערודפט געוואָרן פון די פאַרמעגלעכע שיכטן, פון די אַסימילאַטאָרן, פון די שאָוויניסטן?

ס'איז, פאַרשטייט זיך, קיין פראַגע ניט, אַז דאָס ייִדישע לשון האָט אַרומגענומען די ברייטסטע שיכטן פונעם פאָלק, האָט פאַרבונדן די פאַרשיידענע טיילן פונעם ייִדישן פאָלק אין פאַרשיידענע לענדער — אָט טאַקע ווי דאָס איז אַזוי שאַרף געזען געוואָרן אין פּאַריז אין 1937. אָבער דער פאָלקס־מענטש, דער קעמפנדיקער אַרבעטער, דער פאָלקישער אינטעלעקטואַל, איז געווען דער טרעגער און דער פּילנעווער פון דער ייִדישער פאָלקס־קולטור, האָט אַרויסגעהויבן דאָס ייִדישע לשון ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון ייִדישן פאָלק אין טשערנאָוויץ, וואו י. ל. פּרץ און דר. חיים זשיטלאָווסקי זיינען געווען די באַגייסטערער און וואָרטזאָגער, די פאָרמולירער פון דעם נייעם אני מאמין.

מיר האַלטן טייער ירושה, פאָלקס־ירושה. מיר זיינען באַוואוסטזיניק דערפון, אַז פערציק דורות ייִדיש קוקן אַראָפּ אויף אונדז. עס איז אונדז נאָענט דער ייִדיש פון אַלע דורות. אונדז איז נאָענט דער ייִדיש פון דעם בעל שם טוב און פון לוי יצחק באַרדיטשעווער, דער ייִדיש פון די חסידים, וואָס זיינען אַרויס אין אַ בונט קעגן עצבות און וואָכעדיקייט. מיר האַלטן טייער ירושה. אָבער ירושה קלייבט מען אָפּ. מען זעצט פאָר אירע טראַדיציעס אויף אַן אויסגעלייטערטן שטייגער. די אויסלייטערונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט מענדעלע מוכר ספרימס „דאָס קליינע מענטשעלע" און אַנדערע זיינע ווערק, מיט י. ל. פּרצעס „יום־טוב בלעטלעך" אויף דער אַרבעטער־בירזשע, מיט שלום־עליכמס „געלעכטער דורך טרערן". די אויסלייטערונג דאָ אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן מיט די קלאַסיקער פון דער פּראָלעטאַרישער ייִדישער דיכטונג — דוד עדעלשטאַט, יוסף באָוושאָווער, מאָריס ווינטשעווסקי, מאָריס ראָזענפעלד.

אַ גאַסט פון ישראל, פּראָפעסאָר דוב סדן פון ירושלים, איז ניט לאַנג צוריק אויפגעטראַטן פאַר אַ „ייוואָ"־צונויפקום דאָ אין ניו־יאָרק, און ער האָט דאָרט „אַריינגעזאָגט" דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ פאַר „זינדיקן מיט צוטשעפּען ייִדיש צו פּאָליטיק און צו די פּאָליטישע פּאַרטייען" (לויט אַן אַרטיקל פון ב. שעפנער אין „פאָרווערטס" פון 23טן נאָוועמבער). דאָס איז, לויט מיין מיינונג, אַ טעות מצד דעם חשובן פּראָפעסאָר סדן, אַן ערנסטער טעות. גראָד דערפאַר, וואָס ייִדיש איז „צוגעטשעפּעט" געוואָרן צו פּאַרטייען, אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען, פאָלקס־פּאַרטייען; און אפשר פאַרקערט — גראָד דאָס, וואָס די אַלע פּאַרטייען האָבן זיך „צוגעטשעפּעט" צו ייִדיש, האָט ערשט געגעבן אונדזער ייִדיש־לשון אַזאַ לעבנס־קראַפט, אַזעלכע הערלעכע וויטאַמינען. און אַזוי — ווען מיט זעכציק יאָר

---

רעפעראַט געהאַלטן אויף דער ייִדיש־קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, דעם 20טן דעצעמבער, 1969.

צוריק האָט אַ יונג יידיש אַרבעטער־מיידל, קלאַראַ לעמלעך, אין דעם אָנגעפּאַקטן קופּער־יוניאָן זאַל אין ניו־יאָרק, אויסגערופן, אויף יידיש: „איך שלאָג־פאָר עס זאָל דערקלערט ווערן אַ גענעראַל־סטרייק“! דאָס יידישע לשון, וואָס איז דעמאָלט באַלד געהערט און געזונגען געוואָרן אין די סטרייק־זאַלן, אויף די פּיקעטליניעס, האָט געקראָגן פריש רויט בלוט אין די אָדערן, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן.

אין עטלעכע חדשים אַרום, אין מערץ 1970, וועט ווערן הונדערט יאָר, אַז די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע איז געבאָרן געוואָרן. ווי נעבעכדיק „דיא ידישע צייטונג“, ווי זי האָט זיך גערופן, האָט ניט אויסגעקוקט, שאַצן מיר זי אָפּ, פאַר איר פּיאָנערן־ראָל. אָבער אַן אמתן געבורט האָט די יידישע פּרעסע פאַרצייכנט מיטן אויפקומען פון דער וועכנטלעכער „אַרבייטער צייטונג“ אין 1890 מיטן געבורט פונעם טעגלעכן „אַבענדבלאַטט“ אין 1894, מיטן געבורט פון „פאָרווערטס“ אין 1897 — אַרבעטער־צייטונגען, מיט אַלע זייערע חסרונות! די ערשטע יוניאָנס פון יידישע אַרבעטער זיינען דעמאָלט געבאָרן געוואָרן. אין 1900 איז געבאָרן געוואָרן דער אַרבעטער־רינג. עס זיינען באַלד געקומען די היסטאָרישע סטרייקס פון די נאָדל־אַרבעטער, אָנגעהויבן מיטן נאָר־וואָס דערמאָנטן סטרייק פון די וועיסט־און דרעסמאַכער ((בלוזקע און קליידלעך־אַרבעטער), אין 1909. און ווער ווייס דען ניט, אַז דאָס זיינען געווען די יאָרן פון דער „גאָלדענער עפּאָכע“ פונעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע, די גאָרדין־עפּאָכע, און אַז דעמאָלט זיינען די יידישע פּרעסע און די יידישע ליטעראַטור אַרויסגעהויבן געוואָרן אויף די באַרג־שפּיצן פון דער געשיכטע פונעם היגן יידישן ישוב, — די ליטעראַטור פון די קלאַסיקער פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע דאָ אין לאַנד, וועלכע האָבן זיך איבערגערופן מיט אונדזערע קלאַסיקער אויף יענער זייט ים.

אין איינעם פון זיינע קאַפּיטלעך פון זיין ערשטן באַזוך דאָ אין אַמעריקע, אין 1907, דערציילט י. ד. בערקאָוויטש אַזאַ געשיכטע. ער איז דעמאָלט געווען פאַרבונדן מיטן אַרויסגעבער פון דער טעגלעכער יידישער צייטונג, „יידישעס טאַגעבלאַט“, די צייטונג פון אָבסקוראַנטן אין יידישן לעבן. ווען ער האָט פאָרגעלייגט דעם רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער, יאָהאַן פּאַלעי, צו געבן אים שיינע ליטעראַטור, האָט אים יענער, מעשה גוטער־ברודער, אַ פּאַטש געטאָן איבער דער פּלייצע, און געזאָגט אין אַ וואולגאַרן וויץ אַזאַ, אַז פאַר שיינער ליטעראַטור צאָלט מען ניט. „געלט צאָלן מיר אין אַמעריקע“, האָט ער געזאָגט, „נאָר פאַר מיאוסער ליטעראַטור“ („טאָג־מאָרגן זשורנאַל“ פון 23טן נאָוועמבער). איז כאָטש די „מיאוסע ליטעראַטור“ האָט געהאַט דעמאָלט אַ גאַנץ „אָנגעזען“ אָרט אין דער צייטונג, וואָס האָט גערעדט אין נאָמען פון די אַרבעטער, איז אָבער קלאָר, אַז ניט די פּרעסע פון די אָבסקוראַנטן האָט געקאָנט זיין דאָס וויגעלע און דאָס וועגעלע פון דער שיינער ליטעראַטור, ליטעראַטור פון די קלאַסיקער אויף ביידע זייטן ים, די ליטעראַטור פון די היינטצייטיקע שאַפער.

עס איז נויטיק אַרויסצוהויבן דעם פּראָגרעסיוון כאַראַקטער פונעם קאַמף פאַר יידיש — פאַרן לשון, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט די רעוואָלוציאָנערע געזאַנגען אין אַלטן רוסלאַנד, די געזאַנגען פון די אַרבעטער אין דער פאַבריקע און מאַסטערסקאַיאַ; דער לשון, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין די פּראָגראַמען פון די פאַרשיידענע אַרבעטער און פאָלקס־פּאַרטייען; וואָס איז געזונגען געוואָרן דאָ, אויף יוניאָן סקווער אין ניו־יאָרק, אין די ערשטן־מאַי פּאַראַדן מיט קאַרגע ניינציק יאָר צוריק. ס׳איז דער יידיש פון די געטאָ־העלדן אונטערן נאַציזם, דער יידיש פון די פּאַרטיזאַנען און פון די קדושים אין די גאַז־קאַמערן. עס איז נויטיק דאָס דאָזיקע און נאָך אַ סך צו אונטערשטרייכן, כדי עס זאָל קלאָרער ווערן דער ניט־פּראָגרעסיווער כאַראַקטער פון דער אַסימילאַציע, — ניט נאָר פון דער אַסימילאַציע פון די רייכע, די יאַהודים, די לייט פון דעם „קאָונסיל פאָר דזשודאַאיזם“, נאָר אויך, צוזאַמען מיט זיי, פון אַזעלכע וואָס האָבן אַרויסגערוקט די אַסימילאַציע ווי אַן אויסדרוק פון פּראָגרעס. מישטיינסגעזאָגט. עס איז נויטיק אַרויסצוהויבן דעם פּראָגרעסיוון כאַראַקטער פון יידיש אין אָנגעזיכט פון איינשטעלונגען צווישן „אַלטע לינקע“ און „נייע לינקע“, לויט וועלכע עס באַקומט זיך, אַז יידיש איז נאַציאָנאַליזם, אַז בויען די וועלטלעכע קינדער־שול, דעם פאָלקס־כאָר, די קלובן און סאָסייעטיס, דעם איקוף און די לייען־קרייזן, די עמאַ לאַזאַרוס פעדעראַציע, איז נאַציאָנאַליסטישע טעטיקייט; אַז דאָס איז כלומרשט קעגן אינטערנאַציאָנאַליזם. דאַרף מען ווידער אונטערשטרייכן, אַלץ איינס וויפיל מאָל מ׳האָט עס שוין ניט געטאָן, אַז דער אמתער אינטערנאַציאָנאַליסט איז דער בעסטער קעמפער פאַר די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון זיין פאָלק, פאַר דער נאַציאָנאַלער פאָלקס־קולטור.

ס׳איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן ביי אַ ריי געלעגנהייטן אויפן היסטאָרישן פּעריאָד אין וועלכן מיר געפינען זיך — דעם פּעריאָד פון די קאַמפן פון די פעלקער פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און אַז דער פאַרגרעסערטער אינטערעס צו יידיש — ניט קיין ברייטער אויפלעב דערווייל, נאָר אַ פאַרגרעסערטער אינטערעס — איז אין אַ באַשטימטן זינען אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם פּעריאָד. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף דעם אויפלעב צווישן די נעגער־מאַסן פאַר זייער קולטור,

זייער אַפריקאַנער ירושה, אַפריקאַנער שפּראַך, קליידונג, זייער נאַציאָנאַלן שטאָלץ. אַזוי בנוגע אַנדערע מינדערהייטן דאָ אין לאַנד, — די פּאָרטאָ־ריקאַנער, די „טשיקאַנאָס" (מעקסיקאַנער־אַמעריקאַנער), די אינדיאַנער. זאָל דעריבער אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז דער געשטיגענער אינטערעס צו יידיש אין אַמעריקע איז אין הסכם מיטן דאָזיקן דראַנג צווישן די אַנדערע מינדערהייטן, אויב אפילו מיר האַלטן ערשט, צווישן יידן, ביי בראשית; אויב אפילו גאַנץ קליינע טיילן פון דער יידישער יוגנט זיינען דערווייל אין דעם אויפלעב פאַר יידיש אַריינגעצויגן געוואָרן. לאָמיר דאָס אונטערשטרייכן פאַר איר טאַקע, פאַר דער יידישער יוגנט.

עס איז נויטיק צו שטעמפּלען דעם אַנטי־יידיש, דעם נעגאַטיוון צוגאַנג צו דער קולטור־אַרבעט פון די יידישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס ווי ניהיליזם, — אַ ניהיליזם וואָס פאַרקערעוועט צייטנווייז אין די הינטערגעסלעך פון נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, ווען דער סופער־לינקער שטויסט זיך אָן אויף אַנטיסעמיטיזם, אויף יידישע פּראָבלעמען, וואָס ער קאָן ניט לייזן אויף אַ געזונטן אופן, זייענדיק אָפּגעפרעמדט פון די טראַדיציעס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, די טראַדיציעס פון יידישע פרייהייט־קעמפער אין משך פון דורות.

מיר זיינען פאַר דאָאיגקייט, ווי באַוואוסט. מיר זוכן צו באַהעפטן די פּראָגרעסיווע יידישע טראַדיציעס מיט די אַמעריקאַנער פרייהייט־טראַדיציעס. זאָגן מיר ניט, אַז נאָר דורך יידיש קאָנען די פּראָגרעסיווע יידישע טראַדיציעס דאָ אין לאַנד קומען צום אויסדרוק. מיר האַלטן טייער די טראַדיציעס פון אָשר לעווי און חיים סאָלאָמאָן און אויגוסט באָנדי און ערנעסטין ראָוז. אָבער אויך וויפל עס האַנדלט זיך וועגן דער איבערוועגנדיקער מערהייט פונעם היגן יידישן ישוב, וואָס שטאַמט־אָפּ פון דער פענאָמענאַלער יידישער אימיגראַציע פון מזרח־אייראָפּע, צווישן די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט און די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט — פענאָמענאַל סיי אין כמות און סיי אין איכות — אויף אַזוי פיל פאַרנעמט דאָ אַן אָנגעזעען אָרט יידיש, די יידישע קולטור, וואָס האָט זיך אויסגעפורעמט מיט און דורך דעם אויפשטייג פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג, מיט דער אַנטוויקלונג פון די לאַנדסמאַנשאַפטן און בכלל יידישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס.

איך האָב די טעג געזען אין דעם חודש־זשורנאַל „פאָלק און ציון" וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אין ירושלים דורך דער יידישער אַגענטור (נומער 3, נאָוועמבער, 1969) אַן אָפּהאַנדלונג איבער פיליפּ ראָטהס ראָמאַן, „פּאָרטנאָיס טענות". איז אין דער אָפּהאַנדלונג אַרויסגערוקט געוואָרן דער „גלות", אַזוי צו זאָגן, די יידישע אומזיכערקייט, דאָס פילן זיך אין אַמעריקע ווי פרעמדע — לויט דער אָפּשאַצונג פונעם שרייבער, פונקט ווי אין ישראל וואָלט ניט מעגלעך געווען אַזאַ ווערק! אמת איז אָבער, אַז „פּאָרטנאָיס טענות" איז אַ נעגאַטיוו, אָבסקוראַנטיש ווערק, קאָן געבן שפּייז אַנטיסעמיטן פונעם שטרייכער־טיפּ, וועלכע האָבן אַלעמאָל געשילדערט דעם יידן ווי אַ סעקסועל־אַבנאָרמאַלן. אויסהיילן אַזאַ שרייבער ווי פיליפּ ראָטה קאָן מען, דאַכט זיך, טאַקע דאָ אינעם „גלות", ווען מ'זאָל אים אויסלערנען און באַוועגן צו לייענען, אויף יידיש, ווינטשעווסקין און עדעלשטאַטן, ראַבאָין און לייוויקן און וויינפּערן און די אַנדערע פּראָגרעסיווע יידישע שאַפער, און זשיטלאָווסקין און אָלגינען, און אַוודאי אונדזערע קלאַסיקער. און טאַקע — געבן אים די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אונדזער חורבן־ליטעראַטור, די ליטעראַטור וועגן די קדושים און וועגן די מרדכי אַנילעוויטשעס און איציק וויטענבערגס.

אַ גרויסער פאָלקס־פאַרמעג איז די יידישע ליטעראַטור! אַ גרויסער פאָלקס־פאַרמעג איז יידיש, דאָס יידישע לשון, אין אַלע ניואַנסן, ווי אָפּגעשפּיגלט און באַרייכערט מיט די קאָלירן און זאַפטן פון די יידישע ישובים אויף אַלע קאָנטינענטן, — די ליטעראַטור פון בערגעלסאָן און פעפער און מאַרקיש און נסתר, און פון די היינטצייטיקע סאָוועטיש־יידישע שרייבער, די ליטעראַטור פון די אַרגענטינישע און אויסטראַלישע און קאַנאַדישע שאַפער אויף יידיש, די ירושה פון יידיש פוילן, די ליטעראַטור פון הירש גליק און די בויער פון ישראל.

האַנדלט זיך נאָר וועגן שפּראַך? שפּראַך צוליב שפּראַך? איז ניט דער אינהאַלט דער עיקר? געוויס, דער אינהאַלט — פאָרגעשריטענער, פּראָגרעסיווער אינהאַלט. אָבער שפּראַך אַליין איז ניט קיין פּוסטע כלי. „וויפל אין די אותיות ליגן טרערן און וויפל געוויין", זינגט זיך דאָרט אין וואַרשאַווסקיס „אויפן פריפּעטשאָק". און „זאָג ניט קיינמאָל" קלינגט גאָר אַנדערש אויף יידיש, ווי אויף אַן אַנדער לשון. און אַזוי די מאָנאָלאָגן און דיאַלאָגן פון „טוביה דער מילכיקער". ניין, שפּראַך איז ניט קיין פּוסטע כלי. שפּראַך אַליין איז אויך קולטור. דורך דורות און דורות ווערט זי אַליין אינהאַלט, טראַדיציע. די נשמה פונעם פאָלק דריקט די שפּראַך — יידיש — אויס.

דאָ וואָלט איך זיך געקאָנט אָפּשטעלן. איך האַלט אָבער פאַר נויטיק ווידער צו אונטערשטרייכן מען זאָל דאָס וואָרט „פּראָגרעסיוו" נעמען ניט אין אַ שמאָלן, קליינזלדיקן זינען, נאָר אין אַן אַלפאָלקישן זינען. מ'דאַרף באַגריסן דאָס פּאָזיטיווע, בנוגע יידיש און בכלל, אין אַלע טיילן פון פאָלק. ניט מיר און ניט אַנדערע האָבן

וועלכע ניט איז מאָנאָפּאָליע אין אָט־די געביטן. אַלדאָס פּאָזיטיווע פון אַלעמען דאַרף פּאַראייניקט ווערן. צום ווינציקסטן דאַרף זיין קאָאָפּעראַציע, קאָנטאַקט, דיאַלאָג. אָפּגעזונדערטקייט באַדייט דאָ חורבן, און אַוודאי באַדייט חורבן — שפּאַלטעריי, דיסקרימינאַציע.

ס'איז דאָ די אַלט־אַלטע פאָלקס־געשיכטע וועגן די צוויי הענער, וואָס האָבן זיך אַזוי לאַנג געממיתט ביז זיי זיינען ביידע אומגעקומען. שפּאַלטעריי טראָגט־אונטער אַ טויט־אורטייל אונדזער פאָלקס־קולטור. באַזונדער קאָן קיין שום ריכטונג אַליין ניט סטימולירן דעם אויפלעב, ווי געהעריק כאָוועןֹ און אַנטוויקלען ווייטער די ערשטע שפּראָצן פון אַן אויפלעב. אין דער וויזיע אונדזערער קאָן יעדערער פון אונדז דערזען, אָן שום גרויסן אָנשטרענג, אַ געזעלשאַפטלעך טעאַטער צוזאַמען, גרויסע ליטעראַרישע יום־טובים — צוזאַמען, שטאַרקערע וועלטלעכע שולן — צוזאַמען, יידישע לימודים אין די האַי־סקולס און מער יידיש־קאַטעדרעס אין אוניווערזיטעטן — דורך אַרבעטן — צוזאַמען. באַדייטנדיקע טיילן פון דער יידישער יוגנט קאָנען מיטגעריסן ווערן, ווידעראַמאָל, — דורך אַרבעטן צוזאַמען. און אויפן יידישן בוך, וואָס דערשיינט איצט אין אַ גאַנץ קליינער צאָל און וואָס ווערט שוואַך פאַרשפּרייט און נאָך שוואַכער געלייענט, קאָן קומען אַ ישועה.

טאָ זאָל טאַקע קומען די ישועה אויף אונדזער יידיש־לשון, אויף אונדזער יידישער פאָלקס־קולטור.




דער קאָנצערט. 1923. טעמפּערע.




ש. ראַטין

# פיר צייטן פון יאָר



הארבסט

ווען די בלעטער פאַלן
פון די ביימער —
רויט ווי קופּער,
געל ווי גאָלד —
ווייסן דעמאָלט קליינע קינדער,
אַז דער האַרבסט איז אַף דער וועלט.



ווינטער

ווען עס פאַלט אַ שניי
אין דרויסן —
זילבער-פעדערלעך,
פוכקע, ווייס, —
ווייסן דעמאָלט קליינע קינדער,
אַז דער ווינטער איז אַף דער וועלט.



פרילינג

ווען די ביימער
נעמען בליען,
פעלדער גרינען,
פייגל זינגען —
ווייסן דעמאָלט קליינע קינדער,
אַז דער פרילינג איז אַף דער וועלט.



זומער

ווען די זון נעמט בריען
און בראָטן —
קינדער פאָרן אַפן לאַנד —
ווייסן דעמאָלט קליינע קינדער,
אַז דער זומער איז אַף דער וועלט.

מ. שיפריס



„מאָטקע כאַבאַד", משה קיש

אַז אַ נאַר וואַרפט אַ שטיין אין גאָרטן אַריין,
קענען אים צען קלוגע ניט אַרויסנעמען.

# אַ געזאַנג צו אידיש

אדעלע פרידמאַן

# איך האָב זיך היינט מיין פען פאַרטרויט

איך האָב זיך היינט מיין פען פאַרטרויט,
אַ נייעם פאָדעם וויל איך שפּינען.
מיט נייע קלאַנגען, נייע טענער,
צום יונגן דור מיין וועג געפינען.
מיט פרישער שפּראַך און נייעם ניגון
צו קינדער היינטיקע איצט קומען,
צו די קינדער קליינע, שיינע,
ווי די ביימעלעך און בלומען.

האָט מיין פען זיך גלייך פאַרמאָסטן
פאַר אַ ניגון — שפּאָגל־ניי,
פאַר אַ ליד מיט פרישע טענער
זיך פאַרמאָסטן גאָר אויפסניי!
יעדן אות געטריי געוואויגן,
געפּוצט, געשליפן אים, ביז גאָר!
גראַמען רונדע, ווי די פּערל,
פאַרצויגן אויף אַ פּערל־שנור.

שיין די שפּראַך! פיין דער ניגון!
נאָר פרעמד דער קלאַנג, די נייע טענער!
פּרואוו איך זינגען ס'ליד אויף יידיש
איז ניטאָ קיין לשון שענער!
וועל איך איצט, פון היינט און ווייטער,
מיר מיין אַלטן פאָדעם שפּינען,
מיט מיין ליד אויף מאַמע־לשון
צום יונגן דור דעם וועג געפינען.

מיט מיין ליד אויף מאַמע־לשון
צו די קינדערלעך איצט קומען
צו אַלע קינדער ליבע, קלוגע,
ווי יונגע ביימעלעך און בלומען.
ווידער פאַר די קינדער קליינע
וואונדערלעכע שלעסער בויען,
און מיין פען, דער פען געטרייער,
אויף מאַמע־לשון זיך פאַרטרויען.

1961



מיר וועלן די שווערדן איבערשמידן
אף אקער־אײַזנס.

סקולפּטאָר — יע. ווּטשעטיטש.

„נעם צונויף אַלע זינגער פון לאַנד
און צעשאַל
אונזער וואָרט, אונזער אייבינגן
אמן!
ווי ס'צעטראָגט זיך דער שטראָם
פון אַ לויטערן קוואַל,
זאָל דאָס ליד זיך אויף וועלטן
צעשטראָמען!"

# די „מארגן-פרייהייט" — און די אידישע שפראך

פון שלמה דאווידמאן

אויסער א פאליטיש-געזעלשאפטלעכע פראגרעסיווע אידישע ארבעטער-און-פאלקס-צייטונג, וואס דינט אן א אפשטעל די קארגע 50 יאר, טאג-טעגלעך, די אידישע פאלקס-מאסן אין אמעריקע און איבער דער וועלט, איז

די „מארגן פרייהייט" געווען און איז א שול, א מין פאלקס-אוניווערסיטעט, פאר דערלערנען, פארבעסערן און פארשענערן די אידישע שפראך.

א שפראך איז א מיטל, אויף אויסצובעסערן, פארשענערן דאס לעבן פון

דעם מענטשן. די שפראך העלפט דעם ארבעטער-און-פאלקס-מענטש צו פארשטיין זיין עקאנאמישע, פאליטישע און געזעלשאפטלעכע לאגע, און צו פרואוון, דורך פארשידענע קאמפן, זי אויסצובעסערן.

א שפראך איז דער אינסטרומענט, וואס דער זשורנאליסט, דראמאטורג, בעלעטריסט און דיכטער באנוצט צו באשרייבן, דראמאטיזירן, מאלן דעם אמאל, היינט און די צוקונפט.

וואס פארא אידיש האבן אידישע צייטונגען גענוצט ביז דער דערשיינונג פון דער „פרייהייט", דעם 2-טן אפריל, 1922? מיר וואלטן זי, די שפראך, אנגערופן אן עם-הארצ'ישע, א שונדיסטישע, א מין „זשארגאן", א געמיש פון דייטשמערישע, ענגלישע און רוסישע ווערטער.

אין 1922, ווען די „פרייהייט" האט אנגעהויבן דערשיינען, איז שוין געווען א רייכע אידישע פרעסע, באזונדערס אין ווארשע, פוילן. מיר האבן

שוין דעמאלט אפגעשלאסן דעם פעריאד פון די מאדערנע אידישע קלאסיקער: מענדעלע, פרץ, שלום-עליכם, אש, בערגעלסאן און אנדערע, וועלכע האבן באנוצט א מאדערנעם אידיש. די אמעריקאנער אידישע פרעסע האט אבער זיך, ביז דער „פרייהייט", ניט געוואלט מיט דעם רעכענען.

שוין פון ערשטן טאג פון דער דערשיינונג פון דער „פרייהייט" האט זי אנגעהויבן נוצן א אידישע פאלקס-שפראך, א קולטיווירטע, א ליטעראַרישע.

דעם גרעסטן פארדינסט דארפן מיר צוטיילן מ. אלגינען. אלגין האט מיט זיין „גאלדענער פען" אויסגעשליפן די שפראך און זי געבראכט צו איר העכסטער מדרגה אין משך פון 17 יאר, וואס ער איז געווען דער רעדאקטאר פון דער צייטונג.

אלגינס לעקציעס וועגן דער אידישער שפראך, סיי געשריבענע און סיי גערעדטע, זיינען געווארן א מוסטער ווי אזוי מ'דארף רעדן און שרייבן אידיש.

„די אידישע שפראך איז ניט אפצוטיילן פון אידישן פאלק", האט אלגין געזאגט. מיט זיינע ארבעטן וועגן אידישע שרייבער, מיט זיינע בילדער פון „טאג-טעגלעכן לעבן", פון ארבעטער איז ער געווען דער לערער פון אידישן ארבעטער, אידישן אינטעליגענט און אידישן שרייבער.

שוין צוויי און דרייסיג יאר, זינט

פסח נאוויק, צו לאנגע יארן, רעדאקטירט די „מארגן פרייהייט". ער זעצט פאר די הערלעכע טראדיציעס פון דער צייטונג אין יעדן פרט, און אזוי אויך איר חשיבות'דיגע באדייטונג צו אונזער אידיש לשון.

איך וועל מוזן אויסלאזן א סך נעמען פון שרייבער, וואס האבן ביי-געטראגן צו דער רייכקייט פון דער אידישער שפראך אין דער „מארגן-פרייהייט".

אבער נ. בוכוואלד'ן וועט די געשיכטע ניט פארגעסן. אויסער דעם, וואס ער איז געווען א זשורנאליסט פון א הויכן קאליבער מיט א באזונדער אריגינעלן שיינעם סטיל און א מוסטער-קריטיקער פון אידישן טעאטער איז ער געווען א לערער פון א פיינעם, גוטן אידיש. זיינע לעקציעס וועגן דער אידישער שפראך זיינען דערשינען אין בוך-פארם אין פארלאג פון דעם אידישן פראטערנאלן פאלקס ארדן און איצט איבערגעדרוקט פון קווינס-קאלעדזש פאר סטודענטן, וואס ווילן זיך לערנען אידיש.

קאן אימיצער אנווייזן אויף נאך אזא ביישפיל פון אנדערע אידישע צייטונגען, ווי דער ביישפיל פון נ. בוכוואלדס ביישטראג צו דער אידישער שפראך? — מיר דאכט זיך, אז ניט.

די מיטארבעטער פון דער „מארגן-פרייהייט" זעצן פאר די אלגין-טראדיציע פון אפהיטן די ריינקייט פון דעם אידישן לשון.



צו אייך פערזענלעך.אייערע פריינט און ארגאניזאציעס.

טייערע פריינט !

לייענער, פריינט און קאלעגן פון פראגרעסיוון אידישן שרייבער ש ל מ ה ד א ו ו י ד מ א ן העלפן ארויסגעבן : " מיט אידיש קאן מען אויספארן א וועלט;" ( א נייער מין אלף -בית אויף עטלעכע שפראכן,פאר עטלעכע דורות צו לייענען און לערנען אידיש. א געזאנג צו אידיש.) און "איך שריי צו דיר פון דער געטא !.." געקליבענע נאוועלן.

צו זיין 75 - סן געבוירנטאג און 50 יאר געזעלשאפט-לעכע טעטיגקייט.

וואלט איר ,אייערע פריינט ,אייערע ארגאניזאציעס זיך וועלן באטייליגן ?

אט זיינען נאך פריינט,וואס באטייליגן זיך:

מאקס און גאלדע פערלאוו,שרייבער און יוניאן -טוער. ב.וויינשטיין, בען און פאניע איצקאוויטש,פאטאגראפער. י.ל. דרוקער,שרייבער,ארבקאר. בערטא שעפלאף. אברהם פרימאק. שרה און סעם פלאטאק.איזידאר בעל . ה.גורעוויץ.סילווערסטיין.בעסי סטיינבערג.אסתר גאבאוו. דוד פערלמוטער.יעקב פינקעלשטיין.ארבקאר און טוער. איי.דזשיי .מאריס.ראזע קראסנער.אייב אקון. שלמה פטאר. מאלי סיימאן. בארא פארק פראטערנאלע ,לארא ניידל.סעק. שטאט קאמיטעט פון די קלובן אין שיקאגא , מאריס א. אפנאן ,דאראטי שינבערג. סאן -פראנציסקא קולטור קלוב.בערנארד ראסמאן,סעק.דעבי און ליא איזראאיל . נ.י אידישע מיטלשול,וו.ראטמאן , סעק. אידישע מיוטשועל עיד סאסייעטי פון וואשינגטאן,סיליע ראליצקי,סעק. סעמועל וואלאוויץ.פייבל עדעלמאן.העראלד און נאטאליע לעווענטאל.גרענד סטריט קולטור קלוב.לאה שייפער-פענקין ,פרעז. מאקס נון.הארדפארד איקוף לייען-קרייז, זלמן און באשקע פאסלאנד.

אלע קומענדיגע נעמען וועלן אריין אין בריוו און ביכער.מיר לאדן אייך איין זיך צו באטייליגן.

ספאנסאר פון 10 דאלער און העכער.סובסקרייבער - פון 5 דאלער און העכער .באגריסער -פון 1 דאלער און העכער.

מיר דערווארטן אייער ענטפער.אייער ,מיט בעסטע גרוסן.

שלמה דאווידמאן

# די קינדער פֿון טערעזין

This book of poems and pictures is taken from the collection left by the children of Terezin. Terezin was a concentration-camp, near Prague, in Czechoslovakia.

From 1941 to 1945, the Germans shipped 15,000 Jewish children into this small place and only 100 children managed to survive.

Here they lived locked within walls and courtyards—crowded together. Here they had stars sewn on their jackets and blouses. Teaching was forbidden, but the children of Terezin were secretly encouraged to put down in word and picture their thoughts:

> *"We got used to warmed-up water with a salty flavor and a few potatoes . . . We got used to sleeping without a bed and saluting every uniform; not to walk on sidewalks and then again, to walk on sidewalks . . . We got used to undeserved slaps, blows and executions; to seeing the sick amidst the dirt and filth; to seeing people die.*
>
> *Terezin is a black town, a place of evil and fear. There is little to eat and much to want.*
>
> *Terezin is a bit of filth and dirty walls—and all around you barbed-wire, with enemies and gallow-ropes, with suffering and grief and shame, not letting you die—not letting you live."*

The children knew nothing of what awaited them. They were finally taken away and all that remained were their poems and pictures. After the liberation, the one surviving teacher of Terezin, gave this material to the State Jewish Museum of Prague.

The children of Terezin were perhaps the only children in the world, who captured on paper, the strange world in which they lived.

**WE WILL REMEMBER THEM.**

לאָמיר געדענקען די קינדער.
לאָמיר געדענקען די יונגע, די אומשולדיקע
וואָס מיר האָבן, אין פֿינצטערע לאַגערן,
פֿאַרלוירן.
לאָמיר זיי אייביק געדענקען.

באַרבעט און צונויפֿגעשטעלט פֿון מלפּה גאָטליב, געלע פֿישמאַן און צירל וואָלעצקי.

איבערגעזעצט פֿון מרים האָפֿמאַן.

די לידער און צייכענונגען זיינען פֿון קינדער אין קאָנצענטראַציע-לאַגער טערעזין (1942-1944)

דער מאַטעריאַל געפֿינט זיך אין פּראַגער יידישן מלוכה-מוזיי אין טשעכאָסלאָוואַקיי.







אַרויסגעגעבן פֿון דעם שולצענטער בײַם ייִדישן קולטור־קאָנגרעס ניו יאָרק, 1968.



# דאָס זומער-פֿייגעלע

דאָס לעצטע זומער-פֿייגעלע,
דאָס סאַמע לעצטע,
אַזוי רייַן, אַזוי העל,
אַזוי פֿינקלענדיק געל.

אפֿשר ווי די זונשטראַלן,
אפֿשר ווי די זונטערן ,
זינגען אויף אַ ווייַסן שטיין,
אַזוי געל.

# טערעזין

איך לעב דאָ אין געטאָ
שוין מער ווי אַ יאָר,
אין טערעזין —
דער שוואַרצער שטאָט.





מענטשן גייען אין די גאַסן,
און ווען דו קוקסט אויף זיי
דערקענסטו גלײַך די געטאָ —
דאָס אָרט פֿון שלעכטס און שרעק.

דאָ שטאַרבן די שוואַכע
גרינג ווי אַ פֿעדער,
און ווען זיי שטאַרבן,
שטאַרבן זיי אויף אייביק.

אַנאָנים, 1943

. . . אַ פֿלאַם פֿון ליכטעלעך
אַרום מײַן בעט.
איך שלאָף —

און אפֿשר וועל איך אויך
אַמאָל פֿאַרשטיין,
אַז איך בין בלויז געווען
אַ קינד
אַ קליינס,
קליין ווי דאָס ליד
איז קליין.

האַנוש חאָכענבורג

# פון מאָרגן אָן

מאָטעלע

פֿון מאָרגן אָן
װעל איך טרויעריק זײַן —
פֿון מאָרגן אָן.
הײַנט װעל איך זײַן פֿול מיט פֿרייד.

פֿאַרוואָס זאָל איך טרויעריק זײַן?
ווײַל מאָרגן קען זײַן שלעכט —
זאָל איך וויינען הײַנט?

און יעדן טאָג,
ווי ביטער עס וועט נישט זײַן,
וועל איך זאָגן:

פֿון מאָרגן אָן
וועל איך טרויעריק זײַן —
פֿון מאָרגן אָן.

# אין גאָרטן

פֿראַנטאַ באַס

אַ גאָרטן קליין,
די לופֿט איז פֿול מיט רויזן.
דער וועג איז שמאָל,
און אויפֿן וועג שפּאַצירט
אַ ייִנגעלע, אַ קליינס.

אַ ייִנגעלע אַ קליינס,
און זיס ווי אַ בלימעלע וואָס בליט.
ווען דאָס בלימעלע וועט אויפֿבליִען
וועט שוין דאָס ייִנגעלע — ניט זײַן.



פּיקאַסאָ שלום

# אַ לויב צום וואָרט

פון רחל מינצעס
(בועניאָס איירעס)

וואָרט,
פשוט, אָפן וואָרט —
דו,
וואָס באַגלייטסט
דעם מענטשנס טראָט
דעם שווערן —
דו,
וואָס ביסט דורכגעווייקט
פון טרערן
און באַצירט מיט אַ ביסל
יום־טובדיגן שיין —
דו,
וואָס שטייסט שטענדיג זייט־ביי־זייט
פון פיין
און טרייסט,
און מאָנסט,
און ברויזסט און ברויזסט
און שלעפּסט אַרויס
דעם שווערן וואָגן פון טעגלעכן זיין
און שפּאַרסט אים באַרג־אַרויף —
צו דיר,
ערלעך וואָרט,
מיין לויב!

וואָרט,
פשוט, אָפן וואָרט —
דו,
וואָס האָסט דאָס חניפהדיגע בוקן,
דאָס בויגן דעם רוקן
פון די, וואָס זיך שאַרן
ביי די פיס פון האַרן
נישטיג,
געמיין.
דו —
וואָס מיט אייזערנע פויסטן
קלאַפּסט
אין רויבערישע ציין
און הויבסט,
ווי אַ פלאַמיגער פאַסעל,
דיין שיין
איבער נעפּל און נאַכט
און וואָרנסט:
זיי וואַך!
היט זיך פאַר נעגל און שנאָבל
פון רויב! —
צו דיר,
מוטיג וואָרט —
מיין לויב!

וואָרט,
פשוט, אָפן וואָרט —
געפּלאָגט און געיאָגן,
האָסט טויזנטער מאָל
אויף זיך
שלעסער געטראָגן.
און שאָטנס פון קראַטן
געוואָלט האָבן,
זאָלסט פאַראַטן
דיין לויטערן קלאַנג
פון אַ ברידער־געזאַנג.
עס האָבן געגאַרט זיך
דיינע באַצווינגער —
פון אונטער שלעסער
און קראַטן
אַרויס ביסט נאָך פעסטער,
אַרויס ביסט נאָך יונגער.
אַ גלאָס — אַ גיגאַנט,
אַ העל־צעשאַלטער
מיט זונינע גלויבן
אויפסניי
אַ צעשטראַלטער
און וועקסט
און מאָנסט
און קלאַפּסט
און רופסט
ביי יעדער שטוב,
ביי יעדער שוועל,
אין יעדער טיר,
אין יעדער שויב.

— צו דיר,
אומדערמידלעך,
מעכטיג וואָרט,
מיין לויב!



# יידיש — די זאָרג פוןביידע דורות

פון **א. גאָלדבערג**

די היינטיקע באַראַטונג איז ניט מער ווי איין עפּיזאָד אין אַ קייט געשעענישן און אַנטוויקלונגען, וואָס מערן זיך לעצטנס אין יידישן לעבן. די אַנטוויקלונגען האָבן הינטער זיך היסטאָרישע, אידייאישע און אויך עמאָציאָנעלע פאַקטאָרן.

מען טאָר ניט מינימיזירן די עמאָציאָנעלע גורמים, וואָס האָבן אונדז באַוווּרקט צוזאַמענצורופן די היינטיקע באַראַטונג: מיר זיינען דורכגענומען מיט אַ געפיל פון דרינגלעכקייט, איבערגעוועלטיקט פון אַ געפיל, אַז מיר שטייען פּנים־אל־פּנים מיט אַ היסטאָרישן מאָמענט, ווען מען קאָן נאָך פאַרהיטן און פאַרזיכערן דעם גורל פון יידיש־לשון אויף דורות. די דרינגלעכקייט וואָרצלט אין דער דערקענטעניש, אַז איצט, אויב עס איז מעגלעך צו פאַרשפּיצן אַ היסטאָרישע רגע, אַז איצט איז נאָך דאָ צייט, אָבער אין 10 יאָר אַרום קאָן ווערן צו שפּעט, און אין 15 יאָר אַרום — אוממעגלעך.

דאָס איז אינגאַנצן אַנדערש פון דער שטימונג פון ירידה און רעזיגנאַציע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט, מיט אַ צענדלינג און צוויי יאָר צוריק, טיילן פון דער שאַפנדיקער יידישער אינטעליגענץ.

מיט אַ צוויי צענדלינג יאָר צוריק, אונטערן דרוק פון געשעענישן אין אייראָפּע און פון אַנטוויקלונגען דאָ ביי אונדז, האָט זיך אַנטוויקלט דער אונטערגאַנג־סינדראָם אַרום יידיש אין די יידיש־שאַפנדיקע און די יידיש־רעדנדיקע קרייזן. [די ענגליש־רעדנדיקע זיינען געשטאַנען פון דער ווייטן, זיי איז דער ענין לחלוטין ניט אָנגעגאַנגען.] דער אונטערגאַנג־סינדראָם האָט זיך אויסגעדריקט אין „לעצטיזם", אין געפילן פון ירידה, אין שטימונגען פון אויסלאָז, עס האָבן זיך באַוויזן לידער וואָס האָבן — מיט באַדויער און האַרצווייטיק — געפּירט יידיש אויפן בית־עולם, געזאָגט קדיש נאָך יידישע ביכער. ניט שייך איצט ציטירן יענע לידער און ניט שייך דערמאָנען אַ יידישן שרייבער, וואָס וויל איצט אַרויפציען אויף זיך דעם מאַנטל פון דעם „גרעסטן" יידישן שרייבער, אַז ער האָט דאַמאָלט געצהט אַ יונגן יידישן שרייבער, אַז ער זאָל אויפהערן שרייבן יידיש. ניט שייך דערמאָנען דאָס אַלץ, אָבער פאַרשטיין פון וואַנען ס׳האָבן זיך גענומען די ירידה־סימפּטאָמען, די דעפּרעסיע — איז נייטיק, און מ׳וועט נאָך אַמאָל דאַרפן זיך אומקערן צו זיי.

מיין איינדרוק איז, אַז די הויפּט סיבה פון אַ באַשיינפּערלעכער פּאָזיטיווער ענדערונג אין באַציאונג צו יידיש ליגט אין פאַקט, וואָס מיר האָבן זיך טיילוויז אָנגעהויבן באַפרייען פון מעכאַניסטישע און סימפּליסטישע איינשטעלונגען און אויסטייטשונגען.

אָט דער גלייכליניקער, אָבער אין תוך פאַלשער, צוגאַנג האָט געהאַט אַלע אויסערלעכע סימנים פון כלומרשט אויסגעפּרוּווטער לאָגיק, זיך ניט רעכענענדיק מיט דעם פאַקט, אַז היסטאָרישע אַנטוויקלונגען פאָלגן געוויינלעך נישט נאָך קיין גלייכע, אויסגעצווירעטע ליניע. פאַרקערט, זיי באַוועגן זיך אָפט זיגזאַגיש, פאַרשיידענע ניט דערוואַרטע כוחות פאַרקערעווען אַנטוויקלונגען, שטעלן זיי אָפט אפילו אויפן קאָפּ. די געשיכטע האָט איר אייגענע לאָגיק און אירע אייגענע׳ געזעצן.

אָט זיינען די שטאַפּלען פון דעם געדאַנקען־לייטער, וואָס האָבן געפירט צום אָפּגרונט פון יאוש בנוגע דעם גורל פון יידיש:

א) דער יידיש־רעדנדיקער דור ווערט עלטער, דער ייִנגערער דור נעמט ניט איבער די שפּראַך — דעריבער איז יידיש פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

ב) די אַמעריקאַנער לעבנס־תנאים זיינען אַזעלכע, וואָס פאַרמשפּטן די שפּראַכן פון די עטנישע גרופּעס צום אומקום — דעריבער איז יידיש פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

ג) די אַרטיק־געבוירענע באַפעלקערונג אין די אַמעריקעס און אין די מערב־אייראָפּייאישע לענדער נעמען די אויבערהאַנט אין יידישן לעבן — דעריבער איז יידיש פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

ד) פון די זעקס מיליאָן יידן, וואָס די נאַציס האָבן אומגעבראַכט, זיינען אַן ערך פיר מיליאָן געווען יידיש־רעדנדיקע — דעריבער איז יידיש פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

ה) ניט פאַראַן מער קיין קאָמפּאַקטער ישוב, וואו יידיש זאָל זיין די געברויך־שפּראַך פון טעגלעכן לעבן — דעריבער איז יידיש פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

ו) אין ישראל איז די שטימונג און די שטעלונג קעגן יידיש, ס׳וואַקסט אַ דור אָן יידיש — דעריבער איז יידיש פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

ז) די געשעענישן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, דער פאַמעלעכער, בלויז טיילווייזער ווידערשטעל פון דער יידישער קולטור, דאָס פעלן פון דערציאונג, די לעצטע טראַגעדיע אין פּוילן — פאַרמשפּטן יידיש צום אונטערגאַנג.

---

טיילן פון רעפעראַטן געליי‏ענט ביי די יידיש־קאָנפערענצן אין ניו־יאָרק און אין לאָס־אַנדזשעלעס.

פאַרשטייט זיך, אַז ס'רוב דערמאָנטע פאַקטן זיי־
נען טראַגיש אמת, כאָטש טייל זיינען געבויט אויף
פאַלשע היפּאָטעזעס, אָבער ציען פון זיי דעם שלוס,
אַז דאָס אַלץ פירט צום ניט־פאַרמיידלעכן אויסלעשן
זיך פון יידיש, מיינט אַז מיר פאַלן אַריין אין אַ פּאַסטקע.
מיר, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן און שאַרף באַ־
קעמפט דעם בן־גוריונישן איינשטעל פון אַריבער־
שפּרייזן צוויי טויזנט יאָר יידישע געשיכטע, האָבן אַליין
זיך געלאָזט פאַרשווענקען, זאָל זיין פּאַסיוו, פון דעם
געדאַנק, אַז מ'קאָן „אַריבערשפּרייזן" טויזנט יאָר יידיש
אין דער געשיכטע פון פאָלק, אָדער, אין בעסטן פאַל,
דורך צופעליקע איבערזעצונגען, אָפּראַטעווען אַביסל
פון אַ טויזנט־יאָריקער קולטור פון אַ פאָלק. דאָס האָט
געמיינט לייקענען אין דעם המשכדיקן גאַנג פון פאָלקס־
אַנטוויקלונג, דאָס האָט אפילו געמיינט ניט דערשאַצן
די גרויסע נאַציאָנאַל־היסטאָרישע ווערט, וואָס די שאַ־
פונג אין יידיש האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אין פּראָ־
צעס פון אויסגעשטאַלטן דאָס לעבן און די אַנטוויקלונג
פון פאָלק, זיין פּסיכיק און זיין רעאַגירן אויף דער
אַרומיקער סביבה אין משך פון אַ סך צענדליקער
דורות.

דאָס האָט אפילו געמיינט פאַרגעסן פּרצעס רייד
אין טשערנאָוויץ: „יעדע קולטור מוז האָבן אירע
טראַדיציעס, אירע היסטאָרישע קבלות... ווילן מיר,
אַז זי זאָל זיך אַנטוויקלען אין דער צוקונפט, מוזן מיר
זי פאַרבינדן מיט דער פאַרגאַנגענהייט"... און מיר
האָבן דאָ געוואָלט שאַפן אַן אַנגלאָ־יידישע קולטור,
וואָס זאָל האָבן אַ נאַציאָנאַלן האַפט און ניט זיין דער
המשך פון טויזנט יאָר יידיש (אַקוראַט ווי אַנדערע
האָבן דאָס געפּרואווט טאָן אויף עברית אין ישראל).

וואָס האָט גורם געווען די ענדערונגען, וואָס קו־
מען פאָר אין באַצוג צו יידיש? אַ באַשטימטע דער־
וואַקסונג, אַ פּראָצעס פון אויסוואַקסן ביים יינגערן דור,
ביים אַמעריקאַנער יידן (ניט מער ווי אַ איכות דער־
וויל!). אַ גרעסערע ראָלע האָבן געשפּילט אַ צאָל היס־
טאָרישע, דרויסנדיקע פאַקטאָרן: דער אַנטי־קאָלאָניאַ־
ליזם פון אונדזער עפּאָכע, דאָס דערוואַכן פון קליינע
פעלקער און מיט זיי זייערע קולטורן, ספּעציפיש ביי
אונדז אין אַמעריקע — די אַנטוויקלונגען ביים נעגער
פאָלק (טיילווייז ביים פּראַנצויזישן פאָלק אין קאַנאַדע),
דער אַריינשטראָם פון פּאָרטאָריקאַנער מיט אַ שפּאַני־
שער קולטור ביי אונדז, ישראל און דער אָנוואוקס פון
נאַציאָנאַלע געפילן — אַ גאַנצע ריי קאָמפּליצירטע,
אָבער היסטאָרישע סטימולן.

ביי אונדז אין די שטאַטן האָט מסתמא געהאַט אַ
גרויסע ווירקונג דער פאַקט, וואָס דער קולטור־פּלו־
ראַליזם, און דער שפּראַך־פּלוראַליזם איז אַן אינטע־
גראַלער טייל פון דעם, האָט זיך געשטאַרקט און איז
בפירוש ניט פאַרמינערט געוואָרן. אין אַ באַשטימטן
זין, איז דער אויפשוואונג פון קולטור־פּלוראַליזם אַלע־
מאָל אַ באַגלייט־דערשיינונג פון געזעלשאַפטלעכע אויפ־
רודערונגען אין אונדזער לאַנד.

איך וויל זיך דערלויבן אַ קליינע דיגרעסיע, וואָס
איז — דאַכט זיך מיר — שטאַרק נוגע אונדזער צו־
נויפפרייד היינט. כדי צו פאַרשטיין די פּאָטענץ פון
שפּראַכן־אַנטוויקלונג אין אַמעריקאַנער לעבן און פון
דעם אויפהאַלט פון עטנישע קולטורן, איז ווערט אונ־
טערצושטרייכן, אַז דער קולטור־פּלוראַליזם אין אַמע־
ריקע איז געבוירן געוואָרן ווי אַ באַוועגונג קעגן דעם
אָנגריף אויף דעם אַמעריקאַנער אימיגראַנט און אויף
זיין קולטור. מיר האָבן מיט עטלעכע וואָכן צוריק צו־
געטראָגן אַ זשיטלאָווסקי־פּריז צו פּראָפ. האָרעס מ.
קאַלען פאַר זיין לעבן־לאַנגן קאַמף פאַר קולטור־פאַר־
שיידנאַרטיקייט און קולטור־פּלוראַליזם אין אַמעריקע.

אָט ווי דער סאָציאָלאָג מילטאָן ס. גאָרדאָן שאַצט
אָפּ פּראָפ. קאַלענס אויפטו, און דאָס איז שטאַרק נוגע
אונדזער טעמע היינט:

„זיינע עסייען [דאָס באַציט זיך צו 1915] שפּיגלען
אָפּ צוויי וויכטיקע עלעמענטן: אי זיין שאַרף אָפּוואַרפן
און אַנטקעגנשטעלן זיך דעם אָנגריף אויף דעם אי־
מיגראַנט און זיין קולטור, וואָס די אָנקומענדיקע ערשטע
וועלט־מלחמה מיט אירע פּאָביעס, דעם געיעג אויף
'רויטע', דאָס אַנטוויקלען די געדאַנקען פון ראַסן־
סופּעריאָריטעט, די כסדרדיקע עקספּלואַטאַציע פון דעם
ניי־געקומענעם, און דער אויפשטייג פון קו־קלוקס־
קלען, האָבן אינטענסיפיצירט, און פון דער צווייטער
זייט — זיין אונטערשטרייכן קולטור־פּלוראַליזם ווי די
דעמאָקראַטישע קעגנווירקונג צו די אַלע איבלען".

איך האָב ציטירט דעם אויבערשטן פּאַראַגראַף,
ווייל עס זיינען דאָ אַ סך פּאַראַלעלע דערשיינונגען אין
דעם לעצטן יאָרצענדלינג־און־אַ־האַלב מיט יענער
צייט, אַזוי אַז דער גראַנגל פאַר יידיש דאָ ביי אונדז
איז דורכויס אין ריטם פון דער צייט און אין הסכם
מיט אַלגעמיינע אַנטוויקלונגען אין אונדזער לאַנד, ווי־
דער קאַמף פאַר שלום, די רעוואָלוציע פון נעגער־
פאָלק, דער קאַמף פאַרן אינדיאַנער און דער גראַנגל
קעגן אָרעמקייט.

ער געהערט צום פאַרגעשריטענעם שטראָם פון
אַמעריקאַנער לעבן (וואָס דער נייער לינקס זאָל פון דעם
ניט טראַכטן) אַקוראַט ווי ער געהערט צום פּראָגרעסיוון
קאַמף אין יידישן לעבן.

פאַראַן נאָך אַ וויכטיקער היסטאָרישער פאַקטאָר,
וואָס גיט צו אַ באַשטימטע פאַרב צו אונדזערע היינ־
טיקע באַטראַכטונגען. די געשיכטלעכע תנאים האָבן

אונדז, אַמעריקאַנער יידן, אַרויסגערוקט אין פאָדער־גרונט פון גראַנגל פאַר יידיש, מיר קאָנען האָבן אַ השפעה אויפן יידישן לעבן, וואָס זאָל אַרויס ווייט פון אונדזערע אייגענע גרענעצן. צוליב די אַנטוויקלונגען אין מזרח־אייראָפּע, צוליב דעם וואָס קלענערע יידישע ישובים קענען ניט ביישטיין דעם דרוק פון אַסימילאַ־ציע, צוליב דעם וואָס, למשל, די קאָמפּאָזיציע פון פראַנצויזישן יידישן ישוב האָט זיך ראַדיקאַל געביטן, צוליב דעם נאָענטן קאָנטאַקט מיטן ישראלדיקן יידנ־טום, צוליב אונדזערע אייגענע פּלוראַליסטישע תנאים דאָ אין אַמעריקע — צוליב די אַלע סיבות קאָן דאָס וואָס מיר וועלן טאָן מיט און פאַר יידיש האָבן אַן איינ־פלוס אויפן יידיש־קיום און דער צוקונפט פון יידיש איבער דער גאַנצער וועלט. לאָמיר דאָס, איך בעט אייך, ניט אַרויסלאָזן פון אויג.

אין משך פון דריי־פערטל יאָרהונדערט איז די וועלטלעכע שאַפונג אויף יידיש אין אַמעריקע געווען אַ קוואַל פון יניקה פאַר אַלע יידישע ישובים איבער דער וועלט. פון אַלע גרויסע יידישע קולטור־צענטערן איז אַמעריקע געבליבן דער איינציק ניט איבערגעריי־סענער און ניט צעשטערטער. מיר האָבן געשפּילט אַ פּיאָנערן־ראָלע אין דער אויסגעשטאַלטונג פון יידישן סעקולאַריזם איבער דער וועלט, די יידישע אַרבעטער־ליטעראַטור איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן, די יידישע פּרעסע האָט דערגרייכט אַ מדרגה ביי אונדז ווי אין ערגעץ ניט איבער דער וועלט, די יידיש־וועלטלעכע דערציאונג האָט זיך אין אַמעריקע אַנטוויקלט פּאַ־ראַלעל מיט דער אייראָפּייאישער דערציאונג. (מיר האָבן אין די דרייסיקער יאָרן געהאַט אַזויפיל קינדער אין די וועלטלעכע שולן אין אַמעריקע, ווי עס זיינען געווען אין די ציש״אָ־שולן אין דער יידיש־רעדנדיקער פּוילן).

צוליבן פּאַשיזם זיינען צענדלינגער יידישע קול־טור־שאַפער אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אַהער, דער וויל־נער „ייוואָ״ געפינט זיך שוין מער ווי אַ פערטל יאָר־הונדערט אין אַמעריקע, די יידישע שפּראַך־פאָרשונג האָט איר גרעסטן אָנהאַלט ביי אונדז דאָ, די יידיש־וועלטלעכע שולן — מיט זייער גאַנצן ראַנגלען זיך פאַר קיום — לעבן נאָך אַלץ ביי אונדז אינטענסיווער ווי ערגעץ אַנדערש. אונדזער פּרעסע האָט נאָך אַלץ אַ צירקולאַציע פון אַן ערך 130־140 טויזנט, עס דער־שיינען ביי אונדז נאָך אַלץ קנאַפּע 40 פּעריאָדישע אויס־גאַבעס אין יידיש, מיר גיבן נאָך אַלץ אַרויס מער יידישע ביכער ווי וועלכעס עס איז לאַנד, ישראל אַריינגע־רעכנט, דאָ פונקציאָנירט די צענטראַלע פון „איקוף״, די צענטראַלע פון דער „ציקאָ״ — אַן אומגעהייער נאַ־ציאָנאַל פאַרמעגן מיט גרויסע פּאָטענצן. [לאָמיר אויפ־הערן זיך פאַרגלייכן מיט דעם רעליגיעזן יידישן לעבן. מיר זיינען מסתמא אַלעמאָל געווען אַ מיעוט, אָבער אַ מיעוט וואָס האָט באַאיינפלוסט און אויסגעשטאַלט דאָס פּנים פון יידישן לעבן.] און ווי וועט זיין דער וועלטלעכער יידישער קולטור און דעם גראַנגל פאַר יידיש איבער דער וועלט, אויב מיר דאָ וועלן אָפּלאָזן די הענט און זיך לאָזן פאַרטראָגן פון שטראָם, אָפּט אַ שטראָם פון רעזיגנאַציע און אַפּאַטיע.

דער אינטערלענדישער נאַציאָנאַלער קולטור־דיאַלאָג גייט נאָך אַן אויף יידיש, ניט אויף קיין אַנדער לשון.

די ענדערונגען אין באַצוג צו יידיש, וואָס זיינען פאָרגעקומען די לעצטע עטלעכע יאָר זיינען בשום אופן ניט — און איך וואָרן וועגן דעם! — קיין רענעסאַנס פון יידיש, אָבער אַ פּאָטענץ, אַ יכולת פון אַ רענעסאַנס איז מסתמא פאַראַן. אפשר ניט מער ווי אַ סטיכייאישע, פון קיינעם ניט סטימולירטע און ניט געפירטע, יוירונג.

זיכערער אין זיינע וואָרצלען אין אַמעריקע און באַ־ווירקט פון אַנטוויקלונגען צווישן די אַנדערע עטנישע גרופּעס, בעיקר ביים נעגער־פאָלק, באַאיינפלוסט פון אַ געביטענער באַציאונג צו שפּראַכן בכלל אין אונדזער לאַנד — האָט דער יונגער דור (טיילווייז, בלויז טיילווייז, איך בעט אייך!) אָנגעהויבן זוכן ווערטן און אָנשפּאַרן אויך אין דער יידיש־יידישער קולטור. נאָך אַ באַווייז, אַז רעליגיע און העברייאיש האָבן ניט פאַרכאַפּט מי יודע וואָסערע מאַסן. עס איז פאָרגעקומען דערביי אַ פּסי־כאָלאָגישע ענדערונג: מען האָט זיך אויפגעהערט שע־מען מיט יידיש, דער שפלות־קאָמפּלעקס איז בלאַסער געוואָרן, די איבערזעצונגען פון יידיש זיינען אויפגע־נומען געוואָרן אפילו מיט אַ געפיל פון שטאָלץ (און איך רעד ניט וועגן באַשעוויס־זינגער!). יידיש האָט זיך אָנגעהויבן אַריינרייסן אין ענגליש ניט ווי אַ קור־ריאָז, ווי פריער, נאָר ווי אַ השפעה פון אַ שכנישער קולטור. פאַרשטייט זיך, אַז דער אָנוואוקס פון נאַ־ציאָנאַלע געפילן, פון געבורט פון ישראל, דאָס דער־שיינען פון יידישן העלד אין דער אַמעריקאַנער לי־טעראַטור — דאָס אַלץ האָט מיטגעווירקט.

עס האָט זיך געעפנט אַ נייער האָריזאָנט, אַ יוירונג, אַ ניט קלאָר דעפינירטער פאַרלאַנג איז אָנגעוואַקסן, און — ווי געוויינלעך — די ערשטע אויסצונוצן אָט די שטימונג זיינען געווען די קאָמערציעלע קולטור־הענד־לער, „די האָקסטערס״, די קולטור־האַנדליאַזשעס, עס איז אפילו אַנטשטאַנען די סכנה, אַז אַ היסטאָרישע יכולת זאָל פאַרשאַכערט ווערן און אויסגעביטן ווערן אויף קליינמינץ.

עס שיילט זיך אַרויס, דערוויל ניט מער ווי עמ־בריאָניש, אַ נייער עטאַפּ וואָס קאָן האָבן אַ גרויסן היס־טאָרישן באַטייט. מעגלעך, אַז מיר אין די שולן זיינען

אין דער בעסטער פּאָזיציע דאָס אָפּצושאַצן. (ניט צו־
פעליק זיינען די „פּריינט פון וועלטלעכער דערציאונג״
געווען די סאַמע ערשטע איניציאַטאָרן פון דער באַ־
וועגונג וואָס האָט פאַררופן די הײנטיקע באַראַטונג), און
אונטער דער פּאָן דאַרף געפירט ווערן אונדזער הײנ־
טיקער צונויפפריד: יידיש האָט אויפגעהערט, און מוז
נאָך מער אויפהערן, זיין די אויסשליסלעכע זאָרג פון
דעם יידיש־רעדנדיקן דור. די מאָס קאָן מער ניט זיין,
צי יידיש איז די שפּראַך פון וועמעס פּערזענלעכן, טעג־
לעכן געברויך, אָדער ניט. ניט דאָס איז דאָס פּראָבלעם.
דאָס פּראָבלעם, אין היסטאָרישע טערמינען, איז אַזאַ:
דער פאַרלוסט פון יידיש וועט בדיל הדל שטעלן דאָס
גאַנצע יידישע לעבן, עס פאַראָרעמען און פאַרבלאַסן.
דאָס אויפהערן פון יידיש וועט איבעררייסן אַ היסטאָ־
רישן פאָדעם, וואָס וועט פאַרבלוטאָרעמען דאָס פאָלק,
פון אים אַרויסרייסן 1000־יאָר שעפערישקייט. אויב
דאָס איז מיין מאָס (און איך האָב ניט קיין אַנדערע!),
דאַמאָלט איז דער ענגליש־רעדנדיקער, באַוואוסטזיני־
קער, וועלטלעכער ייד פּונקט אַזוי מחויב צו פאַרהיטן
דאָס לשון ווי איך. אויף קיין אײן היסטאָרישער האָר
ניט ווייניקער. דער געראַנגל פאַר יידיש גייט דאַמאָלט
אַריבער פון דער סטאַדיע פון יחידישן אינטערעס און
אחריות אין דער בחינה פון אַן אַל־נאַציאָנאַלער אח־
ריות. [אַוודאי איז „יידישע קולטור״, וואָס ווערט גע־
דרוקט אויף יידיש און געלייענט פון יידיש־רעדנדיקע,
מער פאַרוויקלט אין געראַנגל פאַר יידיש ווי עס איז
„דזשואיש קאָרענטס״, למשל, אָבער פון נאַציאָנאַלן
קיום־שטאַנדפּונקט טראָגט אויף זיך „דזשואיש קאָ־
רענטס, ווי אַ וועלטלעך־פּראָגרעסיווע יידישע צייט־
שריפט, פּונקט אַזאַ חוב!).

אָט די שותפותדיקייט ווערט אגב געבוירן זייער
פּאַמעלעך. מיר שטייען ביי אַ בראשית, ניט מער —
אָבער דער באַוואוסטזיין וואַקסט אָן. עטלעכע צענדליגג
הײ־געבוירענע יידישע אינטעליגענטן און דיכטער האָבן
געהאָלפן איבערזעצן לידער פאַר דער נייער אַנטאָלאָ־
גיע פון האַו און גרינבערג. אין די יידישע שולן לערנען
צענדליגגער הײ־געבוירענע יידישע לערער, עטלעכע
טויזנט שול־עלטערן היטן אָפּ יידיש אין די שולן, דער
אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס האָט אַרויסגעגעבן
צוויי גראַמאַפאָן־פּלאַטעס צו לערנען יידיש, די „וואי״
אויף דער 92טער גאַס האָט אײנגעפירט יידישע פּאָעזיע
אָוונטן (נאָך יאָרן פריער, איידער דער אַרבעטער־רינג
איז געוואָרן אַ שותף צו דער אונטערנעמונג), דער קאַ־
נאַדער יידישער קאָנגרעס האָט פאַררופן אַן אַל־קאַנאַ־
דישע קאָנפערענץ וועגן יידיש מיט דער לאָזונג „קאָ־
מונאַלע אחריות פאַר יידיש״, אוניווערזיטעט־סטודענטן
און הײ־סקול סטודענטן ווייזן אַרויס אַ לעבעדיקן אינ־
טערעס אין יידיש, — אַלץ סימנים פון אַן אָנהויב, פון
אַ פּאָטענץ, פון מעגלעכקייטן, פון אויסזיכטן. דאָס פאַר־
ווירקלעכן און אויסברייטערן די אָנהויבן וועט באַשטי־
מען דאָס אָרט, וואָס אונדזער דור — ביידע דורות —
וועט פאַרנעמען אין דער געשיכטע פון אונדזער קול־
טור: — וועלן מיר זיין דער דור, וואָס האָט געלאָזט
גיין אין ניוועץ אַ היסטאָרישע מעגלעכקייט, אָדער אַזאַ
וואָס האָט זיך דערהויבן צו נאַציאָנאַלער אחריות און
פאַרשטאַנען דעם וואונק פון דער געשיכטע און די קאָנ־
טורן פון דער צייט. ביידע משפּטים פון דער געשיכטע
זיינען מעגלעך. מיר קאָנען באַשטימען, אין זשיטלאָוו־
סקיס ווערטער, צי מיר זיינען דער אָנהויב פון אַ נייעם
פּרק, צי בלויז אַן עפּיזאָד.

ס'איז ווערט צו מאַכן נאָך איין פאַרגלייך: בעת
עס איז פאָרגעקומען אין די דרייסיקער יאָרן, אונטער
די באַדינגען פון אַן אויסגעשפּרייטער דעמאָקראַטיע,
אַ באַשטימטע אויפלעבונג פון די עטנישע שפּראַך־
קולטורן אין אַמעריקע, די באַרימטע „דאָבליו. פּי. עי.״־
פּראָיעקטן, מיט טעאַטער־און שרייבער־סעקציעס אין
פאַרשיידענע שפּראַכן, איז דאָס אין לעצטן סך־הכל
געווען אַן אימיגראַנטישער פּראָדוקט פאַרן אימיגראַנ־
טישן געברויך. אי די פּראָדוצענטן און אי די קאָנ־
סומענטן זיינען געווען אימיגראַנטן. די ייִנגערע דורות,
אפילו די אינטעלעקטואַלן און סטודענטן, האָט עס
לחלוטין ניט אָנגערירט. די איצטיקע אַנטוויקלונג איז
פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, מחמת זי רירט אָן
צוויי דורות. איר פּאָטענציעלער קאָנסומענט איז דער
ענגליש־רעדנדיקער דור און, אין אַ באַגרענעצטן זין,
איז ער שוין אפילו טיילווייז דער פּראָדוצענט, דער
שאַפער פון ווערטן.

און לאָמיר ניט פאַרפעלן נאָך איין כאַראַקטעריס־
טישן — אַ טרויעריקן! — מאָמענט אין אונדזער יידיש
לעבן דאָ: דאָרט וואו די געשיכטע פאָדערט פון אונדז
אָנגעשטרענגטע און פאַראייניקטע אַקציע, טאָפּטשען
מיר זיך אין איזאָלירטע באַזונדערע ווינקעלעך. אָט איז,
למשל, פאָרגעקומען אַ וויכטיקע — און זי איז געווען
אַ וויכטיקע — קולטור־קאָנפערענץ אין ניו יאָרק מיט
דער באַטייליקונג פון דעלעגאַטן פון 12 לענדער און
מען האָט קיין איינעם פון אונדז פאַרזאַמלטע דאָ —
ניט ווי יחידים און ניט ווי פאַרטרעטער פון אָרגאַ־
ניזאַציעס — פאַרבעטן. מחמת וואָס האָט מען אונדז
ניט גערופן? מחמת שמאָלקייט און ענגקייט און —
פּאָליטיקע. אַ גאַנצע באַוועגונג מיט אַ פּרעסע, שולן,
אַ פאַרלאַג, אַ גרויסע קולטור־אָרגאַניזאַציע, כאָרן,
פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט קולטור
אַרבעט — ניט גערופן — כאילו לא היו — ווי זיי
וואָלטן אויף דער וועלט ניט געווען. איז דאָס לטובת
דער יידישער קולטור און דער יידישער שפּראַך? ניין,
דאָס איז לרעה דער יידישער קולטור און דער יידישער

שפּראַך, דאָס איז אַ בפירושע עוולה קעגן דער יידישער קולטור און דער יידישער שפּראַך. און דאָס מאָדנע דערביי, און דאָס טשיקאַווע דערביי — און אפשר איז עס גאָרניט אַזוי מאָדנע און גאָרניט אַזוי טשיקאַווע! — איז, וואָס קיין איין דעלעגאַט פון אויסער אַמעריקע האָט ניט אויפגעהויבן זיין קול און ניט געפרעגט: היתכן? ווי קען עס געמאָלט זיין?

מחמת דעם איז אונדזער היינטיקע באַראַטונג פיל ווייניק באַגרענעצט צו פאַרטרעטער און יחידים פון דער פּראָגרעסיווער יידישער אַמעריקע. מיר ווייסן, אַז מיר וועלן ניט מרעיש עולם זיין מיט אונדזער צונויפ־קום. מיר ווייסן אָבער יאָ, פון צענדליגער יאָרן גע־ראַנגל פאַר דעם יידישן לשון אין אַמעריקע, אַז מיר קענען ניט און טאָרן ניט שטילבלייבן, אַז ביי אונדז אַליין קומען אָפּט פאָר אַנטוויקלונגען און עס ווערן גע־בוירן טענדענצן, וואָס קאָנען אָנטאָן שאָדן דעם יידישן לשון, אַז די צענדלינגער יאָרן, וואָס מיר שטייען אין געראַנגל פאַר דער יידישער שפּראַך און פאַר דער פּראָגרעסיוו־וועלטלעכער קולטור, לייגן אויף אונדז אַרויף אַן אומגעהויערן חוב, זיינען אונדז מחייב צו פאַרשפּיצן די אייגענע וואַכזאַמקייט, צו מאָ־נען דין וחשבון פון זיך, צו אַנאַליזירן די גרייזן און טעותן, אָפּוואַרפן די פעלערן און זיך באַפרייען פון דער אַפּאַטיע און דער רעזיגנאַציע, וואָס האָבן זיך אָפּט אַריינגעכאַפּט. מיר האָבן ניט קיין מורא צו זאָגן צו דער פּראָגרעסיוו־יידישער אַמעריקע: מיר זיינען **הינטערשטעליק** אין אַ סך פרטים, מיר האָבן זיך גע־לאָזט פאַרטראָגן פון ניט געזונטע שטראָמען, מיר האָבן זיך ניט גענוג געראַנגלט און ניט גענוג איינגעשטעלט, אָפּט, מוטלאָז און מיט פּחדנות זיך געוואָרפן מיט יידיש, אָפּטער — ניט איינגעשטעלט זיך פאַרן לשון. ניין, מיר שאַצן זיך ניט אונטער, אָבער אָפּגעהיט זאָלן מיר ווערן פון איבערשאַצן זיך און פון זעלבסט־צופרידנ־קייט, ספּעציעל היינט און דאָ.

לאָמיר ניט אַריינפאַלן אין טאָן פון איבערטרי־בענעם זעלבסט־לויב היינט, אָדער זיך באַגנוגענען מיט ליבע־דערקלערונגען. ס'איז בפירוש ניט גענוג. לאָמיר בעסער צוגעבן, אַז טייל פון דעם עלטערן דור האָבן פאַרלוירן דעם חוש פון נאַציאָנאַלן באַטייט פון דער יידישער שפּראַך. ס'איז ביי זיי געוואָרן אַ שטרענג פּריוואַטער ענין, וואָס האָט מיט זייערע קינדער גאָר־נישט וואָס צו טאָן. אין טייל אָרגאַניזאַציעס אונדזערע האָט מען זיך צו לייכט געוואָרפן מיט יידיש, באַזייטיקט די שפּראַך פון זיצונגען און פון עפנטלעכע צונויפ־קומען. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן מיר אָנגעוויזן אין אַ לייט־אַרטיקל אין דער „יידישע קולטור“, אַז די יידישע שפּראַך איז אַרויסגעשטופּט געוואָרן פון אַלע אַזוי גערופענע יידישיסטישע זומער־לאַגערן פאַר קינדער; אַלע אָן אויסנאַם. אַ סך פון די יונגע פון לינקס זיינען דורכגעפּרעסן פון נאַציאָנאַלער נעגאַציע און אַסימילאַציע. ניין, מיר האָבן בפירוש ניט גענוג געטאָן און ניט גענוג זיך איינגעשטעלט.

זאָל יעדער איינער פון אונדז היינט אָפּנהאַרציק און אָרנטלעך בודק זיין זיינע אייגענע טעותן, ניט שרעקן זיך פאַר שאַרפער זעלבסטקריטיק. אויב ניט, וועלן מיר האָבן אָפּגעקומען נאָך איינע פון אונדזערע ענדלאָזע אסיפות.

מיר ווילן ניט פאַרכאַפּן די בכורה אין יידישן לעבן. מיר ווילן ניט פאַרלויפן קיינעם ד'עם וועג. פאַרקערט, מיר ווילן גאָר העלפן עס זאָל געבוירן ווערן אַ פאַר־אייניקטע, אַ ברייטע, אַ פאָלקישע באַוועגונג פאַר דער זיכערקייט און פאַרן קיום פון יידיש.

וואָס־זשע ווילן מיר יאָ היינט? צום אַלעם ערשטן ווילן מיר זיך צוזאַמענרעדן — און רעדן דאַרפן היינט צוויי דורות און נאָכדעם ווילן מיר מעשים, ווייל די צייט פון רייד איז אַוועק, און ווידער ווילן מיר אויפוועקן זיך אַליין צו מער פאַרשטאַרקטע און צו גרעסערע מעשים, און מיר ווילן אויסדריקן אונדזער גרייטקייט מיטצוגיין מיט יעדן איינעם אין יידישן לעבן אויף קליינע סטעזשקעס, אָדער אויף ברייטע וועגן, אין יע־דער אַקציע לטובת יידיש. מיר ווילן זיך ניט אַגיטירן און ניט אָפּקומען מיט רייד, ווי שיין זיי זאָלן ניט זיין. די צייט פון מעשים, אפילו מעשימלעך, איז איצט און ניט מאָרגן. איך וועל ניט מיד ווערן איבערצוזאָגן, אַז וואָס עס' קאָן געטאָן ווערן היינט וועלן מיר מעגלעך ניט זיין ביכולת צו טאָן מאָרגן און איבערמאָרגן. מיר ווילן, אין אַ מאָס, אויפרייסן די לעטאַרגיע, דעם גלייכ־גילט, און אפילו די זעלבסט־צופרידנקייט אין אונדזערע אייגענע קרייזן.

נאָך קיינמאָל פריער איז, דאַכט זיך, אַ דור ניט געשטעלט געוואָרן צו אַזאַ היסטאָרישע פּראָבע, ווי־מיר. די מאַדאַם געשיכטע האָט אונדז געוואָרפן מיט דער גאַנצער האַרבקייט אירער, אָן דער מינדסטער איידלקייט, אַן אַרויסרוף. וועלן מיר אים פאַרשטיין? שאַצן מיר אים אָפּ? אונדזער היינטיקע קאָנפערענץ איז אַ קליינער פּרווו צו באַווייזן, אַז יאָ, אַ פּרווו צו מאָביליזירן דעם ווילן און די פאַרשטענדעניש פאַר מעשים, צו באַווייזן, אַז מיר קאָנען אויסהאַלטן דעם עקזאַמען פון דער געשיכטע. און רעדן רעדן מיר צו ביידע דורות — די יידישע־רעדנדיקע און די ענג־ליש־רעדנדיקע — קיינער פון די ביידע דורות טאָר זיך פון אחריות ניט אָפּטרייסלען. ■

# דאָס גוטע בייזע ווינטל

אַ מעשה פאַר קליין און גרויס

פון שלמה דאַווידמאַן

יאנקל האט ליב א סך לופט, שטעלט ער זיך אוועק אין גאס און שעפט זיך אן א פולע נאז. און אז די מאמע שרייט, רופט יאנקלען אין הויז אריין, הערט זיך יאנקל ניט איין, גיט זיך מיט דער נאז א זאג: „ס'איז היינט אזא שיינער טאג!" — און שלינגט די ליפט, ווי גוטן ווין.

איינמאל, אין א מיטוואכדיגן טאג, ווען יאנקל איז אזוי געשטאנען אויף א ראג, געקוקט וואוהין די פייגל פליען, געבליקט וואוהין די וואלקנס ציען, און געווען זייער פארטראכט: „וואו שלאפן פייגעלעך ביינאכט?!" האט זיך פון א הויכן דאך אראפגעלאזט א ווינט און צעפייפט זיך און צעבלאזן זיך געשווינד; געיאגט זיך און געטענצלט אין גאלאפ, איבער מענטשן, איבער געסלעך איז געשפרונגען ווינט, הצפ־האפ.

אזא בייזער ווינט, אלעמען האט ער פון גאס פארטריבן, קיין מענטשן־קינד איז אין דרויסן ניט פארבליבן; אפילו ניט קיין קעץ, קיין הינט.

נאר יאנקל האט זיך איינגעשפארט און ביי זיך אפגעמאכט: „וואס איז ער עפעס א קליין הינטל, וואס ער וועט מורא האבן פאר'ן ווינטל?" — ער וויל זען ווער ס'איז שטארקער, — און ער איז געבליבן שטיין.

אז דער ווינט האט דערזען, אז די מענטשן זיינען אוועק פון גאס, האט ער זיך דערפילט פאר'ן גאנצן באלעבאס: ער האט צוזאמען־געבלאזן בערגלעך מיט שטויבן, זיי געדרייט און געקייקלט ווי שלאנגען, און דערנאך, מיט א פייף, איבער דעכער זיי דערהויבן; ער האט אויפגעשטעלט א שטרוי, אנגעבלאזן א פאפיר און געמאכט מיט זיי קונצן: „גאר אזוי און אט אזוי", ווי קינדער, ווען זיי שטעלן די הענט אויף דער ערד און די פיס אין דער לופטן.

האט יאנקל געקוקט און געלאכט און ביי זיך געטראכט: „וואס פאר א שטיפער ס'איז דער ווינט!" האט דער ווינט זיך געגעבן א דריי און ארויסגעלאזט א פייף: „אויב אזוי, דו ביסט גאר דער וואוילער יונג, דו לאכסט פון מיר און שטעלסט ארויס די צונג, וועל איך דיר ווייזן ווער עלטער איז!"

האט דער ווינט זיך געגעבן א לאז, גלייך אונטער יאנקל'ס נאז, און געגעבן מיט כוח (קויעך) אזא בלאז, אז זיין היטל איז אראפגעפלויגן, און אויף דער צווייטער זייט גאס אוועקגעצויגן.

איז אויף יאנקלען אנגעפאלן א שרעק, ער האט געמיינט, אז צו זיין היטעלע קומט שוין אן עק. האט ער זיך אין איין אטעם געלאזט לויפן, דאס היטעלע צו כאפן.

„כא־כא־כא, אזוי גיך וועסטו עס ניט כאפן!" — האט דאס ווינטל זיך צעפייפט, און דאס היטל אזוי פארשטיפט און אנגעבלאזן, אז ס'האט זיך אויסגעוויזן, אז דאס היטל זאל א פערדל זיין און דאס ווינטל פארט אויף דעם רייטנדיג.

דאס היטעלע האט זיך געקייקלט, דער ווינט האט געלאכט און געפייפט און יאנקל איז נאכגעלאפן עס כאפן.

האט דער ווינט אנגענומען א זשמעניע שטויבן, זיי דערהויבן, און זיי דערלאנגט יאנקלען אין די אויגן אריין. האט יאנקל גענומען אויסווישן די אויגן, האבן דערווייל דאס היטל מיט'ן ווינטל אין א צווייטער גאס אוועקגעפלויגן.

אזוי־א, שפילנדיג און רייצנדיג זיך, האט דער ווינט געצויגן יאנקלען פון גאס צו געסל, ביז ער האט אים פון שטאט ארויסגעצויגן.

ס'האט שוין אנגעהויבן ווערן נאכט. האט זיך יאנקל דערשראקן, מורא געהאט, אז ווילדע חיות (כאיעס) קאנען אים באפאלן פון דעם נאענטן וואלד, צוריקגיין האט ער ניט געוואוסט דעם וועג, האט ער זיך צעוויינט.

איז ארויסגעקומען פון א קליין שטיבל א מאן און אים געפרעגט, וואס ער וויינט, האט יאנקל דערציילט די גאנצע געשיכטע, וואס האט מיט אים פאסירט, ווי אזוי דער בייזער ווינט האט אים פארפירט.

האט דער מאן געגעבן עטלעכע שפאן און דאס היטל געכאפט, דאס אנגעטאן יאנקלען פעסט אויפ'ן קאפ, ס'זאל מער ניט אראפפאלן. דערנאך האט ער גענומען יאנקלען ביים הענטל און אים אהיים געפירט.

יאנקל'ס עלטערן זיינען געזעסן אין צרות און געטראכט: „וואו איז זייער יאנקל אין שפעטער נאכט?"

פלוצים האבן זיי דערהערט א קלאפ אין טיר: „ווער איז דארט?" — האבן זיי געפרעגט מיט שרעק. „מיר — האט יאנקל אויסגערופן מיט פרייד — עפנט אויף די טיר!" אז די עלטערן האבן יאנקלען דערזען, האבן זיי זיך זייער דערפרייט. דער פאטער האט דעם מאן געדאנקט און געפרעגט, וואס ער וויל פאר א מתנה (מאטאנע), וועלן זיי אים געבן. האט דער מאן זיי דערציילט, אז ער איז זייער ארעם, וואס זיי וועלן אים געבן, וועט ער זיין צופרידן. האבן יאנקל'ס עלטערן אים געגעבן ברויט, קליידער און א פאר דאלאר.

ווען דער מאן האט שוין געוואלט אוועקגיין, האט אים יאנקל געפרעגט צי ער האט אויך א אינגעלע. האט דער מאן געענטפערט, אז ער האט עטלעכע קינדער, נאר איין אינגל איז אזוי גרויס ווי יאנקל, נאר קיין היטעלע האט ער ניט. האט יאנקל אוועקגעגעבן זיין היטעלע דעם מאן, אז ער זאל עס ברענגען א מתנה (מאטאנע) פאר זיין אינגל...

און יאנקל איז געווען פריילעך, וואס ער איז שוין אין דער היים. און זיינע עלטערן זיינען געווען זייער פריילעך, וואס זיי האבן שוין צוריק זייער יאנקלען...

און יענער מאן, וואס האט געראטעוועט יאנקלען, איז געגאנגען צו זיין היים, צונויפגענומען זיין פרוי און קינדער ארום טיש, זיי דערציילט די מעשה פון דעם ווינט מיט'ן אינגעלע און זיין היטעלע, און זיי געגעבן עסן. און זיין אינגעלען איבערגעגעבן דאס היטעלע.

האט די גאנצע פאמיליע זיך אנגעגעסן און געזונגען א ליד:

ווינטל, ווינטל איז א בייזער,
פאר די קינדער אויף דער גאס;
פאר קבצנים א דערלייזער,
ער ברענגט ברויט אין אונזער הויז!

און דאס אינגעלע האט געזונגען:

ווינטל, ווינטל, ביסט א גוטער,
האסט א היטל מיר געבראכט.
גיב א גרוס דעם וואוילן אינגל,
וואס האט דיר געשטעלט א צינגל,
זאל ער ווערן שוין א גוטער,
און זאל האבן א „גוטע נאכט!..."

# אידישע אותיות

פון דוד ספאַרד ישראל

אותיות אידישע בלאָנדזשענדע פונקען
עס האָבן אייך האַריגע הענט
שוין נישט איינמאָל פאַרברענט
אין וואַסערן טיפע דערטרונקען

און איר קומט אַלץ ווידער
צעגליט און צעפינקלט
מיט טרייסט פאַר די ברידער
אין אַלע פאַרוואָרפענע ווינקלען

די פיינען פון דורות פאַרהיט
און די היינטיגע זאָרגן —
איר טראָגט אויך דאָס פריידיגע ליד
פון די ליכטיגע מאָרגנס

און אַלע וואָס זיינען צעזייט
איבער לענדער און ימים
איר רינגלט צוזאַמען
אין איין גילדענער קייט.



קינסטלער ה. אינגער



# די פליג און דער צוקער

פון **שלמה דאַווידמאַן**

א פליג אַריינגעפלויגן
איז אין עס־פּלאַץ,
אַוועקגעזעצט זיך אויף אַ טאַץ,
און געוואָרפן אויגן.
דערזען אַ ווייסן סלאַי,
דערשמעקט דעם צוקער,
און מיטן קליינעם קוקער,
דערזען ס'איז זיס, אוי, אוי!
ווי־זשע קומט מען דאָרט אַריין?
זי פליט צו מיט דער נאָז,
שלאָגט זיך אָן אין ווענטל־גלאָז,
וואָס קאָן דאָס זיין?
דאָס דעקל איז פון מעש,
פאַרהאַקט פון אַלע זייטן,
פליג פאַרשטייט ניט ווי ביי לייטן,
ניט מען דאָ אַ לעב.
זי קריכט אַרויף אויף מעשן־דעקל,
דערזען אַ צוקער־טייך,
אַריינגעשפּרונגען דורך אַ לעכל,
אַ, וועט זי ווערן רייך.
אַ גאַנצן לעבן וועט זי עסן,
צוקער, אוי ווי זיס...
זי האָט אַביסל זיך פאַרגעסן,
און טיפער שטופּט די פיס.
זי וויל פון זיסן טייך אַרויס,
זי וויל דאָך ווידער פליען;
דערטרונקען אין דעם זיסן ים, שוין אויס,
אומזיסט דער פליג'ס זיך מיען.
ס'האָט דער קרעמער פליג געוואָרפן
אין מיסט־קעסטל מיט שמייכל,
יעדן טאָג טוט זיך דאָס פאַרלויפן,
פליגן האָבן ניט קיין שכל.

— — — — — — — — — — — — — — —

ס'מאַכט זיך, אַז מענטשן
ווילן רייך ווערן אויף שנעל,
זיי קריכן אַרויף אויף גאָלדענער שוועל,
און מיינען די גאַנצע וועלט וועט זיי בענטשן.
ס'רינט אויס דער שמאַלץ פון גרוב,
און בלייבן בלייבט דער קבר,
און ביז מען קוקט זיך גוט אַרום,
שטאַרבט אָפּ יעדער אבר.

איזיק שערף:
„אַז דער רבי
אלימלך"
(משה נאַדיר)

**ווערטל:**

**ער פילט זיך, ווי אַ פיש אין וואַסער.**

**צווישן אַלע שוסטער איז דער בעסטער שניידער יאָסל דער סטאָליער, ער מאַכט אַ היטל, ליגט עס אויפן פוס ווי אַ הענטשקע.**



מוטער און קינדער אין געטאָ (פון מענדזשיצקי)



געטאָ־קעמפער

# אין שול אַריין !

פון ז. וויינפער

אין שול אַריין !
אין שול אַריין !
וואו איר זאָלט נישט זיין, —
אין לאַנד פון פיין,
אין לאַנד פון שיין.
זאָל אונדזער שול
זיין פול
מיט איציקלעך און ברכהלעך,
מיט יאַנקעלעך און רחלעך.

אין שול אַריין !
אין שול אַריין !
אויף גאָרער ערד
פון דאָ ביז דאָרט
גייט אויף, דערהערט
זיך אונדזער יידיש וואָרט.
וואו קרעכצנדיק, וואו מונטער, —
אויף אונדזער יידיש גייט די זון נישט
אונטער !

קינדערלעך, ווי שוואָמעלעך, —
נחמהלעך,
שולמיתלעך,
עמוסלעך

און מיכעלעך,
נעמט זיך צו די ביכעלעך
און לערנט אַלף, בית און גימל,
אַלעמענס — די ערד, דער הימל.
הערט, ווי אונדזער יידיש וואָרט
גייט אויף פון דאָ און דאָרט,
פירט אַ גרוס,
ברענגט אַ גרוס, —
אַזאַ גענוס
אין אונדזער יידיש, —
ער איז דאָך אומעטום אויף חידוש !

אין שול אַריין !
אין שול אַריין !
אונדזער וואָרט, —
אַ פּראָסטע קוואָרט,
נאָר די געטראַנקען
זיינען ליכטיקע געדאַנקען !

זאַפּט פון זיידעס און פון באָבעס,
טרינק זיך און האָב עס !
זאַפּט פון טאַטן און דער מאַמען, —
וואָרצלדיקע שטאַמען !

טרינקט און ווערט
אָנגעפילט, הערנערט
פון דער גאַנצער ערד
מיט אונדזער פאָלק, צעזייטן
און צעשפּרייטן.

אין שול אַריין !
אין שול אַריין !
וואו מען זאָל נישט זיין —
ביים בירא, ירדן און ביים האָדסאָן,
ביים סענא, ווייסל און ביים לא־פּלאַטא
וואַקסן מיר און שפּראָצן —
פון אַ מיידעלע — אַ מאַמע, פון אַ
יינגעלע — אַ טאַטע.

אין שול אַריין !
אין שול אַריין !
עקשנותדיקער כוח
וועט דעם שווערן רויך
פאַרבלאָזן און פאַרטרייבן, —
מיר זיינען און מיר וועלן בלייבן !

אין שול אַריין !
אין שול אַריין !
דורך העלן שיין,
דורך שווערן רעגן, —
מיר גייען זיך אַנטקעגן
און האַלטן זיך צוזאַמען
ביי אַלע ברעגן פון די ימען !

**שפּריכוואָרט :** בעסער צו שטאַרבן פאַר פרייהייט, אייידער צו לעבן אין קנעכטשאַפט.

 

# פֿון אַלעף ביז טאָוו

פֿון נאָכעם ווייסמאַן




















יונגוואַרג

| Name | Letter |
|---|---|
| Alef | א |
| Bays | בּ |
| Gimmel | ג |
| Daled | ד |
| Hay | ה |
| Vov | ו |
| Zayen | ז |
| Chess | ח |
| Tess | ט |
| Yood | י |
| Chof | כּ |
| Final Chof | ךְ |
| Lamed | ל |
| Mem | מ |
| Final Mem | ם |
| Noon | נ |
| Final Noon | ן |
| Samech | ס |
| Ahyin | ע |
| Pay | פּ |
| Fay | פֿ |
| Final Fay | ף |
| Tzadik | צ |
| Final Tzadik | ץ |
| Koof | ק |
| Raysh | ר |
| Shin | ש |
| Tov | תּ |
| Sov | ת |

געצײַכנט פֿון מאַניס פּאַס



און פֿעלד ...

איך וועל גיין אין פֿעלד,
בלומען וועל איך קלײַבן;
גענזעלעך צום וואַסער
וועל איך דאָרטן טרײַבן...

אויפֿן גרינעם פֿעלד
עפּל וועל איך רײַסן;
און מיט זיסע באַרן
וועל איך דאָרט פֿאַרבײַסן!

אויף די גרינע בערגער
וועל איך טאַנצן, שפּרינגען;
מיט די טויזנט פֿייגל
וועל איך דאָרטן זינגען!...

פֿון נחום ווײַסמאַן.

איך — א יידיש יינגל.
דו ביסט אויך א ייד.
לאָמיר ביידע זינגען
א ניי פריילעך ליד.



א
אַ

איך

איך

## אַלע, אַלע קינדער.

אַלע, אַלע, אַלע, קינדער, קומט צו מיר!
אַלע שענסטע בלומען בליִען פֿאַר מײַן טיר...
געלע, בלויע, רויטע, ווײַסינקע ווי שניי;
אַלע שענסטע רויזן בליִען צווישן זיי...
זינגען פֿייגל לידער, לידער אָן אַ שיר;
אַלע, אַלע, אַלע, קינדער, קומט צו מיר!

שטיל וואַסער גראָבט טיף



איך עפן א טיר



1. איך בין דער לערער.
2. איך בין די לערערין.
3. איך בין דער שילער.
4. איך בין די שילערין.

דער זאַטער גלויבט ניט דעם הונגעריקן.













# דער שטומער אַלף, נעבעך...

פון שלמה דאַווידמאַן



שטייט אַזוי דער שטומער אַלף ביי מיין טיר:
ער רעדט ניט, ער איז שטום,
קוקט אויף מיר קרום,
מיינט צו זאָגן: „וואָס האָסטו צו מיר,
דו פאַרשווייגסט מיך, וואָס בין שולדיג,
וואָס כ'בין געבוירן שטום"?

ברודער אַלף, ביסט זייער וויכטיג,
די שפּראַך קאָן אָן דיר ניט רעדן:
שטעל צו אַ פּאַסעך, מאַכסטו אָ,
אַ קאָמעץ, מאַכסטו אָ,
צוויי יודן, — איי־איי־איי,
אַ וואָוו, אַ יוד, און זינגסט
אַ אידיש ליד: אוי, — אוי — אוי, אוי — אוי — אוי!...
טאַקע אַזוי!... ס'איז ריכטיג, כ'בין וויכטיג...






## אָט איז אַ בענקל

נ. ווייסמאַן

אָט איז אַ בענקל און אָט איז אַ טיש;
שטייט דאָ אַ וואַזע מיט גאָלדענע פיש...
אָט איז אַ פענצטער און אָט איז אַ טיר;
אָט איז אַ שערל פֿאַר איר און פֿאַר דיר...
אָט איז אַ סטעליע און אָט איז אַ דיל:
קינדערלעך גוטע, שפּילן זיך שטיל...






## מעידהע קאץ

### אַלע, אַלע אין אונדזער שול אַריין!

אָ, יידיש, קלוג מאַמע־לשון, אייביק שיין —
דיין מזל איז אין בלייער, בוך און העפט:
אָ, יידישע קינדער פון גאַר דער וועלט,
אַלע, אַלע, אין אונדזער שול אַריין!

אין שול ווערט מיר מיין פאָלק ליבער.
מיין פאָלק איז אין חן פון אלף־בית,
אין אַטאַקע פון שמשון הגיבור.
אָ, מיין פאָלק פון תורה און שיינעם אלף־בית.

מיין פאָלק איז פון לעגענדע אַרוים,
מיט אַ קללה קעגן קין און די שלאַנג;
מיט אַ גן־עדן, ווי די ערד די גרוים,
מיט רייד פון דודס האַרף, מיט דבורהס געזאַנג.

אָ, מיין פאָלק מיט חכמה פון שלמה המלך געבענטשט:
צי האָט גאָט פאַרשאָלטן די שלאַנג אַמאָל־אַמאָל,
צי האָט די שלאַנג פאַרשאָלטן גאָט און מענטש?
אוי, איבער אַלע בערג הייבט זיך דער יאָמער־טאָל.

אוי, טאָל פון יידיש — פון אויג אונדזער שיין,
דיין מזל איז אין בלייער, בוך און העפט:
יידישע קינדער פון גאַר דער וועלט —
אַלע, אַלע אין אונדזער שול אַריין!



ב

# אין דו...

פון נחום ווײַטמאַן.

ביבי און בעבע און בערעלע־בו,
זײַנען געגאַנגען שפּאַצירן אין דו...
האָט בערעלע־בו געבויט בו־בו
און אויך אַ טעצעלע געגאַנגען אין דו...
האָבן זײ פֿריילעך געלאַכט דאָרט אין דו,
ביבי און בעבע און בערעלע בו...

## דער „בית"

פון שלמה ראַווידמאַן

אזוי פיל מי און שוויים
לינט אין אלף־בית.
זאָגט דער לערער:
„קינדער, ווייסט,
געדענקט דעם אלף־בית.
און ס'וועט זיין גוט,
פול מיט מוט
וועט זיין די שול!"

דער בית איז גאָרניט בייז,
ער האָט געדולד מיט קינדער.
אַ בין איז בייז, אָבער ניט דער בית,
ער באַווייזט נאָר וואונדער.
מיר האָבן אויך, קינדער,
אין אידיש דעם „בייז־וואונדער".

נו, גייען מיר זיך באָדן,
שווענקען־אָפּ דאָס בייכל און
באַהאַלטן זיך אין ביידל,
פון דער הייסער זון.

בערל, בינען, בית, באָ —
דער בית איז אומעטום דאָ.
קאָן מען בויען אַ בית־המקדש
אָן דעם בית? —
קאָן מען בויען אַ פּשוט ווינקל
אָן דעם אַרבעטערס שוויים? —

אזוי קאָן מען ניט בויען דאָס אידיש לשון,
מע קאָן ניט האַלטן קיין שום דרשה
אָן דעם בית.
דערפאַר האַלט זיך דער בית גרויס,
דער בית איז נעבויט, ווי אַ דריי־פערטל הויז.
ער נעמט אַריין דריי־פערטל אין זיין שויס.

זאָגט דער לערער:
אַ מענטש קאָן ניט וויסן פון קיין גוטן,
אויב ער ווייסט ניט פון קיין בייזן.
ער וועט ניט קאָנען קיין גוטן אידיש,
אויב ער וועט ניט לערנען דעם אלף־בית.



מער קיין מלחמה !

צייכענונג : ק. קאָלוויץ

| ג | ג |
|---|---|

## גענדז און גאַנער

נ. ווײַסמאַן



גענדז און גאַנער, ביידע ווײַס —
דיק דערצויגן הויך — אַ מײַסע (מעשׂה)...
גרעסערע גאַנער, גרעסערע גענדז,
ביז זיי גייען זיך אַ טאַנץ...
און זיי ביידע ווערן מיד...
זינגען זיי אַ גרעסער - ליד...

# דעם גימל איז גוט

פון שלמה דאַווידמאַן

דער גימל האָט זיך אַמאָל באַרימט
פאַר זיינע פריינט אין אלף־בית,
אַז ער איז קיינמאָל ניט בייז, —
אים איז שטענדיג גוט! ...

אַמאָל איז ער גאָר אַ גרויסער,
פאַר פרומע לייט איז ער גאָר אַ גאָט.
און ווער האָט גע'הרג'עט המנ'ען און היטלער'ן? —
ער, דער גרויסער גראַגער.

דעריבער וויל ער דאַנקען
אַלע אידן פון דער גאַנצער וועלט,
וואָס האָבן אים געשאַפן,
און מיט אים, דעם גימל,
האָבן זיי גאָר גוט געטראָפן! ...



דאָס עפּעלע פֿאַלט ניט ווייט פֿון ביימעלע.



משה קיש:

„יידל מיטן פידל...“



ד — ב

## דער דאַך...

פֿון נחום וויסמאַן.

דער דאַך איז אַ שוואַרצער און פֿול מיט זשאַלוי;
אויף אָרעמע שטיבלעך, דער דאַך איז פֿון שטרוי...
קומט דאָרט אַ פֿויגל און מאַכט זיך אַ נעסט;
זינגען אויף דעכער און פֿרילינג — די געסט...
און דאָרט אויפֿן שפּיץ פֿון׳ם שטרויענעם דאַך —
שטייט זיך אַ בושל און גיט זיך אַ לאַך...



ברידער — הוגאָ געלערט

## טרייב אַרויס דעם דלות, דלד!...

פֿון שלמה דאַווידמאַן

רופֿט מיך דער רב דלד
צו אַ מין דידקתורה;
ער האָט מורא,
אַז מ׳האָט אין אים
אַריינגערוקט דעם גאַנצן
אידישן דלות,
און ער האָט איינגאַנצן
דלד אמות — דאָס אַלעס.

צעשמייכל איך זיך;
וואָס זאָרגסטו זיך,
רב דלד! —
דו דאַרפֿסט גאָר זיין
זייער פֿריילעך,
דו ציסט דיין יחוס
אַזש פֿון דוד המלך!...
און דיר קאָן מען ניט אַריין
אין קיין אידישער דירה!...

טרייב אַרויס דעם דלות!...
ס׳אַ שיינער געדאַנק,
רב שלמה,
אַ דאַנק, אַ דאַנק!...



### א ליגן קורץ און שארף

איינער האָט אמאָל געבעטן מאָטקע כאבאד ער זאָל אים דערציילן א ליגן קורץ און שארף. האָט מאָטקע דערציילט:
— שבועות צום סדר, ווען איך בין געזעסן אין סוכּה, זיינען אריין די פּורים שפּילער און האָבן מיט די שופרות פאַרלאָשן די חנוכּה־ליכט.

א – אלעף
ב – בײן
ג – גימל
ד – דאלעד
ה – הײ
ו – װאָװ
ז – זײען
ח – כעס

ט – טעס
י – יוד
כ – כאָף
ל – לאמעד
מ – מעם
נ – נון
ס – סאמעך
ע – אײען

פּ – פּײ
פֿ – פֿײ
צ – צאדיק
ק – קוף
ר – רײש
ש – שין
תּ – טאָװ
ת – סאָװ

**ה** — ה

## העי, הינדעלע...

העי הינדעלע, הינדעלע, ווײַס ווי דער שניי! –
גיי אַ גוט הינדעלע, לייג מיר אַן איי...
לייג מיר אַן אייעלע, לייג פֿאַר מיר צוויי;
וועלן אויך דיך לאָזן זיצן אויף זיי...
וועסט דאָרט זיצן אין וואַרעמען זיי;
וועסט אויסבריען מיר הינדעלעך צוויי!...

ב. וואָסמאַן

די הון און דער האָן





# העי, בוי מיר אויס אַ הויז!...

פון שלמה דאַווידמאַן

יעדער אות האָט זיין קלאַנג,
יעדער אות גייט זיך זיין גאַנג;
ער ווייסט זיין אָרט אין געדאַנק
און העלפט ארויס אין פאָלקס־געזאַנג.

נאָר מיט איינינע אידן האָבן מיר אַ צרה:
ס'אַ סברה,
אַז פון דער העי טוט אונז אביסל וויי;
דאַכט זיך, אַז ניט ווייניג אידן עסן הערינג,
דאָך זיינען דאָ אַ צאָל, וואָס הערן ניט דעם „ה" נעהעריג,
און ניי פאַרשטיי, וואָס ס'איז „ערינג".

האָבן זיי ניט קיין געהער? —
ווייסן זיי ניט: ווער ס'איז וועד? —
כ'שווער:
ווער ס'וועט אַנשטעלן אַן אויער,
און הערן, מיך, רב העי:
בוי איך אויס פאַר אייך אַ מויער,
בוי איך אויס אַ נייע הויז!

די סוף – אותיות: ך, ם, ן, ף, ץ.

די קאָמבינירטע אותיות, וואָס קומען אין יידיש:
וו, וי, דזש, זש, טש, ײַ, ײ, ױ.

די צוויי אלעפן: אַ און אָ.

די כּ (קאף) און שׂ (סין). אין העברעאישע ווערטער
ווערן זיי געלייענט ווי ק און ס.

ך – לאנגע כאף, ם – שלאס מעם, ן – לאנגע נון,
ף – לאנגע פיי, ץ – לאנגע צאדיק.
(דאס וואָרט "שלאָס (מעם) מיינט שלוס, סוף, ענד).

לערנט אויס (אויב איר קענט נאך ניט) און געדענקט גוט פון אויסנ-
ווייניק דעם אלף-בית.

ו

## איך און דו און זי...



פֿון נחום יוד

איך און דו און זי און ער, שערן פֿייגל מיט אַ שער;
און פֿון גראָז און רויט פּאַפּיר שערן מיר זיך אויס אַ טיר...
איך שער צוויי פֿענצטער אויס, דו שער אויס דעם דאַך פֿון הויז;
אויפֿן קוימען, אויפֿן דאַך, שער איך אויס טײַבעלעך אַ סך...
שערן — שערן, שערל, שער, פֿאַרטיק ווער שוין! שנעלער ווער;
זעסט, עס לויפֿט שוין בײַ מײַן שויב, אַ גאַנצע בלויע, ווײַסע טויב!...




## טויבן, טויבן

טויבן, טויבן, ווײַסע טויבן, קלאַפּט ניט הײַנט אין מײַנע שויבן...
הייבט זיך אויף נאָך העכער, העכער,
איבער הויך און איבער דעכער...
שטילער, שטילער, טויבן ווײַסע,
און דערציילט מיר הײַנט אַ מײַסע (מעשׂה) ...




מעשה׳לעך

ווז

# וועווריקל, וועווריקל...






וועווריקל, וועווריקל, ניסעלע, נײַן:
זײַ נאָר אַ ביסעלע שטילינקער, שײַן...
שרעק מיך ניט וועווערקע, שפּרינג ניט אַוועק;
פֿאַרפֿאַל שוין ניסעלעך פֿולינקע זעק?
באַלד ווערט דאָ שנייען און קאַלט ווערט דאָ זײַן:
ביסט גרייט פֿאַרן ווינטער, די וועווערקע מײַן?

# דער וואָס ווערט אַ וויכער!...

פון שלמה דאַווידמאַן

א שטעקעלע, — און איך ווער א וואָוו.
אָראָ־אָו! — כ'בלאָז ווי א ווינט;
און קינדהייט־קייט פון גאַס פאַרשווינדט, —
ווערט מיר אויכעט ווייראָן־ווינד.

צוויי שטעקלעך, — און כ'קריג א נייעם קלאַנג,
נעם שוין אַנטייל אין געזאַנג:
אַמאָל קלינגט עס ווי א וואונד, —
אָבער ס'איז דאָך ניט מיין שולד!

ווייסט איר נאָר וואָס, קינדער,
מאַכט פון מיר א שפּיל:
כ'וועל באַווייזן וואונדער,
אויב איר נעמט מיך מיט.

כ'וועל יאָגן ווי דער ווינט:
ניכער, גיכער, גיכער;
איר וועט מיך ניט קאָנען כאַפּן,
ווייל איך ווער א וויכער!...

## יעדע זאך האָט א שפּראַך

פֿון לייב קוויטקאָ

יעדע זאַך
האָט אַ שפּראַך.
אַלע זאַכן רעדן,
ס'איז אַ לשון דאָ באַ יעדן.
אָט מע עפנט אויף די טיר,
טוט זי באַלד אַ סקריפּ אַף דיר:
„ריפּעט ריפּעט, כ'האַלט ניט אויס,
רייַן אַרויס!... רייַן אַרויס..."
אָט, מע זעצט זיך אַפן בענקל,
טוט דאָס בענקל זיך אַ קווענקל,
גיי דיר, גיי.
גיי, ניט דריי!...
גיי, שוין גיי.
נאָר פון אַלע רעדן שנעלער:
לעפל, מעסערס, שיסלען, טעלער.
מיט אַ ליאַרעם, מיט אַ פרייד,
זיינען אָנגעשטאָפּט מיט רייד!

גערבראַטענע טייבעלעך פליען ניט
אין מויל אַריין.

ווילסט, מען זאָל דיך גוט פֿאַרשטיין,
דאַרפֿסטו שרייבן שיין און ריין.

אַ ליגנער, אַז ער זאָגט אַן עמעס,
גלויבט מען אים אויך נישט.

ווז



וואַש וועש

№ 2

דער פעטער פיני מיט דער מומע ריזי

פון שלום עליכם.

פרייז 5 קאָפּ.

ווארשא, תרס״ג,

ДЕРЪ ФЕТЕРЪ ПИНИ УНЪ ДИ МУМЕ РЕЙЗИ

Цѣна 5 коп.

Дядя Пинхусъ и тетя Рейзя.

Разсказъ Шолемъ Алейхема.

Изданіе „Бихерфаналя" Варшава, Длугая 26.

ВАРШАВА, 1903.

Тип. И. Эдельштейна и Ко., Налевки № 38.




זינגט די זעג...

זיג-זאָג, זינג-זאַנג, זינגט די זעג;
זעגט די ברעטער גאַנצע טעג...
זעגן זינגען, זינגט דער וואַלד:
פֿאַרטיק איז אַ הויז שוין באַלד.
זיג-זאָג זעגל, זאָג מיר בלויז —
ווער וועט וווינען אין דער הויז?...

ל. וויסמאַן



זומער וועט באַלד קומען

# דער זייען (ז) איז זיס!...

פון שלמה דאַווידמאַן

דערציילט דער זייען זיין לעבנס-געשיכטע, —
אַז ס׳איז נאָר פאַר פּאָעטן צו שאַפן געדיכטן:

איז געפלויגן אַ בין איבער בלומען און רויזן,
געפּאַטשט מיט די פליגעלעך, זיך אָנגעהויבן גרויסן:
„איך שאַף האָניק!... נאָר היט זיך פאַר מיין גיפט"!...
האָט די בין געזשומעט און געשטיפט:
ז—ז—ז, ז—ז—ז, ז—ז—ז.
דעמאָלט בין איך געבוירן געוואָרן!

און ס׳איז מיר אַוועק גאַנץ גוט:
מיין לעבן איז ווי האָניק זיס!

נאָר אַמאָל פאַרשטעל איך זיך פאַר אַ זי!
קריג איך נאָך כבוד אויך!
ווער איך שוין אַביסל זינדיג.
עס באַפאַלט מיך אַ מין טרויער,
ווערט מיר אויפן האַרצן זויער:
איך פאַרליר מיין גליק!...

איז געקומען צו מיר די בין צעפלויגן,
זי האָט ערשט די בלומען אָנגעזויגן:
„זייען, זייען, זיי נאָר גליקלעך,
איך וועל האָניק פאַר די מענטשן שאַפן
און דו זאָלסט אייביג זיין מיר זיס!"...



א מ. ליליען — ביי דער מאַשין (צייכענונג)

# דער אַלעפֿבייס

| | | | |
|---|---|---|---|
| א | ז | ל | פּ־ף |
| ב | ח | מ־ם | צ־ץ |
| ג | ט | נ־ן | ק |
| ד | י | ס | ר |
| ה | כּ | ע | ש־שׂ |
| וו | כ־ך | פּ | תּ־ת |

אַ. אָ, ו, וי, ײ, ײַ, טש, זש, דזש.

די בוכשטאַבן ח, כּ, תּ, ת קומען נאָר אין העברייאישע ווערטער.

ב אין העברייאיש איז אויך וו. לעמאָשל: חבר = כאַווער, גנב = גאַנעוו (בלויז ווייניק העברייאישע ווערטער האָבן ו אַלס א וו: אַוודאי, ווידוי).

ח ווערט אין העברייאישע ווערטער געניצט ווי א כ. אַלע העברייאישע ווערטער, וואָס פּ אַ נ ג ע ן זיך אָ ן מיטן קלאַנג כ, שרייבט מען מיט אַ ח. לעמאָשל: חבר, חדר, חרטה און אַז. וו.

ווען ביים סאָף וואָרט איז דאָ דער קלאַנג עך, שרייבט מען ח. לעמאָשל: כוח = קויעך, מוח = מויעך.

כּ ווערט אָפט גענוצט אין העברייאיש אַלס ק: כשר, כעס.

ש איז טיילמאָל אין העברייאיש אַ ס: שונא = סוינע.

תּ = ט. לעמאָשל: תּלמיד, תּמיד, מתּנה.

ת = ס, בלויז צום סאָף וואָרט: אמת = עמעס, מתנות = מאַטאָנעס. (אַלע מערצאָלן פון העברייאישע ווערטער, וואָס ענדיקן זיך אויף —עס, שרייבט מען ות: בהמות, גנבות, צרות.)

ער אלף - בית

פון

מ. מ. ווארשאווסקי

אויפן פריפעטשיק ברענט
א פייערל
און אין שטוב איז היים,
און דער רבי לערנט
קינדערלעך
דעם אלף - בית.

זאָגט - זשע, קינדערלעך,
געדענקט - זשע, טייערע,
וואָס איר לערנט דאָ;
זאגט - זשע נאָכאמאל
און טאקע נאכאמאל,
קאָמעץ אלעף אָ.

אז איר וועט, קינדער,
עלטער ווערן,
וועט איר אליין
פארשטיין;
וויפיל אין די אותיות
ליגן טרערן
און וויפיל געוויין !...



וו. גראָפּער:
אַ שניידער חלומט.



אין חדר.

## ח ח  חיה'לע

פון נחום וויסמאַן.

חיה'לע, חיה'לע, חיה און וואַלד:
איז דיר און ווינטער קיינמאָל ניט קאַלט?
וואַרעמט דיין פוטער, וואַרעמט דיך אויס?
זאָג מיר נאָר, וואו איז אין ווינטער דיין הויז?
ווען שנייען באַדעקן דאָס פעלד און דעם וואַלד —
זאָג מיר, ווער גיט דיר צו עסן דאָרט באַלד?

# דער כעס (ח) איז מלא חן!

פון שלמה דאַווידמאַן

ס'קאָן קיין שענערס גאָר ניט געבן,
ווען איר הערט אין גאַנג פון לעבן,
דעם אייביג־שיינעם גוטן וואונטש:
„חי — צום לעבן, חי — צום לעבן!"

ס'האָט דער כעס דאָך אַלע חנ'ען,
אי ביים לאַכן, אי ביים וויינען.
ער האָט אין זיך דאָך אַלע מיינען:
„חי — צום לעבן, חי — צום לעבן!"

ס'טרעפט אַ חורבן אונזער פאָלק:
מיר ווערן זייער אָפט פאַרפאָלגט,
ווייל מיר זיינען אידן, —
קיין פאָלק קאָן ניט זיין צופרידן.

מען וואַרפט אויף אונז אַ חרם אָן!...
וואָס־זשע קאָן אַ קליין פאָלק טאָן? —
מיר טראָגן אַנטקעגן אַ גרויסע קולטור,
מיר טראָגן אַנטקעגן דעם גרויסן חלום:
„והיה באחרית הימים!"...

מיר ווילן זיין מיט פעלקער גלייך,
אומעטום אָן פרייהייט לעבן —
אַלע, אַלע צו דעם שטרעבן.
מעג איך מיט אַלע פעלקער גלויבן:
„עם ישראל חי!"...

מאַכט־זשע, אידן, אַ לחיים,
צו אַ לעבן גאָר אַ נייעם.
ווען די וועלט וועט זיך באַפרייען:
„חי — צום לעבן, חי — צום לעבן"!...

## חנוכה

טעקסט: מ. ריוועסמאַן

פאָלקס־מעלאָדיע

חנוכה, אוי, חנוכה, א יום־טוב א שיינער,
א לוסטיקער, א פריילעכער, ניטאָ נאָך אזוינער;
אלע נאכט אין דריידל שפילן מיר,
זודיק הייסע לאטקעס עסן מיר.

גיכער, צינדט קינדער,
די חנוכה ליכטעלעך אָן
} 2 מאָל
לאָמיר אלע זינגען
און לאָמיר אלע שפרינגען
און לאָמיר אלע טאנצן אין קאָן.

„מוזיק" — איינס פון די פיר וואַנט־געמעלן, וואָס שאַגאַל האָט געמאָלן אין 1920־1921 פאַר דעם פאָיע פון מאָסקווער יידישן קאַמער־טעאַטער.

ט

# טעלער ווייסע...

טעלער ווייסע, וואַש איך ריין;
און איך וויש זיי אויס אַליין!
שטעל איך אויס זיי אויפן טיש,
פאַרן פלייש און פאַר די פיש...
שיינע טעלער צוליבער ־ ריין,
אויפן טיש מיט פיש און כריין!...

ב. דרייסמאַן

ט

טעלער ווייסע
וואַש איך ריין,
און איך וויש
זיי אויס אַליין.

א ב ג ד
ה ו ז י ט
כ מ נ ם

הוזכדק אבגד
למטנן י דהוז
רטעפפ זטכ
ףצץש קיל

גערשן קראַווצאָוו

יידישער שריפט

# ס׳האָט די טעם (ט) דעם בעסטן טעם!

פון שלמה דאַווידמאַן

ס׳האָט די וועלט צו דיר אַ טענה, טעס,
שטענדיג ביסטו דאָ אין טעות —
כ׳וואָלט דיר אויסרעכענען אין אַ מעת־לעת,
וויפיל טעות׳ן דו מאַכסט.

ווען דו וואָלסט זיך גוט באַטראַכט, באַזאָכט,
וואָלט עס געוואָרן פיל מאָל גרינגער:
קום נאָר בלויז אַריין בייַנאַכט, —
און ריר דעם שלאָף אָן מיט אַ פינגער.

דו האָסט אַ טבע צו פאַרקריכן אין נאַטור,
ס׳איז ניט די בעסטע טבע.
בעסער וואָלט געווען ביז גאָר,
אַז דו זאָלסט נאָר קומען אין דער טובה.

ווייסטו גאָר וואָס, טעס, מיין טייערער,
כ׳וועל עס לאָזן צו דער אַלטער טענה:
כ׳וועל עס לאָזן צו די אַלטע מעשות,
וואָס זיינען ניט גאָר מיינע.

שאַ, כ׳האָב זיך גאָר באַטראַכט,
כ׳האָב פאַר דיר אַ גוטע עצה:
קלאַפּ אָן אין יעדער אָרעמער טיר
און ברענג אַהין טובות אָן אַ שיעור.

קלאַפּ אָן אין יעדן אָרימען טויער,
פון דער וויסטער געטאָ־מויער. —
זאָל אַריין אַהין לופט און זונשיין,
זאָל אַריין אַהין געבענטשטע פרייהייט!...

דו האָסט נאָך אַלץ ביי מיר דעם בעסטן טעם,
ביסט געשמאַק, טאַקע טעם גן־עדן.
קום מיט אונז אין שטוב אַריין
און ברענג אונז נאָר פיל פריידן.

אבגד

הוזיט

אָבגד

הוזיט

אבווגד

רקלמנ

גערשן קראַווצאָוו

נײַע מוסטערן פון ייִדישן שריפט.

| י | ד |
|---|---|

# אַ גוטע נאַכט!

פֿון נחום ווייסמאַן.

פֿיר און פֿיר איז אַכט; טיר און טיר פֿאַרמאַכט!
גרויסע נאָך ווי אַ גרויס; בעטעלעך שטייען שטיל...
זינגט די זומער - נאַכט: אַ גוטע, גוטע נאַכט!...

## דער יוד (י) איז שטענדיג גוט!...

פון שלמה דאַווידמאַן

אַט אַ מזל פון אַן אות:
ער קומט אריין אין יעדן ליד;
האַלט זיך אַפּטמאָל זייער גרויס,
וואו עס וואוינט און לעבט אַ איד.

יבוא יומו, זאָגט ער אויף העברעאיש,
שונאים וועלן קריגן זייער שטראָף;
ס'האָט ישעיה וועלט געוואָרנט:
„והיה..." ס'וועט צו שנאה נעמען אַ סוף!...

יגיע כפים, בלויז דורך שווייס און מי,
קאָנסטו פירן אַן ערלעך לעבן;
ס'העלפט די יוניאָן אַן אַ שיעור,
אַ בעסערן זינען דיר צו געבן:
יד אחת!...

ישראל, — איז דאָס אַלט־נייע אידן־לאַנד,
ישראל איז געקומען צו פאַרבלייבן.
געוויסע מעשים ברענגען טאַקע שאַנד —
מיר האָבן אָבער ניט פאַרלוירן דעם נביא'ס גלויבן:
מ'וועט אין אַקער־אייזן איבערשמידן שווערד,
דורך שלום, פריינטשאַפט מיט די שכנים,
וועט מען רואיג לעבן אויף דער ערד.

ס'מוז אַ מעשה האָבן אַ סוף,
ס'איז פאַר מיר אַ גרויסער שאַד,
וואָס דאָס גראַמענדיגע ליד:
„אַט אַ מזל פון אַן אות,
דער יוד איז שטענדיג גוט!..."
מוז קומען צו אַן ענד, —
ווי איך בין אַ איד!...

## י. ל. פרץ

### דער יעגער

יאַנקעלע וויל אַ יעגער זײַן,
יאַנקעלע וויל אין וואַלד אַרײַן.
שיסן וויל ער נאָר אַ בער,
פעלט אים דאָך געווער.
אונדזער יאַנקעלע דערזעט:
אין ווינקעלע אַ בעזעם שטײט
מיטן בעזעם וועט ער יאָגן
און אַ גרויסן בער דערשלאָגן.

ער קען אין הויז שוין מער ניט בלײַבן:
וויל דעם בעזעם אונטערהויבן.
שווערער בעזעם קערט זיך איבער,
און דער יעגער פאַלט אַריבער

### איך וויש



טעלער ווײַסע
וואַש איך רײַן.
און איך וויש זיי
אַם אַלײן.

## דריי זיך ווינטל

דריי זיך ווינטל, דריי זיך דריי:
בלאָז פֿאַלט אויס אין גאַס אַ שניי...
איינס און צוויי און דריי און פֿיר:
גיי אַ טענצל פֿאַר מײַן טיר...
ווינטל דריי זיך, דריי זיך אויס:
קער די גאַסן בעסער אויס...



### דער שניי איז ווײַס

## זון - שײַן

פֿון נחום ווײַסמאַן.

זון - שײַן, זון-שײַן, קום אַרײַן:
ווערסט אַ גוטער גאַסט בײַ זײַן!
כ'וועל דיך זעצן אויבן אָן,
וואו ס'קרייזט מײַן בלויער פֿאָן!...
זון - שײַן, זון - שײַן, זע, איך וואַרט
ברוגעס - דו, מיך אָפּגענאַרט!...

### אַ רעטעניש

ווייס געשפּרייט,
שוואַרץ געזייט,
וואו מען שיקט עס,
דאָרטן גייט עס.



ש. ראָבין

## דער לערער

פֿון
**שיקע דריז**

לייב כאַדאַרקאָווסקיס אָנדענק

אָט זע איך א ווינטער־פרימאָרגן,
א דאָרף, ווי א קנײַלעכל וואָל,
און זיך מיט א פעקעלע העפטן
אינדערמיט פון א ליכטיקן טאָל.

פרישע געפאלענע שנייען,
ביימער אין פראָסטיקן צוויט,
איך טרעט אין די גרייטע גריבלעך
פון מײַן לערערס געמאָסטענע טריט.

און ס'דאכט זיך מיר הײַנטיקן טאָג,
ווען ס'זײַנען שוין גראָוו מײַנע האָר,
אז איך גיי אים פאמעלעכן נאָך
אן ערעך שוין זעכציק יאָר.



א. רייזען

„עס ווילן זיך ציען אין דורות אריין
די אותיות וואָס גליען מיט פרייד און מיט שיין.
די ווערטער וואָס דרינגען פון טיפסטן נעמים —
זיי שאַלן און קלינגען אין בוך און אין ליד".

„הערשעלע אָסטראָפּאָליער", משה קי

כ — פּ

## באָרעס שוואַרצע...

פֿון ברוך וויסמאַן

באָרעס שוואַרצע קוועטש פּאַרביי;
לויפֿט איין הימל בלוי און פֿריי...
לויפֿט איין הימל בלוי און פֿריי...
ווי דער ערשטער טאָג אין מײַ...
שוואַרצע באָרעס טראָגט זיך אָפּ;
זעט, עס קאַפּעט שוין אַראָפּ!

ד — ק

## לאַכט די זון

זון, לאַך - לאַך אויף ווידער נאָך;
לאַבן אויפֿן דאַך טײַבעלעך אַ סך...
לאַבן אויפֿן דאַך טײַבעלעך אַ סך:
דרייען זיך אַרום, רונד אין רונד אַרום-
רונד אין רונד אַרום, פֿליען אויף;
טײַבעלעך אַ סך רוען אויפֿן דאַך!

## אלף - אינדימעס עסט דער נגיד
(פאָלקסליד)

אלף - אינדיקעס עסט דער נגיד.
בית - ביינדעלעך גריזשעט דער אָרעמאַן.
גימל - גענדזעלעך עסט דער נגיד.
דלת - דעם דלות האָט דער אָרעמאַן.
הי - הינדעלעך געפּרעגלטע עסט דער נגיד.
ואו - ווייטיקן האָט דער אָרעמאַן.
זין - זעמל מיט פּוטער עסט דער נגיד.
חית - חלשות'ן האָט דער אָרעמאַן.
טית - טײַבעלעך געבראָטענע עסט דער נגיד.
יוד - יסורים האָט דער אָרעמאַן.
כף - קאַלאָשן טראָגט דער נגיד.
למד - לאַפּטשעס האָט דער אָרעמאַן.
מם - משקה טרינקט דער נגיד.
נון - ניכטער איז דער אָרעמאַן.
סמך - סאַמעטענע קליידער טראָגט דער נגיד.
עין - אָפּגעריסן גייט דער אָרעמאַן.
פי - פּיפּקעס געבראָטענע עסט דער נגיד.
צדיק - צרות האָט דער אָרעמאַן.
קוף - קאָטלעטן געפּרעגלטע עסט דער נגיד.
ריש - רעטעך גריזשעט דער אָרעמאַן.
שין - שערעשעווסקים") פּאַפּיראָסן רויכערט דער נגיד.
תיו - תוטין') פּיפּקעט דער אָרעמאַן.

") א געוועזענע יידישע פּאַפּיראָסן פאַבריק אין אַלטן רוסלאַנד.
') תוטין - טוטין מיינט פּראָסטער טאַבעק.

## דער טאַטע זוכט זיינע שפּאַקולן

איינמאָל האָט מיין טאַטע געלייענט אַ צייטונג. אין מיטן לייענען האָט ער איינגעדרימלט. איז געגאַנגען מיין שוועסטערל און האָט אַרונטערגענומען די ברילן פון טאַטנס נאָז און זיי אויף זיך אָנגעטאָן. זי האָט אַרויסגענומען זייער פאַרזיכטיק די צייטונג פון מיין טאַטנס הענט. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן צימער און האָט נאָכגעמאַכט דעם טאַטן, מיך אָנגעהויבן לערנען:

— אַזאַ גרויסער באָכער, עלף יאָר אַלט, און זאָל קיין סייכל ניט האָבן! אַז דער טאַטע קומט אַהיים פון דער אַרבעט, איז ער פאַרמאַטערט, און וויל זיך אַ ביסל אָפּ־רוען, קאָמאַנדעוועט ער גאָר! שטיל זאָל זיין!

איך האָב זיך אַזוי צעלאַכט פון מיין שוועסטערלס שטיק, אַז איך האָב געמוזט אַנטלויפן אין צווייטן צימער, איך זאָל ניט אויפוועקן מיין טאַטן פון שלאָף. מיין שוועסטערל איז מיר נאָכגעלאָפן.

אין צווייטן צימער האָבן מיר זיך געשפּילט מיטן טאַטנס זאַכן. מיר האָבן געמאַכט אַזעלכע געוואַלדן, אַז דער טאַטע האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געשריי:

— ס'ברענט, ס'ברענט! וואו ברענט?!

מיר האָבן זיך דערשראָקן. מיין שוועסטערל האָט אַ וואָרף געטאָן די שפּאַקולן אויפן בענקל. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויפן בענקל, און מיר זיינען געבליבן שטיל, ווי קעצעלעך.

מיין טאַטע איז אַריינגעלאָפן צו אונדז אין צימער און אַ געשריי געטאָן:

— וואו זיינען מיינע ברילן?!

איך האָב דערפילט אַ שטאָך אין די הויזן, בין איך אויפגעשפּרונגען מיט אַ געשריי:

— אוי, סע שטעכט!

מיין טאַטע האָט געפונען די שפּאַקולן אויפן בענקל, און מיר האָבן זיך אַלע דריי צעלאַכט.

**סראָליק דאַווידמאַן,** קלאַס 3, שול 32.



געצייכנט: סראָליק דאַווידמאַן

יוני – 1939 – „יונגוואַרג"

## ער כאַפּ (כ־ד) איז יעדן שמייכל!...

פון שלמה דאַווידמאַן

כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי,
אין לאַכן ליגט אַ גרויסער שכל;
און אַ חכמה ליגט באַהאַלטן
אין דעם פילאָזאָפס אַ שמייכל.

ס'האָט דער כאַפּ, גאָר דריי באַדייטן,
מען טאָר, חלילה, ניט פאַרבייטן:
איר שטעלט אַריין אַ פּינטעלע,
ווערט פון אים אַ כלי...
ער קריגט ביי אונז אַ כוח־הדיבור
און ווערט באַרימט במילא...

אַמאָל צים ער זיך אינגאַנצן אויס
און ווערט אַ לאַנגע כאַף:
ער קריכט אַריין אין שיך, אין דיך,
אין מיך און איך, — ס'אַ מעשה אָן אַ סוף.

אַמאָל טוט ער אָן אַ פּאַלערינע,
און מאַכט זיך פאַר אַ מלך;
ס'איז לצנות, אַ, מין מינע,
אבי זיך מאַכן פריילעך.

ס'איז אַ לעבן, פול מיט כבוד,
ס'לוינט זיך טאַקע לעבן;
האָסט אין זיך אַ גרויסן כוח,
ס'איז דיר ניט קיין טשאַד און רויך.

ווײ־זשע אונז געבענטשט, געשמייכלט,
לאָמיר זיין נאָר פריילעך;
טו זיך אָן אַ פּעלערינע
און ווער אַן אלימלך!

לאַכן איז געזונט.
דאָקטוירים הייסן
לאַכן!...
שלום-עליכם.

### שאָלעם-אַלייכעמס גראַדאַציעס

שטאַרק — שטאַרקער — אַן אייזן. קאַרג — קאַרגער — אַ כאַזער.
נאַריש — נאַרישער — אַ לעקיש. ווייך — ווייכער — אַ פּוטער.
הונגעריק — הונגעריקער — אַ גאַנצן טאָג אין מויל ניט געהאַט.
בלאַס — בלאַסער — אַ שענערן לייגט מען אין דער ערד.
נאַקעט — נאַקעטער — ווי די מאַמע האָט אים געהאַט.

(שאָלעם־אַלייכעם.)



מ א ס ק

# מאַמע, הער!

פֿון נחום ווײַסמאַן

מאַמע, מאַמע, מאַמע, — מאַמע ליבע, הער:
כ'קען שוין אוידיש לייענען, „אַ מייסע מיט אַ בער".
מייסע, מעשה, מייסע — מאַמע, הער, ווי שיין:
ס'וויל דאָס קליינע בערל הײַנט אין שול גאָר גיין!
צו דער שול געגאַנגען, טיר, געווען פֿאַרמאַכט:
איז ער אָפּגעשטאַנען דאָרט אַ גאַנצע נאַכט!...



# ײַן רויטע בלום...

אין אַ ווײַטן גאָרטן, בליט אַ רויטע בלום;
גרינע גראָזן וואַקסן, רונד אַרום, אַרום,
צווישן הויכע זאַנגען, צווישן גראָז אַרום —
שטאָלצער צווישן אַלע, לאַכט אַרויס די בלום...
צו דעם ווײַטן גאָרטן, ליבע מאַמע, קום:
צווישן הויכע זאַנגען, וויל איך זען די בלום!...

אַ שלימאַזל אַז ער פֿאַלט אין שניי,
צעקלאַפּט ער זיך אויך די נאָז.

**אַ שפּאַס**

אַ טויבער האָט געהערט, ווי אַ שטומער האָט דערציילט, אַז אַ בלינדער האָט געזען, ווי אַ לאָמער איז געלאָפן.

לייען און שרייב:

לערער לערנט מיך שרייבן, שרייב איך ריין און שיין, זע, מיין פולן נאָמען שרייב איך שוין אַליין!

# לערער, לערנט מיך...

פון נחום וויסמאַן

לערער, לערן מיך שרייבן, שרייב איך ריין און שיין;
זע, מיין פולן נאָמען, שרייב איך שוין אַליין!
זיידע, ליבער זיידע, כ'ליב דיך ווי אַ שיר;
מאָרגן וועל איך שרייבן אַ בריוועלע צו דיר...
היינט דאַרף איך נאָך לערנען, האָב איך ניט קיין צייט;
מאָרגן, ליבער זיידע, מאָרגן — איז ניט ווייט!...

א פאָרטרעט פון אן אלטן ייִדן
(גיפּס, 1913)

יוסף טשייקאָוו

# לאָמיר דעם למד מקבל פנים זיין!

פון שלמה דאַווידמאַן

ס'ווערט דאָס פאָלק גאָר ניט מיד,
לכבוד דעם למד זינגען אַ ליד:

„לאָמיר אינאיינעם, אינאיינעם דעם למד
מקבל פנים זיין!"...
פאַרזוכן אַביסעלע ווייַן,
און טאָקע פריילעך זיין!

ס'איז דער למד אָפּט פאַרשטעלט:
ער ווערט אַ למד־וואָוו'ניק אויף דער וועלט.
ער וויל גאָר ראַטעווען פון עבירות,
פון פאַרברעכן און הפקרות...

דער למד זינגט און גיט אונז לערע,
אַן אַרבעט, — גאָר אַ שווערע:
נאָך אָנגעהויבן קנעלן מיט מלמד,
האָט דער זינגענדיגער למד.

אָפּט ווערט ער גאָר אַ שטראָפער:
לא תחמוד... לא תגנוב...
לא תרצח...
פריילעכער צו זאָגן: "זיי ניט קיין לא יוצלח"!...
ווייל: „לא אמות כי אחיה"!...

איז:
„לאָמיר אינאיינעם, אינאיינעם דעם למד
מקבל פנים זיין"!...
פאַרזוכן אַביסעלע ווייַן!
און טאָקע פריילעך זיין!...

מאָטל גרוביאַן

### פרישער רעגן

מע שטייט און מע רעדט יידיש,
וואָס זשע, מע דאַרף זיצן?
מע קאָן זיצן, מע קאָן שטיין,
זאָל נאָר דער דונער
די אַלטע אַנגסטן צעווייען;
וועט זיך לאָזן א פרישער רעגן,
וועלן מיר ארויס אים אנטקעגן —
עפּעס האָבן מיר דאָך געלעבט
אף אָט דער האַרבער ערד,
זאָל זי אונדז שמעקן
מיט זאַפּרען און נעגל.

# די מעם (מ) וועט אייביג לעבן!

פון שלמה דאַווידמאַן

ווען ס'זאָל זיין געווענדט אין מיר,
וואָלט איך דיך,
מעם,
אָוועקגעשטעלט גלייך צום אָנהויב
פון דעם אַלף־בית,
ווייל האָסט זיך געמאַכט,
ווי די גאַנצע וועלט ווייסט,
אַ גרויסן שם (שעם).

ס'וואָלט אייך יעדע מאַמע שווערן,
אַז דעם ערשטן קלאַנג,
אַ מין זיסן געזאַנג,
וואָס זי הערט
פון איר קינד איז:
מ־מ־ם, מאַ, מאַמע!

ניין, ניין, ס'וועט דער אידישער
אַלף־בית ניט אונטערגיין
כל־זמן, דו, מעם, שלאָס־מעם,
וואָס האָסט געמאַכט זיך אַזאַ
גרויסן שם, וועסט לעבן:
דו ווערסט אַלע טאָג געבוירן
דו וועסט אייביג לעבן!

## אַ שול



אומפּאַרטייאישע יידישע אַרבעטער קינדער־שול

פּאַסייק, נ. דזש., 781 מעין עוועניו



פינ.־סעק. ש. פייטלין. פּראָטאָקאָל־סעק. פ. בוירג; קאַסיר, פ. באַגאַראַד; לערער: שלמה דאַווידמאַן; טאַנץ־לערערן — ראוך; געזאַנג: ס. סמעלקינסאָן. פאַרוואַלטער: ס. באַגאַראַד, פ. באַגאַראַד, ב. בוירג, ש. פייטלין, א. פייטלין, ס. קעץ, ב. סאָפּנעס, ש. סטאַר, ל. קרימבערג, ס. טאַבין, ס. סמעלקינסאָן, ח. עשקינאַס ד. לאַנזישמאַן. סילדוער.

1928 (די בילדער פון די קינדער אויף רעכטס שטייענדיק, אויך מרים גיטלסאָן)

ר. ה. ר. ה. זאַק



אַ פידלער



ווער בין איך

מיין ערשטן טייל וועסטו אין שקר געפינען.
מיין צווייטן – אין לעקער.
מיין דריטן וועסטו אין מעקער געפינען.
מיין פערטן – אין העקער.
אַלע פיר צוזאַמען בין איך דער קלוגסטער מענטש.

.............

אַ נוס     ניס



## נאַ, נעם... פֿון נחום ווײַסמאַן.

נאַ, נעם די נאָדל און נײ זיך אַ טיכל;
אַ קלײדל פֿאַר ליאַלקע, אַ האַנטוך, אַ ציכל...
אַ וועלדל מיט בײמער אויף ציכעלעך געלע;
נײ אויס זיך דעם נאָמען, אותיות (אותיעס) העלע...
נאַ דיר אַ נאָדל, אַ פֿאָדעם אַ לאַנגען,
און נײ אויס אַ גאָרטן מיט בלומען און זאַנגען...

אַ פֿאָן



## אין אַן אַלטן וואַלד...

אין אַן אַלטן וואַלד, אין אַ טיפֿן טאָל,
איז אַ בער געווען אַזוי פֿויל און אַלט:
איז אַ בער געווען, געווען, געווען אַ מאָל...
איז אויך דאָרט געווען אַזוי קאַלט, אָ קאַלט...
האָט ער דאָרט געציטערט טאָג און נאַכט אין קעלט:
און ער איז פֿאַרקראָכן ערגעץ אויף דער וועלט...

**וואָס מען פֿאַרזייט, דאָס שנײַדט מען.**

# אַ יום-טוב פֿון אידיש געזאַנג



# נון, (נ־ן) זינג אונז אַ נייעם ניגון!

פון שלמה ראַווידמאַן

ווען די קינדער ליגן אין די וויגן
פאַרוויגט מען זיי מיט מאַמעס ניגון:
„איי, לירלירליו, איי, לירליו,
שלאָף מיין טייער זונעניו.

„דו זאָלסט אויסוואַקסן אַ קעמפער
וואָס נעמט זיך אָן פאַר אָרעמאַן:
כ'דאַרף גאָרניט זאָלסט זיין אַ נגיד,
מ'זאָל קומען בעטן דיך נדבות;
זאָלסט נאָר ניט זיין מיר נע־זונד . . .

זאָלסט זיין אַ גוטער אַרבעט־מאַן!“...
נון, — זינג־זשע אונז אַ נייעם ניגון,
אַ מונטער־פריילעכן, אַ קלוגן:
פון אַ וועלט וואָס שטראַלט מיט פריידן,
יעדער מענטש זאָל זיין צופרידן,
און בתוכם אויך מיר, אידן

ניין, ניין!
ס'זאָל קיין פאָלק ניט אונטערגיין!
ס'זאָל קיין שפּראַך ניט אונטערגיין!
עס זאָל אויך מיין אידיש לשון
קלינגען אויף דער גאָרער וועלט . . .

נון, נון — זינג־זשע אונז אַ נייעם ניגון!
אַ מונטער־פריילעכן, אַ קלוגן! . . .



נחום ווייסמאַן (1894—1944)

## קומט, לאָמיר זיך לערנען!

ס'לויערן שונאים אויף אונדזערע לעבנס —
שאַקאַלן איצט רעווען אין חושך פון נאַכט;
זיי שטשירען די ציינער אויף אונדזערע העלדזער —
העי, ברידער און שוועסטער, באַוואַכט זיך, באַוואַכט!

אין צייט פון בהלה קומט לאָמיר זיך לערנען —
זאָל שאַרף זיין די צונג, ווי דער שפּיץ פון אַ שווערד:
מיר מוזן זיך לערנען אַן ענטפער צו געבן
פאַרוואָס און פאַרווען ליגט פאַרבלוטיקט די ערד!

אין צייט פון בהלה קומט לאָמיר זיך לערנען,
ווי בעסער אָפּשאַצן און קלאָרער פאַרשטיין —
ווער ס'איז אַ פריינט און ווער איז דער שונא —
מיט וועמען צום ליכטיקן מאָרגן צו גיין!

עס רופן אונז קאַמפן צום ליכטיקן מאָרגן —
העי, ברידער און שוועסטער, באַוואַכט זיך, באַוואַכט!
ס'לויערן שונאים אויף אונזערע לעבנס —
שאַקאַלן צערעוועט אין חושך פון נאַכט! . . .




אַמאָליקע יידישע טענץ אין פוילן

ס — ס קלוגע סאָווע...

פֿון נחום וויסמאַן.

שטייט אַ סאָווע אויפֿן בוים, הויך, אַז מען דערזעט זי קוים.
סאָווע, סאָווע אין דער נאַכט, וואָס בויסטו אַזוי פֿאַרטראַכט?
סאָווע, סאָווע אויפֿן אָרט, זאָג אַרויס דאָס קלוגע וואָרט!...

אויפן וועג
שטייט א בוים.
שטייט ער
איינגעבויגן
אלע פויגלען
פונעם בוים זיינען
זיך צעפלויגן.

# סאָמעך (ס) מאַך אַ סדר אויף דער וועלט!...

פון שלמה דאַווידמאַן

ס'איז די וועלט צערודערט איצט,
ס'איז נאָך ערגער ווי אין סדום;
מ'איז אין ערגעץ נים באַשיצט, —
ס'ליגט זיך אויפ'ן שכל קוים!...

ס'פליט דער מענטש צו דער לבנה,
ס'פליט דער מענטש ארויף צו שטערן;
און ניין אין גאס איז אַ סכנה, —
מ'ווערט נעטריבן פון פאַרצווייפלונג,
פון אַ לעבן, פון אַ שווערן!...

ס'איז שוין לאַנג רייף די צייט,
אַז מענטש זאָל לעבן מיט זיין שכל;
אַז קינד און קייט און אלטע לייט,
זאָלן רואיג לעבן, מיט אַ שמייכל!...

ס'איז די וועלט דאָך פול מיט אוצרות,
פאַר יעדן איינעם צו לעבן גלייך;
פאַרוואָס זאָל איינער לעבן אָרעם
און דער צווייטער, — זייער רייך?!...

סאָמעך, ברענגז־שע אונז אַ נייע סגולה,
קומסט דאָך פון עם־הספר:
ביסט ביי אונז אַ גרויסער ווייסער!
סאָמעך, מאַך אַ סדר אויף דער וועלט!


קינסטלער שמואל ראזין
פון דער סעריע יידישע זינגלידער
(לינאגראווירן)

געווען
אמאל
א פאס
טעכל

געשיכטעס פאַר גרוים און קליין

ע

ע

פֿון
נחום
ווייס-
מײַן

ע
ס
נ
וו
אַ
ר
ג

ע
ס
ן

ברויט
קארטאָפל
איי
פּוטער
טיי
לעטוס
פליייש
קאשע
זאלץ
צוקער
וואסער
פרוכט זאפט
פלוימען
טאמיטא
פרוכט
זופּ
גרינסן
מילך
אראנדזש

עפּעלע לאַכט...
עפּעלע, רויט, עפּעלע, גרין;
וויגט מײַ דאָס ווינטל
אַהער און אַהין ---
עפּעלע, גרין, עפּעלע,
געל;
פֿאַלט אַן עפּעלע
פֿאַר מײַן שוועל ...
עפּעלע לאַכט 13
מיר אַרויף:
אינגעלע - זינגעלע
הייב מיך אויף!

פֿון
(יידיש, ב. טאָראָנטאָ)

ג

גיין - גייען

זיין - זיינען

שטיין - שטייען

זען - זעען

ווילן - וועלן

טאָן - טוען

געבן - גיבן

ווייסן - וויסן

ווערטלעך פון שלום עליכם

עסט געזונטן
נעכטיקע פארפל עסט איר?
פאַרוואָס ניט?
ועט איר מוחל זיין קומען מארגן.

א גלעזל טיי וועט איר טרינקען?
א קראנקן פרעגט מען, א געזונטן
גיט מען.

גראַפּער



דער נביא · פרענק קוירק · The Prophet

# דער מענטש פון מאָרגן

פון חיים שוואַרץ

...האָבן מיר פאַרגעסן, ברידער, אונזער חלום פון אַמאָל ?
לאַנג געטרוימט, געזונגען לידער,
יאָרן, יאָרן אָן אַ צאָל.
לידער זוניגע פון אמת, פון אַ לעבן לויטער ריין
און אַ טיפן פעסטן גלויבן.
מענטש איז גוט און פרעכטיג שיין.
ס'איז געבענטשט דער מענטש מיט חכמה
און מיט מאַכט וואָס בויט און שאַפט.
לאָמיר בויען פאַר דעם מאָרגן,
בויען היינט מיט גאַנצער קראַפט.
ס'וועט דאָס לעבן זיך באַנייען,
ברידער, שוועסטער, זייט געגרייט !
ס'וועט די אַרבעט אונז באַפרייען,
וועט אונז געבן ליכט און פרייד.
אייביג, הייליג איז דער וועג צו שלום
פרייהייט אויף דער וועלט !

# אין אַ באַפרייטן וואַלד

אַ מעשה פאַר אַלע — פון שלמה דאַווידמאַן

פון פיל רו און שטילקייט פינצטערנישן און זון־שטראַלן, האָט דער וואַלד איינגעדרימלט. די בוימער האָבן זיך אַרומגענומען. איינס אין אַנדער גע־פלאָכטן. שווערע צווייגן האָבן זיך אַוועקגעבויגן פון זייער פאָטער בוים און זיך געצויגן צו מוטער־ערד. אויף זייער לאַנגן וועג פון אַראָפּנידערן, האָבן זיי באַגעגנט שווערע צווייגן, האָבן זיי זיך אַרומגעהאַלדזט, גע־צערטלט און געקושט.

זיי איז אומעטיג געוואָרן צו ציילן די שטערן אויפן הימל, האָבן די אויבערשטע צווייגן פאַרשטעלט פאַר זיי די לבנה. אפילו דער זילבערגער שניי און די גאָלדענע שטראַלן זיינען זיי נמאס (נימעס) געוואָרן. צו ענג איז געוואָרן פאַר זיי דאָס פּלאַץ, האָבן זיי געבענקט נאָך אַ לעבעדיגן מענטשן, וואָס זאָל זיי באַפרייען.

איז אַ וואַנדערער אָפּגעשלאָפן אונ־טער אַ בוים אַ נאַכט מיט אַ טאָג מיט נאָך אַ נאַכט. ער האָט זיך אויסגערוט זיינע ביינער פון פיל וואַנדערן און וואַלגערן. ווען ער האָט זיך אויפגע־כאַפּט אויפן צווייטן פרימאָרגן, האָבן דיביימער אים געגעבן צו שמעקן אין דער נאָז אַריין אַ פרישן „גוט־מאָרגן". האָט ער זיך צעמיכלט און אַ שטורכע געטאָן אַ בוים, האָט דער בוים זיך דערפרייט און זיך אָנגעהויבן ראַשן. האָט זיך געטראָגן דער רויש־ראַש פון בוים צו בוים און פאַר גרויס פרייד האָבן די ביימער דעם וואַנדע־רער אַראָפּגעוואָרפן שיינע מתנות: ניס, עפּל, באַרן און אַנדערע פרוכטן; אַראָפּגעשיקט צווייגלעך און בלעטלעך צו זיינע פיס, אָנצוזאָגן, אַז ער איז אַ ליבער גאַסט.

האָט דער וואַנדערער זיך אָנגעגעסן מיט די ניס און זיך אָנגעטרונקען מיט דער זאַפט פון די עפּל און באַרן. דער־נאָך האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט טראַכטן, וואָס ער זאָל ווייטער טאָן. האָט ער דערהערט דאָס קרעכצן פון די בוימער אונטער שווערע באַוואַק־סענע צווייגן; האָט ער דערזען ווי בלינד־געוואָרענע בוימלעך, פון דער זון פאַרשטעלטע, שפּרייטן זייערע הענטלעך צו אים און בעטן אַ ביסל שטראַלן. האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט: „ער וועט בלייבן לעבן אין וואַלד".

האָט ער אַרויסגענומען אַ מעסערל פון זיין רייזע־טאַש און אָנגעהויבן אַרומצושניידן די צווייגן. איז ער אַזוי געגאַנגען טאָג נאָך טאָג און באַפרייט די ביימער פון צופיל צווייגן. האָבן די בוימער זיך אויסגעצויגן און אָנ־געהויבן לאַכן איינער צום צווייטן. און אַלע בוימער האָבן זיך דערפילט יונג, ווי מ'וואָלט אַ נייע הויט זיי אָנגעטאָן.

און די צווייגן האָט דער וואַנדערער צונויפגעטראָגן אויף איין פּלאַץ אין מיטן וואַלד, זיך אויסגעפלאָכטן פון די צווייגן אַ הויז פון עטלעכע צימערן און איין צימער האָט ער זיך אויסגע־פלאָכטן אַ בעטל, אַ בענקל און אַ שאַפעלע. אין צווייטן צימער האָט ער זיך אויסגעוועבט אַ טיש מיט בענקלעך. טאָמער קומט אַמאָל אימי־צער צוגאַסט. און דאָס דריטע צימער האָט ער אויסגעשטעלט פאַר אַ סיד, — ווייל פון צווייגלעך קאָן מען דאָך אַלץ מאַכן, מען דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי.

אַט אַזוי פלעגט דער וואַנדערער אַלע טאָג און אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומ־דרייען אין וואַלד, צונויפקלייבן די פרוכטן, וואָס די בוימער האָבן צו אים אַראָפּגעוואָרפן און זיי ברענגען צו זיך אין הויז אַריין. ביינאַכט פלעגט ער ליגן אויף זיין בעטל, זיך צוהערן וואָס די בוימער שמועסן פאַרן שלאָף, נאָכפייפן ווי די פייגל זינגען — און חלום'ען שיינע חלומות.

— קומט, לאָמיר גיין צו גאַסט אין באַפרייטן וואַלד און העלפן חלום'ען שיינע חלומות !...

יהודים לעווענבערג



א קאָנצערט אין שול

# אַייזן(ע), ביסט אַ זון פון עמך (אַמכאַ)

פון שלמה דאַווידמאַן

איך בין אַ זון פון עמך,
איך שטאַם פון פראָסטן פאָלק ;
כ'וויל שלום צווישן די פעלקער,
אַ לעבן מיט אַ טאָלק.

עס קומט פון מיר עקיבא,
געלערנטער און העלד ;
ער האָט געקאָוועט שפּיזן,
אין קאַמף פאַר פרייער וועלט.

איך גיי צו דער עקדה,
אין מויל מיט הייליג וואָרט ;
כ'וויל פאַר יעדן שאַפן
אַ פריי און זיכער אָרט.

עמך, ווער אָן עקשן,
שטעל זיך איין פאַר וועלט :
זאָל יעדער זון, דער פראָסטער,
ווערן איצט אַ העלד !...

## אַ גוט ביכל פאַר עלטערע קינדער

שלוימע דאַווידמאַן איז איינער פֿון דער קליינער צאָל אידישע שרייבער, וועלכער שרייבט פאַר קינדער וועגן דעם לעבן אין אמעריקע. אין מעשעך פֿון די לעצטע עטלעכע יאָר האָט ער ארויסגעגעבן עטלעכע דערציילונגען, מייסעס און קינדער־שפּילן אין פאָרם פֿון קליינע ביכלעך. זיי ווערן באַנוצט און געלייענט אין אונדזערע שולן. עטלעכע פֿון זיי זיינען אריין אין די טעקסט ביכער פֿון די שולן פֿון אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער אָרדן.

איצט האָט דאַווידמאַן ארויסגעגעבן אַ גרעסערע דערציילונג פֿון 64 זייטן — „קינדער פֿון ניו־יאָרק“. דאָס איז אַ דערציילונג פֿאַר עלטערע קינדער.

ליאָ, דער הויפּט־העלד פֿון דער דערציילונג האָט שוין צו דרייצן יאָר פֿאַרזוכט דעם טאַעם פֿון שווערער ארבעט, ווייל זיינע עלטערן זיינען אומגעקומען, ווי קאָרבאָנעס פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם: דער טאַטע — פֿון אַן אומגליק־פֿאַל באַ דער ארבעט; די מאַמע האָט געקראָגן אין שאַפּ די פּראָלעטאַרישע קראַנקהייט, טובערקולאָז.

די שפּראַך איז פּאָשעט, לייכט, פֿאַרשטענדלעך פֿאַרן קינד. מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אז „קינדער פֿון ניו־יאָרק“ איז אַ בייטראג צו דער אידישער קינדער־ליטעראטור, און עס דאַרף ברייט אויסגענוצט ווערן פֿון עלטערן און לערער.

**דוואוירע טאַראַנט**, „מ.פּ.“, אפּריל 13, 1936.



**דבורה טאַראַנט**

**באַוואוסטע לערערין און שרייבערין, מיטרעדאַקטאָרין פון „זאַמלונגען“, געשטאָרבן דעם 12טן אַפּריל, 1957.**



## צום נייעם שול־יאָר

עס איז שוין דער זומער,
דער הייסער אַוועק.
עס זיינען געבליבן
נאָך עטלעכע טעג.

נעמט, כעוורע, גיכער
די ביכער אַרויס!
די העפטן, די בלייער,
דער זומער איז אוים.

געשפּילט זיך, געלאָפן,
געאַרבעט, גערוט.
איצט לאָמיר לערנען,
לערנען זיך גוט!

מלכה גאָטפריד / פעטאַלומאַ, קאַליפאָרניע

## שלאָף, מיין צאַרטע לערערין

געווידמעט דעם אָנדענק פון **דבורה טאַראַנט**

שלאָף, מיין צאַרטע לערערין,
אין שטילן שלאָף אויף אייביק...
האָסט געלערנט מיך צו זיין
געדולדיק, גוט, און גלויביק.

די זון וואַרעמט־אוים די ערד,
דער פרילינג איז דאָ ווידער.
שלאָף, מיין צאַרטע לערערין,
לעם קבר דיינעם כ׳נידער...

ס׳איז דיין קבר פריש און פייכט,
און אַלץ אַרום ז׳אין דרימל;
שלאָף, מיין צאַרטע לערערין,
אונטער פרייען הימל...

ווייכער ווינטעלע צעבלאָזט
דעם אַראָמאַט פון בלומען;

שלאָף, מיין צאַרטע לערערין,
דיין רו איז איצט געקומען...

ס׳קומען שוואַלבן דיר צו־גאַסט,
תמימותדיקע, שטילע;
שלאָף, מיין צאַרטע לערערין,
זיי זינגען דיר אַ תפילה...

אין דיין לעבן ביסט געגאַנגען
אויפן וועג פון שלום;
שלאָף, מיין צאַרטע לערערין,
אין שלאָף וואָס קומט אַן חלום...

ביסט ביים שרייב־טיש מער ניטאָ,
וועסט ניט קומען — ווידער...
בלייבט מיר פאַרזעצן דיין גאַנג,
דיין גייסט, אין מיינע לידער!

## שפּריכווערטער

ווערטער דאַרף מען וועגן און ניט ציילן.
לייען און באָרגן מאַכט גרויסע זאָרגן.
ווער ס׳האָט ליב צו נעמען, האָט פיינט צו געבן.
מיט אַ לעפל קען מען דעם יאָם ניט אויסשעפּן.
די שווערסטע אַרבעט איז ליידיק צו גיין.
אַ פּאַטש איז לייכטער צו באַקומען, איידער צו געבן.
איבערגעקומענע צאָרעס איז גוט צו דערציילן.
אַן עמעס מעג מען זאָגן אַפילע אויף אַן אייגענעם טאַטן.



מ. אַנטאָקאָלסקי — „אַ יידישער טיפּ״

(די סטאַטוע איז געווען באַגראָבן בעת דער נאַצי-אָקופּאַציע, און טראָגט נאָך אויף זיך סימנים פון דער ערד)




*"Planning Solomon's Temple," oil painting by Jack Levine. Whitney Museum of American Art, Herman Shulman Collection*



דוד סעלצער

## יידישע שול

אין בראָנזווילער צענטער איז פאַראַן אַזאַ צימער
מיט יידישע בילדער און קווערזיקע שטאָבן,
און ביי הילצערנע טישן און אויף לאַנגע בענק
זיצן יינגלעך און מיידלעך און שרייבן.

און אַ לערער אַ יונגער מיט קרייטל אין האַנט
שרייבט יידיש און ענגליש צוזאַמען,
און רעדט אַזוי קלאָר און פּראַכטפול דערציילט
די זעלביקע מעשיות געהערט פון דער מאַמען.

און ווען איזין און עלין פירט די מאַמע אַריין
גייט דער לערער זיי פריילעך אַנטקעגן:
— זעצט אייך, קינדער, אָט דאָ ביי דעם טיש,
איך דערצייל איצט אַ מעשהלע וועגן —

דעם פּאַרצייטיקן העלד יהודה המכבי,
וואָס געפירט האָט די יידן אין שלאַכטן,
נאָכדעם ווי זיי האָבן אין צאָרן דערוואַכט
אויפן רוף פון מתתיהו, זיין טאַטן.

און עלי פאַרמאַכט, פאַרחלומט די אויגן
און דערזעט זיך אַליין אין שווערדיקן פעכטן,
הערט זיין מוטיקן טאַטן וואָס רופט אַלע יידן,
צו דערשלאָגן דעם שונא, דעם שלעכטן.

**פּאַפּאַ**



פּאַפּאַ



## געוועזן פאַרנומען אין דער היים

לערער: — פאַרוואָס ביסטו היינט גע־קומען שפּעט אין שול?

לעמעך: — איך בין געוועזן פאַרנומען אין דער היים. דער טאַטע האָט מיך באַ־דאַרפט.

לערער: — דיין טאַטע האָט דאָס ניט גע־קענט אויספירן דורך אַן אַנדערן?

לעמעך: — ניין, ער האָט מיך געשמיסן.

## ער העלפט

— קום, בערל, לאָמיר שפּילן אין באַל.

— כ׳קען ניט. איך בין פאַרנומען. איך דאַרף העלפן דעם טאַטן מאַכן מיי־נע לעקציעס.

דער נאָפּף

דאָס מעסער

דער לעפל

דער טעלער

דער טאָפּ

די שיסל

די פּאַן

פּאַפּע, נעם ...

פּאַפּאַ! נעם די פּוטער,
שמיר מיר אָן דאָס ברויט;
אַז דער האָן וועל עסן,
קריגט ער אויבן פּלויט...
וועל איך אויך באַלד קריגן
פֿון דער רויטער האָן;
פּאַפּאַ, שנעלער, גיכער
שמיר דאָס ברויט מיר אָן!
גערן, אַ פּענדזל האָב איך
דאָ אַ, און מיין האַנט;
כ׳וועל אַרויס און דרויסן
מאָלן אויף דער וואַנט!...

ליד פֿון נחום ווייסמאַן.

צייכענונג
פֿון
מאָריס פּאַס

# צו שמואל קאַרן: 50 יאָר לערער

## פון בערל האַלפּערן

נעמט אַ מענטש און רופט זיך מיט אַ נאָמען קאַרן,
און פאַרזייט פון וויסן אַ פעלד מיט קערנער —
מיט שווערער מי, דורך לאַנגע יאָרן
שפּראָצט אויף אַ דור פון יונגע לערנער.

יאָרן גייען מיט הייסן אָטעם און מיט האַסט,
זיין קאָפּ שוין ווייס, די יונגע — מיט משופּרינגעס.
ער ברענגט די שפּראַך, די קלאַסיקער צוגאַסט,
די געשיכטע פון זיין פאָלק, פון קלאַסן און מדינות.

דער לערער און די שילער — אַ נאָענטער פאַרבאַנד,
ער לערנט זיי, אויך ער פון זיי געווינט.

עס ווערן מיינונגען געטוישט און אויפגעקלערט,
און שאַפן אַ לאַנג־ירושה׳דיגן ווערט!

— — — — — — — — — — — — — —

נאָך פיל יאָרן פון לערנען, ברייט און טיף
געזונט און פריידן מיט אייער ליבלעכער יודיף!






## פיי(פ),מאכסט אונז פריילעך פורים

פון שלמה דאווידמאן

פיי,דו ביסט דאך וועלט-בארימט,ביסט דא אין אלע ספרים;
און ס'איז אן עיקר,מען מעג דאך ווערן שיכור;
מען מעג דאך פריילעך זיין אין דעם יום-טוב פורים.

"המן האט געוואלט די אידן אומברייינגען,האט מען אים געטאן אויפהייינגען;
המן איז געווען א רשע-נאר,-" מיטן קאפ האט ער באצאלט דערפאר !...

היטלער האט געוואלט די אידן אומברייינגען און באהערשן די וועלט;
ער האט ניט געוואלט,אז מ'זאל אים אומברייינגען,האט ער זיך אליין פארברענט!...

עס דערמאנט דער יום-טוב פורים,אז צו המנס'ס ,היטלערס קומט א סוף;
ס'האבן אידן אלטע ספרים,ס'האבן פעלקער פיל געשיכטעס:
אז ב ל ו י ז דאס פאלק איז דער ריכטער,ער ברייינגט גערעכטיגקייט סוף-כל-סוף!...

+++ +++ +++

## פיי (פ),ברייינגסט דעם יום-טוב פסח

פסח,דער יום-טוב פון באפרייאונג,פסח,דער יום-טוב פון באנייאונג.

פון דור צו דור,פון אלטע צייטן,וויל דאס פאלק ניט פארגעסן;ניט פארבייטן:
" עבדים היינו בפרעה דמיצרים",קנעכט זיינען מיר געווען ביי פרעה'ן אין מצרים.
משה רבינו,דער לערער און פירער,האט די אידן פון קנעכטשאפט באפרייט,
מיט די עטישע צען געבאטן,פון שקלאפן,א קולטור-פאלק באנייט !...

ניט-נאר אידן האט ער געגעבן מוט:פעלקער ,אונטער קנעכטישער רוט,
האבן דורות געליטן ,געשקלאפט,ס'האט נעגער געזונגען דאס ליד מיט בלוט:

"גא דאון ,מאזעס,ווער דאון אין אידזשעפט לענד
ענד טעל פאראָ : לעט מאי פיפל גא !..."

פיי,מאך דעם יום-טוב פסח,א פרייהייט יום - טוב פאר
פעלקער פון דער וועלט !...שוין צייט ,אז מענטשן זאלן לעבן ווי ברידער,
זאל שוין שלום שיינען איבער אלע, " מאך אן אקער פון דער שווערד !..."

**פסח**
(פייסאך)

**סדר**
(סיידער)



# אַ פיש

## פֿײגעל, פֿײגעלע... פֿון נחום וויסמאַן

פֿײגעלע, פֿײגעלע, פֿליגעלע, גרין; שפּרינג ניט אין שטײגל אַהער און אַהין...
פֿליגעלע געלע, פֿעדערלעך בלוי; לערנט מיך אויך פֿײַפֿן, פֿײַפֿן אַזוי!
פֿײגעלע, פֿײגעלע — ערשטער מײַ — ווילסטו, ווילסטו אויך זײַן פֿרײַ?...

## אין הויף

אין הויף לויפֿן קינדער אַראָפּ און אַרויף;
זיי גראָבן אַ גאָרטן אין מיטן דעם הויף...
זיי פֿלאַנצן דאָרט גרינסן, זיי פֿלאַנצן אַ בלום;
פֿרײלעכע קינדער דאָרט טומלען אַרום...
קיין ליאַלקע ניט שלאָפֿן. מע טומלט אין הויף;
ליאַלקעלע, בעסער שטיי שוין אויף!...

שפּריכוואָרט:

> מאָרגן, מאָרגן, נאָר ניט הײַנט —
> זאָגן אַלע פֿוילע לײַט.

# פּעי, (פּ־ף) זינג פון פרייד און פרידן

פון שלמה דאַווידמאַן

פּעי, זינג אַ ליד פון פרייד און פרידן!...
פּעי, דו ברענגסט אונז דעם פרילינג,
זאָל לעבן זיין פול מיט פיל פרייד, —
ווי די בלומען זאָל בליען פרידן,
זאָל שלום זיין אין אונזער צייט.

יעדער ארבעטער זאָל מיען זיך אין שטאָט,
יעדער פויער זאָל ארבעטן אין פעלד;
זאָל יעדער אויסזינגען דאָס פרייע ליד,
זאָל יעדער איינער זיין אַ העלד.

פּעי, ווי אַ פויגל אין דעם וואַלד,
זינגט אויס פריי דאָס פרילינג־ליד,
ווערן מיר קיינמאָל ניט מיד —
אויסצושפּינען אונזער חלום:

באַלד, אָט באַלד, ס׳איז שוין ניט ווייט,
קומען וועט, אין אונזער צייט,
און ווי דער פויגל אין דעם וואַלד,
זינגען וועלן מיר אונזער ליד:
סוף־כל־סוף, געקומען איז דער שלום!...

פּעי, זינג אַ ליד פון פרייד און פרידן!...

ער רירט זיך ווי אַ בלייענער פויגל.



הערי גאָטליב — „די בלומען־פאַרקויפערין“



Gropper

# דאָס וואָרט איז הייליג

פון שמואל האַלקין

שורה׳לעך באַזונדערע זאָלסט שרייבן —
מענטשן זאָל זיין גרינג פאַנאַנדערקלייבן.

אותיות געפּערלטע זאָלסט שטעלן —
יונג און אַלט זאָל לייענען און קוועלן.

יעדעס וואָרט זאָל האָבן פעסט זיין באָדן,
יעדער אות זאָל פריי אין לופט זיך באָדן.

ניט צעשפּרייט און ניט פאַרדרייט — דער זינען,
זאָל דער זינען נאָר צום גוטסטן דינען.

נחת זאָלסט דערמיט פאַרשאַפן מענטשן,
מענטשן זאָלן לייענען דיך, בענטשן...

אָט אַזוי פלעג מיר דער טאַטע טענה׳ן.
נו, און קוקן דו! זיך אויסצופּיינען,

צו פאַרדינען אין דער באַק אַ קניפּ,
צי אַ פיינעם דריידעלע צוליב,

טוסטו ווערטער וויכטיגע פאַרקניפּלען,
מוזטו ערטער ליכטיגע פאַרקריפּלען.

ווער האָט דיר געגעבן רעכט דערויף?
דיינע דריידלעך, נו, קאָרשט, פלאָנטער אויף!

אָט אַזוי ער האָט מיר אָפט דערמאָנט,
ניט דערמאָנט, נאָר דרינגענדיג געמאָנט.

איבער מיר געשטאַנען און געקוקט:
אות מיט אות — צי אין דער מאָס צערוקט?

צי ווי פריינט צעשטעלט זיי, צי צעקריגט
און ווי גראָז אין שטורעם זיי צעוויגט?

צי דער זין פון וואָרט — ניט קיין פאַרדרייטער?
צי אַ שורה מאַכט ניט ענג דער צווייטער?

און אַמאָל געוואָרנט: ס׳וואָרט איז הייליג,
יעדער זילב — פון הייליגקייט אַ חלק.

ניט אומזיסט פאַרמאָגסטו אַזאַ האַנט,

ניט אומזיסט אין האַנט האָסט אַ טאַלאַנט.
אַ געשאַנק איז דיר אַזאַ געגעבן —
מענטשן צו פאַרגרינגערן דאָס לעבן.

זעסט, זיי זיינען דאָך אין זאָרג פאַרטיפט —
מאַך זיי כאָטש ניט שווערער מיט דיין שריפט.



# ציגעלע - ציג

...פֿון נחום װײַסמאַן.

ציג - ציגעלע - ציג שפּרינג און הויך אַרוף;
צופּט פֿון דאַך דעם שטרוי, און צעטרעט די בלום...
ציג - ציגעלע - ציג, רוט ניט אויף אַן אָרט;
ערשט געשטאַנען דאָ און אָט איז זי דאָרט...
שפּרינגט אויף דאַך אַרויף און שפּרינגט באַלד אַראָפּ;
ציג - ציגעלע - ציג טראָגט הערנער אויפֿן קאָפּ!

**די קאַץ און דאָס קעצל**

**װײַס איז דאָס קעצל,**
**שוואַרץ איז די קאַץ.**
**קעצעלע, קעצעלע,**
**זיץ אויף אַ פּלאַץ.**



## שוואַרץ און װײַס...

שוואַרץ איז ניט װײַס, און קורץ איז ניט לאַנג;
אויף פֿעלדער, אין זומער וואַקסט ווייץ, אויף אַ זאַנג...
די קאַץ איז אַ פֿלינקע, דער קאָטער איז פֿויל;
דער וואָס ער פֿוילט זיך, האָט ניט אין מויל...
שוואַרץ זײַנען קוילן און װײַס דאָס פּאַפּיר;
הײַ, קאָטער, דו פֿוילער, גיב זיך אַ ריר!...

עטל און דאָס קעצל



# ר ריר נישט אָן... ר

נ. ווײַסמאַן

ריר נישט אָן די בלומען, רײַס זיי נאָר נישט אויס;
לאָז זיי וואַקסן, וואַקסן ביזן פענצטער-גרויס.
בלומען זײַנען קינדער, בלומען זײַנען צאַרט;
קומט דער פראָסט און ווינטער, ווערן זיי פאַרדאַרט...
רויזן זײַנען רויטע, גלעקלעך, זײַנען בלוי;
קינדער, מײַנע ליבע, בליט איר אויך אַזוי!



שער פאפיר



## רייש ( ר ), האָב אויף אונז רחמנות !...

פון שלמה דאווידמאן

רייש, ביסט ביי אונז דער רבי, עס קלינגט מיט דיר די וועלט :
רב רש"י, דער רמב"ם, רופא און רבי; רב עקיבא , דער גרויסער העלד.

דו ביסט דאך פול מיט רוחניות, עס רוט אויף דיר דער רוח - הקודש ;
הייבסט אן דעם לוח מיט ראש - השנה, קומסט טאקע אן יעדן ראש -חודש.

מע קאן צושטעלן גאר א לאנגע רשימה מיט גוטע טאטן, וואס אין דיין רשות;
האסט אויך אבער א צעטל מיט פגימות, וואס ברייגנען דיר זייער א שלעכטן גרוס.

קומט טאקע צו אונז אן אלטער רעיון פון בראשית, פון דעם וועלט- באשאף;
" האסט געטויט דיין ברודער, קין !"... אויף אייביג ווערסט פארשאָלטן, ווי א שקלאף!...

פון דעמאלט אן הערשט אויף וועלט רוצח, עס גייט ארום דער רשע מיט זיין רוט;
עס שיפעט פון זיין מויל א שנאה-ריח, ער צאפט פון שוואכן ברודער אויס דאס בלוט.

צוליב קנאה, שנאה און רכילות, פירט א הערשער פאלק אין שלאכט;
רייסערייען, בלוטיגע מלחמות, האט א בייזער מושל אויסגעטראכט.

האב רחמנות, אונזער ליבער רייש, ברייגג שוין עפעס א רפואה;
זאל מען פטור ווערן פון רשעת; זאל פשוט פאלק שוין האבן הנאה
פון אונזער גרויסער ערד !...שוין צייט! ווארף אוועק די שווערד!...




# שערעלע שער...

פון נחום וויספאַן.

שערעלע — שער, שער — שער — שער;
שער אויס מיר אַ הערצעלע, מיט אַ קורץ נעזעלע...
שערעלע — שער, שער — שער — שער;
שער אויס מיר אַ פֿייגעלע, מיט אַ בלוי אייגעלע...
שערעלע — שער, שער — שער — שער;
שערעלע אויס מיר אַ טעקעלע, מיט אַ רויט בעקעלע...



**א שער** **פאפיר** **שער פאפיר**



## טש — טשערעפּאַכע — פּוכע

טשערעפּאַכע — טשערעפּ, מיט איר גרינעם קעסטל,
גייט אַרום שפּאַצירן — פֿיס און הענט אין וועסטל...
שפּאַנט צו שטיל, פּאַמעלעך, האָט ניט וואו צו לויפֿן;
פֿאַר די גרויע האָזן וועט זי ניט אַנטלויפֿן...
טשערעפּאַכע — פּוכע (שטיבעלע פֿון האָרן!)
האָסטו געקרינט אוירנאַ, מ׳וועט דיך איבערפֿאָרן?...

פון ערד און פון וואסער און זון.





זש זש

# די זשאַבע



זשאַבע, זשאַבע,
קוואַ-קוואַ-קוואַ,
גיב דו נאַר
אַ שפּרונג אַזאַ!

זשאַבע, זשאַבע פֿון נחום ווײַסמאַן.

זשאַבע, זשאַבע – קוואַ-קוואַ-קוואַ; גיב איך נאָך אַ שפּרונג אַזאַ,
אַ שפּרונג אַהער, אַ שפּרונג אַהין,
ווײַל פֿעלד איז גרויס און פֿעלד איז גרין...
אַ שפּרונג אין טײַך, אַ שפּרונג אַרויס,
און בלאָז זיך אָן אַזוי ווי גרויס...

## דער אָקס און די זשאַבע



אַמאָל איז געווען אַ זשאַבע, אַ קלײנע גרינע זשאַבע. זי האָט געלעבט לעבן אַ טײַך און זי האָט געמאַכט:

„קוואַ-קוואַ-קוואַ".

אײן מאָל זעט די זשאַבע אַן אָקס. דער אָקס איז אַזוי גרויס און די זשאַבע איז אַזוי קלײן.

זאָגט די זשאַבע: „אָקס, אָקס, איך וועל אויך ווערן אַזוי גרויס ווי דו!"

ענטפֿערט דער אָקס: „ווי קענסטו ווערן אַזוי גרויס ווי איך?"

נעמט די זשאַבע און בלאָזט זיך און בלאָזט זיך. זי האָט אַזוי לאַנג זיך געבלאָזן, ביז זי האָט געפּלאַצט!

איז די זשאַבע געווען אַ קלו-
גע אָדער אַ נאַרישע?

## שין ( ש ),זינג נאר אין שיר - השירים !...

### פון שלמה דאווידמאן

" שא,שטיל, מאכט ניט קיין גערודער,דער רבי גייט שוין זינגען ווידער;
שא,שטיל,מאכט ניט קיין געוואלד,דער רבי וועט שוין זינגען באלד.

און אז דער רבי זינגט, זינגען אלע מיט;
ווי שיר-השירים קלינגט, א ליבע , שלום ליד ! "

פארגעס זיך אין די שחיטות, וואס קומען אויף דעם פאלק;
פון דורות און פון שמישות,- באשיץ זיך מיט געזאנג.

עס הערשט אויף וועלט דער שקר,וואס רייט אויף ארעמאן ;
עס העלפט ארויס דער שיכור, עס בייטשט דער כוליגאן... ...

שיינער שין,זינג - זשע נאר אין שיר -השירים,פון ליבע אויף דער וועלט ;
א מכה די גבירים! כאטש זיי האבן געלט,-אבער דאס געזאנג זיי פעלט !. .




אילוסטראציע צו דער דערציילונג „שיר־השירים“

### סין ( שׂ ), קום צו אונז אויף שׂמחות !...

פון שלמה דאווידמאן

אז מען לעבט מיט שׂכל ,ווערט דאס לעבט גרינג;
קאנסט דאך פיל דערגרייכן, ווען א לידל זינגסט.

נוץ-זשע אויס דעם שׂכל,אין דיין לעבנס-גאנג;
ווייז דער וועלט א שמייכל,באגלייט עס מיט געזאנג.

טראג ניט אום קיין שׂנאה צו דיין ברודער ,פריינט;
אויב די פילסט א קנאה,ווייז עס בלויז צו פיינט.

זע,פארהיט א שׂרפה,וואו דו זאלסט ניט זיין;
פונקט ווי א מגפה,קאן אין שטוב אריין.

קום-זשע בלויז אויף שׂמחות,זיי אונז משׂמח;
זאל דער טעם פון יום - טוב ,פון טיש זיך טראגן ריח.



די קאפעליע

פון משפ׳ קיש

תל־אביב ת    ת פאַריתומטער

תמיד זאָלסטו פֿאָלגן...
תמיד זאָלסטו הערן טאַטע־מאַמעס ווערט:
אַלע דיינע זאַכן לייגן אויף אַן אָרט...
זיין אַ גוטער שילער, לערנען גוט און פֿיין:
און אַ גוטער חבר צו די קינדער זיין!
תיכף זאָלסטו פֿאָלגן, אַ גוטער תלמיד זיין:
תורה זאָלסטו לערנען, גוט און שיין און פֿיין!...



דער רבי און דער תלמיד.    טרעמבאַטש.

## גאָר און גאָרניט, פון משה שיפריס

אמאָל איז געווען א ייד,
האָט ער געהייסן יעקל בן פלעקל.
האט ער געמאכט א לעבן
פון דרייען מיטן שטעקל.
האָט ער געהאט צוויי זין:
גארניט און גאָר.
האבן זיך ביידע געהאלטן
אויף אן איבערגעברענטער האָר.

האָט גאָר געמאכט א לעבן
פון דרייען מיטן שטעקל,
אזוי ווי זיין טאטע
יעקל בן פלעקל.
און גאָרניט האט געארבעט
געפראצעוועט זייער שווער
פון פרימאָרגן ביז ביינאכט
אָן א טראכט, אָן א קלער.

גאָר מיטן שטעקל האָט געדרייט
א גאנצע וואָך
און פארדינט האָט גאָר דעם בייגל
און גאָרניט דאָס לאָך.

ט (טאף ),זיי א גוטער תלמיד !

פון שלמה דאווידמאן

ס'איז א גרויסער תענוג,צו לערנען זיך א שפראך;
מע ווערט אמאל א מנהיג,מע פארשטייט א סך.

מע ווערט אמאל א תנא, גוט צו זיין א לערנער;
ניט שיין צו זיין א תם,לעבן ווערט דאך שווערער.

ס'איז ניט קיין גרויסע תוה,אוודאי ניט קיין חטא;
האט נאר ניט קיין מורא,ס'איז קיינמאל ניט צו שפעט.

געווען אמאל א פאסטוך,געפאשעט האט די שאף;
פאר'עקשנ'ט זיך געלערנט,געווארן איז א רב.

בארימטער רב עקיבא,געלערנטער און העלד;
געקעמפט האט קעגן שונא,מיט תורה און מיט שווערד!...

זיי א גוטער תלמיד,לערן זיך די שפראך;
ס'וועט דיין ארעם לעבן,ווערן זייער רייך!...

+++ +++ +++

ת ( סאף ),דער סוף פון אלף - בית

יעדער אות פון אלף-בית,האט פאר אונז א מיין;
אפשר בין איך ,ווי א חתן,פארליבט אין אידיש-חן;
איך געפין אין אות מתיקות,איך קאן מיין פאלק פארשטיין.

אויף אייביג איז דער ת אין אמת; אין די עשרת - הדברות,
מעג ווי לאנג נאך זיין דער גלות,-מיר שטאמען פון די עברים.
מיר האבן קריוודעס צו פיל עבדות,- עס לעבט אין פאלק דער ברית.

דער לא תגנוב און לא תרצח,שפילן אלץ א ראליע;
מיר זוכן שטענדיג א מין תכלית אין אונזער בידנער דאליע.....
פייניגט מען די אלף-בית'ן,קומען זיי אויף ,ווי תחית-המתים!...

די שענסטע ראל: זיי א מתמיד,און האב פון לעבן נחת;
און דערפיל אין ווארט און ליד,דיין קולטור,ווי רייך איז,-
און ווער ניט מיד צו זיין א איד,די שונאים אויף צו להכעיס !...

# א געזאנג צו אידיש !...

# צו אייך פּערזענלעך, אייערע פריינט און אָרגאַניזאַציעס

טייערע פריינט!

לייענער, פריינט און קאָלעגן פון פּראָגרעסיוון אידישן שרייבער

# שלמה דאַווידמאַן

העלפן אַרויסגעבן:

1. „מיט אידיש קאָן מען אויספאָרן אַ וועלט!..."
(אַ נייער מין אַלף־בית אויף עטלעכע שפּראַכן. פאַר עטלעכע דורות. צו לייענען און לערנען אידיש. אַ געזאַנג צו אידיש.)

2. „איך שריי צו דיר פון דער געטאָ!..."
(געקליבענע נאָוועלן)

צו זיין 75־סטן געבוירנטאָג און 50 יאָר געזעלשאַפטלעכע טעטיגקייט.

וואָלט איר, אייערע פריינט, אייערע אָרגאַניזאַציעס זיך וועלן באַטייליגן? —

ביז איצט האָבן צוגעזאָגט זייער באַטייליקונג:

אָסקאַר מאַנטעל, פאָרזיצער, וועסט־ברוקלין קלובן
מיטגלידער פון וואָרשעווער קינגס־הייוועי קולטור־קלוב:
מאָריס און פעני לעף, פרעזידענט; באָריס און ריזשע איזראַעליט, וויצע־פרעזידענט; פעני און גרשון מענדעלאָוויטש, סעקרעטאַר און ליטעראַט. אַברהם און עלקע איזראַעליט; מאַקס און ענאַ פאָרנעס; אסתר רעמעניק.
קאָרל און ראָזע וואַסערמאַן, לערער, קולטור־טוער
טשאַרלס סטיין, טרייד־יוניאָניסט, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר נאַציאָנאַלע פאַרוואַלטונג „מ. פ."
רחל לייזעראָוויטש, אַרבקאָרין, איקוף־טוערין
סעם הייבער, מיטאַרבעטער „מ. פ.", טרייד־יוניאָן, ראַדיאָ, טעלעוויזיע.
שמואל קאָרן, דירעקטאָר פון דער מיטלשול
פערל פלאַטקין, אָפיס „מאָרגן־פרייהייט"
שיינדל געווירצמאַן, זשורנאַליסטין, מיטאַרבעטערין „מ. פ."
שרה און ג. הייקין, אָפיס־אַרבעטער „מ. פ."
א. לייב, לערער און קולטור־טוער
מ. פאָטאַש, קלובן־טוער, באָראָ־פּאַרק, בראַיטאָן־ביטש
טוביה לעווין, לערער, שרייבער, קולטור־טוער
ז. אימאַניטאָוו, לערער, פאָרזיצער שיקאַגאָ־קלובן
סעם פעוזנער, פירער פון די קלובן, רעדאַקציע „דזשואיש־קאָרענטס"
י. פינקלשטיין, טוער אין די קלובן, בריסקער
גיטל קאָהן־דאַווידמאַן, שוועסטער פון מחבר
בעלאַ און אָסקאַר לאַנדיס, איקוף־טוער
סיד רעזניק, זשורנאַליסט־איבערזעצער „מ. פ." ענגלישע סעקציע
יעקב פיש, אַרבקאָר „מ. פ.", כאָרן־טוער

נאך פריינט געזאמלט פון מארטין דוכאן:
נייטן פיפארעב. אייב פאסמאן.
דזשארדזש און עסטעל זאק.
זיגמונד מ.פילווער.
בארבארא געיל, ארטיפסין.

---

משה שיפריס, דיכטער.
יאנקל פרידמאן, פאלקס – זינגער.
פרידע ראזנבלאט. בען אש.
בערנארד כאזאנאוו. דינה לעטווין.
גיטל בארנשטיין. אירווינג קעל.
מאריס פיטרין. פאול האבעוויץ.
סעמועל קיימען,מאלער. מאריס עפשטיין.
איזי און חבר'טע קופערשטיין.
אידיט פיגל,דיכטערין ,טענצערין.

אהרן שלאסבערג. אלבערט סטערנבאך , מייקל קראוויץ.

אַלע קומענדיקע נעמען וועלן אַריין אין בריוו און ביכער. מיר לאַדן אייך איין זיך צו באַטייליגן:

ספּאָנסאָר פון 10 דאָלער און העכער • סובסקרייבער — פון 5 דאָלער און העכער

באַגריסער — פון 1 דאָלער און העכער.

מיר דערוואַרטן אייער ענטפער. אייער, מיט בעסטע גרוסן,

שלמה דאַווידמאַן

שיקט צו: **S. DAVIDMAN, 3110 Brighton 3rd St., Brooklyn, N. Y. 11235**

# פון בוך: „פון דור צו דור".



## שלמה דאַווידמאַן

(געב. 1900)

שלמה דאַווידמאַן האָט אַ היפּש ביסל פאַרדינסטן אַלס פּראָדוקטיווער, אַרבעטזאַמער שרייבער פאַרן פאָלק, אַלס שול־לערער אין משך פון העכער אַ פּאָר צענדליק יאָר, אַלס טרעגער, בויער און פאַרשפּרייטער פון אונדזער ייִדישער פּראָגרעסיווער קולטור, אַלס געטרייער געזעלשאַפטלעכער טוער. ער איז אַ שרייבער און אַ טוער.

יאָ, איך געדענק אים נאָך פון דער „אַלטער היים", פון זיין געבורטשטאָט, וואָס ער האָט אַזוי וואַרעם און ענטוזיאַסטיש באַשריבן אין פיל פון זיינע דערציילונגען און מעשיות. איז ער דאָך כמעט אַ בן־עיר מיינער (מאָגילאָוו איז אַרום 20 וויאָרסט פון מיין געבורט־שטעטל יאַרוגע). אין זיין מאָגיליאָוו האָב איך שטודירט. דאָרט האָב איך זיך מיט פיל יאָרן צוריק באַקענט מיטן יונגינקן, רויטקעפּיקן, ברייט־פּלייציקן, מאַסיוון, ערנסטן, עטוואָס־פאַרחלומטן שלמהן, וועמען נאָענטע פריינט האָבן גערופן „ליאָמע". מען האָט אים אויך גערופן „שלמה דעם דיינ׳ס" — דער טאַטע זיינער איז געווען אַ דיין, אַ קבצן, און האָט געהאַט אַ בוכהאַנדלונג. פון צייט צו צייט האָב איך דאָרט געקויפט אַ פּאָר ביכער.

און „די רעדער דרייען זיך און די יאָרן גייען זיך". און ווידער האָב איך געטראָפן דעם אַקטיוון, מיזאַמען, ברויזנדיקן שלמה דאַווידמאַן — דאָס מאָל שוין אויפן אַמעריקאַנער באָדן, טאַקע אין זיין היים ערגעץ אויף וואַיז עוועניו, בראָנקס, ביי אַ מיטינג פון אַ „גרופּע פון ייִדישע אַרבעטער־שרייבער". ביי יענע מיטינגען איז געבוירן געוואָרן דער פּראָלעטאַריש־ליטעראַרישער זשורנאַל „יונג קוזניע".

זינט דאַן האָט דאַווידמאַן ברייט פאַנאַנדערגעוויקלט זיין שרייבעריש־לערעריש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. זייט דאַן האָבן זיך אָפּט באַוויזן זיינע דערציילונגען אין דער „מאָרגן־פרייהייט" און אין אונדזערע פּעריאָדישע צייטשריפטן, און עס זיינען דערשינען אין בוך־פאָרם (אין אַ באַדייטנדיקער צאָל ביכער און ביכלעך) זיינע פיל מעשיות, דערציילונגען, סקיצן, שפּילן, אויך מעמואַרן, ראָמאַנען און אויטאָביאָגראַפישע ווערק.

זיין פען איז פליסיק. זיין טעמאַטיק שעפּט ער הויפּטזעכלעך פון זיין אייגענער לעבנס־דערפאַרונג אין דער „אַלטער" און אויך אין דער נייער, אַמערי־





קאַנער היים. אַ גרויס אָרט אין זיין ליטעראַרישן שאַפן פאַרנעמט דאָס קינדער־לעבן, דאָס שול־און לערער־לעבן. דאָ קומט אים שטאַרק צונוץ זיין רייכע, לאַנגיאָריקע לערער־דערפאַרונג; דאָ העלפט אים אַלס שרייבער זיין וואַרעמע ליבשאַפט, זיין פאַרשטענדעניש פאַרן קינדס וועלטל און נשמה, און אויך זיין צובונד צום עכטן פאָלקס־לערער, און אין אָט־די ווערק זיינע האָט דער שרייבער געשלאָסן אַ שידוך מיטן לערער, פּעדאַגאָג, קינדער־דערציער, און דער שידוך איז עולה־יפה געווען.

אַן אָנגעזעען אָרט אין דאַווידמאַנס שאַפונגען פאַרנעמט זיין היים־שטאָט, איר אָרעמשאַפט, אירע פאָלקס־מענטשן, טרוימער, קעמפער פאַר אַ בעסער לעבן. צווישן אָט־די ווערק זיינען: דער ראָמאַן „די פאַמיליע סטרונעס פון מאָגיליאָוו־פּאָדאָלסק", „קאָמאַנדיר שלמה פּאָדאָלסקי", „מאָגילאָוו־פּאָדאָלסק", א. אַנד.

פיינע מעשהלעך, „געשיכטעס", פון און פאַר קינדער, זיינען איינגעשלאָסן אין דאַווידמאַנס בוך „יידישע קינדער אין ביראָבידזשאַן" (פון זיין „סאָבוועצי־ביבליאָטעק: געשיכטעס פאַר גרויס און קלייך"): דאָ איז פאַרוועבט טאָג־טעגלעכקייט, וואָכעדיקייט פון קינדער־לעבן, מיט מעשהדיקייט, מיט העלדן־געשיכטע, מיט אַרבעטער־העראָאישקייט. אין איינעם פון אָט־די מעשהלעך קומט צום אויסדרוק דעם מחברס הויפּט־כוונה: „און יידישע קינדער דאַרפן וויסן די געשיכטע פון יידישן פאָלק, די געשיכטע פון די יידישע מאַסן פון אַלע צייטן און אין יעדן לאַנד" (זייט 16).

דאַווידמאַנס דערציערישע כוונה נעמט אויך דורך און נעמט־אַרום זיין בוך „אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן" (1952). דער טאַטע (אין דער ערשטער דערציילונג פון אָט־דעם בוך) דערקלערט זיין טאָכטער: „אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן: ווי אַזוי דו פאַרזייסט די שפּראַך, אַזוי וואַקסט זי אויס". און דער מחבר ציט אַ פאָדעם, אַ גאָלדענעם פאָדעם: צווישן „מאָטל פּייסי דעם חזנס" מיט אַן אַנדער מאָטל — „מאָטעלע גערמאַן, מיין יונגער לאַנדסמאַן פון מאָגליאָוו־פּאָדאָלסק, וואָס האָט געראַטעוועט צוויי טויזנט יידן פון די געטאָס".

די נאַצי־מערדערייען קעגן יידן, ווי אויך דער העלדישער אַנטי־נאַצי ווידערשטאַנד און קאַמף ווערט אָפּגעשפּיגלט אין אַ היפּשער צאָל פון דאַווידמאַנס מעשהלעך און בילדער („אַ קאָפּ פון יידן", א. אַנד.).

שלמה דאַווידמאַנס ערשטע בעלעטריסטישע ווערק זיינען: „ערשטע טריט", „ווען הערצער ברענען"; „געקניפּטע ריטלעך" (בוך אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט מאַקס פּערלאָוו).

אין 1918 איז אין יאַמפּאָל, פּאָדאָליע, אין דער דרוקעריי „טרוד" דערשינען דאַווידמאַנס סאַמע ערשט ווערק — אַ קליינע לידער־זאַמלונג פון 16 זייטן: „בענקעניש".

(דאָנערשטיק, דעצעמבער 12, 1957)



שלמה דאווידמאן

## אויטאביאגראפישע נאטיצן

( געשריבן אין פארשידענע צייטן )

### א שטעלע אין א עופות - געשעפט.

אין א מאנטאג אינדערפרי ,אין 1921 , האב איך זיך ארייננגעשטעלט אין קליינמאנס הינער - געשעפט . די קראם האט זיך געפונען אין א געסל פול מיט עופות - געשעפטן. די טראטוארן און דער מיטן - גאס זיינען געווען פארפלייצט מיט פעדערן און בלוט -סימנים. אין דרויסן זיינען שוין געשטאנען גרויסע שטייגן מיט הינער , הענער, גענדז און קאטשקעס. א מאדנער גרילצנדיגער כאר האט פארהילכט דאס געסל.

מיר האט זיך אויסגעדאכט , אז די עופות ווייסן, אז זיי גייען צו דער שחיטה,- און דערפאר זייער געשריי, זייער גרילצעריי , זייער יאמער.

און אזוי -ווי איך האב זיך ארייננגעשטעלט אין קליינמאנס געשעפט, האט ער מיר דערלאנגט א פארטוך און אנגעהויבן קאמאנדעווען :

- שלמה , ווארף ארויף די שטייג אויף דער וואג !

- שלמה , העלף צוטראגן דעם בוטשער (קצב ) די טשיקענס (הינער ) צום שוחט און העלף אים דארטן מיטן ארויפוואפן אויפן טראקל( אויטא - וואגן ) !

- שלמה , גיב א קער -צו די פעדערן !

- שלמה ... ...

דאס איז אזוי אנגעגאנגען פינף טעג א וואך.

איך בין זייער פיין פארלייזיגט געווארן. יעדן טאג האב איך זיך געדארפט וואשן אין זיבן וואסערן ...

אזוי , אין פריוואטן לעבן, איז מיין קרוב קליינמאן געווען א פיינער מאן. ער פלעגט אויפשטעלן פארטאג , צוגרייטן פרישטיק פאר זיך און פאר מיר : א פאר גוטע שטיקלעך הערינג, אייער , קאווע און שטריצעלעך (ראלס). מיר זיינען ביידע צוזאמען געגאנגען צו דער ארבעט. מיר האבן זיך געהאלטן זייער פריינטלעך.אלעס איז געווען גוט און פיין. נאר די ארבעט איז מיר ניט געווען צום הארצן.

+++ +++

איך האב באזוכט אן אוונט - שול צו דערלערנען אביסל די לאנד - שפראך . שווער געווען דאס שטיקעלע צייט . איך פלעג איינשלאפן אין מיטן דער לעקציע. דער ענגליש - לערער איז געווען א איד , א חכם , האט ער מיר פארגעשלאגן צו זיצן אין דער ערשטער ריי. און ווען איך האב אנגעהויבן פארמאכן די אויגן, איז ער דורכגעגאנגען, אומשולדיג , און מיך געגעבן א טארע , האב איך זיך אויפגעכאפט מיט א שמייכל און זיך געקראצט...

+++ +++ +++

אינמיטן האב איך געשריבן א פאר לידער, מעשה׳לעך און דערציי -
לונגען פאר דער " אידישער וועלט " ( א טעגלעכע צייטונג, וואס איז
דערשינען אין יענער צייט אין פילאדעלפיע )

עס דערמאנט זיך מיר ווי איך בין איינמאל געפארן אין א טראמוויי
געלייענט מיין אייגענע דערציילונג "העלפט מקבר זיין די מתים " און
געפירט א זאק מיט הינער צו א קצב ...

+++ +++ +++

איז זיך פארלאפן אזא מעשה : איינער פון מיין קרוב ׳ס קונים, א
קצב, זייער א פיינער. האט טעלעפאנירט, אז ער איז אויף גרויסע צרות.
זיין געהילף, דער קצב - יונג, האט אים איבערגעלאזט. מיין קרוב האט
א קוק געטאן אויף מיר :

- ווארט א מינוט ! - האט ער געזאגט צום קונה אויפן טעלעפאן -
( און זיך געווענדט צו מיר ) שלמה, ווילסט גיין ארבעטן צום קצב ?-
אביסל קענסטו דאך שוין די מלאכה?!-

איך האב געגעבן א שמייכל און א קוועטש געטאן מיט דער פלייצע.
איך בין נאך ניט אינגאנצן גרייט געווען צו ענטפערן.

- הערט זיך איין (און ער האט ניט געווארט אויף מיין ענטפער
און ווידער גערעדט אויפן טעלעפאן צום קצב -קונה ) איר קענט דאך דעם
שלמה׳, וואס ארבעט ביי מיר ? - אויב איר וועט געבן פופצן דאלער א וואך
מיט עסן און דירה, שיק איך אייך גלייך מיט די הינער !...

+++ +++ +++

יענער האט זיך דערפרייט.
קורץ און אויף א פרידלעכן אופן האט זיך פארענדיגט מיין צווייטע
שטעלע.

מיין ערשטע שטעלע איז געווען ביי מיינעם א לאנדסמאן, זשידאווועצקי,
א קצב. איך האב געארבעט פאר 4 דאלער א וואך. מיין קרוב קליינמאן
האט מיר געצאלט 10 דאלער א וואך.

קליינמאן האט מורא געהאט, אז ער וועט מיך האלטן ביי זיך צו
לאנג, וועט ער מיך פארלירן אלס פריינט ...איך בין ערשט געקומען פון
א לאנד, וואס האט ערשט ארונטערגעווארפן די קייטן פון הערשער און
באלעבאטים, און דאס פייער איז אריין אין מיין בלוט, איז סוף -כל - סוף
וועל איך זיך מיט אים צעקריגן, האט ער פארכאפט אין צייט און מיר
געקראגן אן אנדער שטעלע ...

און דערפאר איז ער געבליבן מיט מיר פריינט אויף א לאנגער, לאנ -
גער צייט ...

+++ +++ +++

# מ י י ן   ש ר י י ב ע ר י ש ע ר   ו ו ע ג

עס איז געווען ,׳ ווי דערמאנט ,א אידישע צייטונג, א טעגלעכע , אין פילאדעלפיע, "די אידישע וועלט ",1921 , דער רעדאקטאר איז געווען דער שרייבער מ ש ה ק א ס ץ ( און אנארכיסט ?!... ניט צו פארמישן מיט אונזער חשוב'ן ברילאנטענעם זשורנאליסט -פעליעטאניסט מיטן הומאריסטיש -פאלקסטימלעכן פילאסאפישן שמייכל מ ש ה כ ץ ...) ער האט אפגעדרוקט מיינע א פאר לידער, קינדער - מעשה'לעך , א פאר סקיצן און א גרעסערע ארבעט "העלפט מקבר זיין די מתים ", אן ארבעט , אין נביאישן סאן, וועגן די פאגראמען אויף דער אוקראינע , אין 1919 ...

אין 1922 , דעם 2 -טן אפריל , האט אנגעהויבן דערשיינען די "פרייהייט" איצטיגע " מארגן- פרייהייט ". אין פילאדעלפיע איז פארגעקומען א גרויסער מיטינג ,דאכט זיך אויף פיין באס , מיט ש כ נ א ע פ ש ט י י ן ,יוסף בערסאן, מע האט געזאמלט געלט , לייענער און פריינט פאר דער "פרייהייט ". איך , דאס קצב -אינגל , בין דארטן געווען ...

איינמאל האב איך באמערקט , אז אויף א גרויסן ליידיגן פלאץ, וואו קינדער האבן זיך געשפילט, האט מען אויפגעבויט א פאבריק.איך האב וועגן דעם אנגעשריבן א דערציילונג אונטערן נאמען " דער ערשטער פייף ",פון דער פאבריק , און אוועקגעשיקט אין דער נייער ארבעטער -און-פאלקס-צייטונג די "פרייהייט ".

און אין עטלעכע טעג ארום האב איך בעקראגן א בריוועלע,געשריבן אין זייער א שיינער האנטשריפט :

" טייערער פריינט !

אייער דערציילונג " דער ערשטער פייף " איז אונז געפעלן. עס וועט זיין געדרוקט אין אונזער צייטונג.

שרייבט נאך און שיקט אונז צו.

מיט גרוסן,

אייער,

מ . אלגין ."

דעם 25 -טן און 26-טן אגוסט , 1922,איז געווען געדרוקט די דער - ציילונג .

+++ +++ +++

יארן לויפן.איך בין דערנאך געווארן א העמדער -פרעסער אין ניו-יארק אויף פינף יאר. יארן לויפן . איך בין דערנאך געווארן א לערער אין די פראגרעסיווע אידישע קינדער -שולן אויף צוואנציג יאר. איך בין געווען א לערער אין די שטעט : פאסייק,פעטערסאן, דעטראיט, פילאדעלפיע, שיקאגא. איך באזוכט א רייע אנדערע שטעט. פון אומעטום האב איך געשיקט קארעס -

פאנדענצן. ארטיקלען, איין -אקטערס, דערציילונגען און קורצע ראמאנען צו דער
"מארגן - פרייהייט " וועגן דעם לעבן פון די אידישע מאסן בפרט און בכלל
פון די אמעריקאנער ארבעטער - און - פאלקס מאסן. איך האב ארויסגעגעבן ביכ-
לעך און ביכער .

+++ +++ +++

אין 1924 האב איך ארגאניזירט ביי זיך אין הויז, 1131 וויינ עוו.
בראנקס, נ.י. דעם ערשטן " יונגן ארבעטער שרייבער פאראיין ". מע האט ארויס-
געגעבן דעם ערשטן פראלעטארישן זשורנאל " יונג- קוזניע " ,פינף נומערן.
שכנא עפשטיין האט שטארק בעלויבט " יונג -קוזניע ". קלמן מרמר האט געלייגט
פיל האפענונגען אויף די יונגע שרייבער.

ציטאטן פון בוך:

## „פראלעטפען" פון אלעקסאנדער פאמעראנץ

עטיודן און מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון דעם קאמף פאר פראלעטארישער ליטעראטור אין אמעריקע (פ. ש. א.)

געגרייט פאר: „אלוקראינישע וויסנשאפטלעכע אקאדעמיע, אינסטיטוט פאר ליטעראטור און קריטיק".

פארלאג פון דער אלוקראינישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע, קיעוו, 1935.

זייט 29: „אין אנהויב פון 1924 איז אין דער „פרייהייט" דערשינען א בריוול פון איינעם פון די דעמלטדיקע פראדוקטיוו-סטע מיטארבעטער פון דער צייטונג — שלוימע דאווידמאן. אין דעם בריוול האט ער גערופן אלע יונגע ארבעטער-שרייבער פון דער „פרייהייט" צו קומען אף א פארזאמלונג צו גרינדן אן ארגאניזאציע פון ארבעטער-שרייבער.

צו דער פארזאמלונג (אין הויז פון ש. דאווידמאן, 1131 וויינ עוועניו, בראנקס, ניו-יארק — ש.ד.) איז געקומען העכער דרייסיק מאן. דאווידמאן און נאך עטלעכע איניציאטערס פון דער פארזאמלונג האבן געפרואווט אנווייזן אף דער נייטיקייט פון אזא שרייבער-ארגאניזאציע צוליב אנטוויקלען קאלעקטיוו די שרייבערישע פייאיקייטן פון די ארבעטער-שרייבער. דאס איז דעמלט פארשטאנען געווארן בלויז אין פארמעלן זינען. וועגן אידעאלאגישער דערציאונג האט מען נאך ניט גערעדט. אבער שוין אף דער גרינדונג-פארזאמלונג פון שרייבער-פאריין איז אויסגעקומען צו פירן א קאמף פאר דעם פונקט אינעם פאריין-סטאטוס, אין וועלכן ס'ווערט געזאגט, אז א מיטגליד קען זיין נאר אזעלכער, וואס אנערקענט דעם קלאסן-קאמף".

זייט 32: „אין אווגוסט 1924 איז דערשינען דער ערש-טער נומער פון די ליטערארישע זאמלונגען „יונג-קוזניע", ארויסגעגעבן פון יונגן ארבעטער-שרייבער פאריין מיט (א) י. פאמעראנץ אלס רעדאקטאר און מיט די מיטגלידער פון רעדאקציע„ שלוימע דאווידמאן און כאים פעט".

זייט 46: „דער פראלעטארישער יוגנט-זשורנאל „יוגנט" האט אנגעהויבן דערשיינען צום סאף 1926 יאר. דער ערשטער נומער איז געווען א טאפלטער, פאר נאיאבר-דעקאבר, 1926. פארמעל איז דער זשורנאל ארויסגעגעבן געווארן פונעם „יונג-קוזניע"-פארלאג באם יונגן פראלעטארישן שרייבער פאריין. די רעדקאלעגיע איז באשטאנען פון די פאלגנדיקע כאווירים, מיטגלידער פון די ארבעטער-קלובן: מאטל גערטנער, שלוימע דאווידמאן, א. י. פאמעראנץ, כאים פעט, ד. ראזומאוויטש, כ. שיינעס, ב. רובין, (סעקרעטאר)."

זייט 66: „דער פאריין (דער „פרייהייט"-שרייבער-פאריין) איז געגרינדעט געווארן אין די ערשטע כאדאשים פון 1929 י. ער איז געבוירן געווארן בא פאלגנדיקע אומשטענדן: כ' אלגין האט לויטן אויפטראג פון דער יידסעקציע צונויפגערופן א פארזאמלונג פון אלע בעלעטריסטן-מיטארבעטער פון דער „פרייהייט", אויסער עטלעכע „אריבערגעקומענע" (לייוויק, רייזען, מעניאכעם, מאני לייב א.אנד.). דאס אליין האט שוין גערעדט וועגן דעם אויסגעוואקסענעם אומצוטרוי צו די אזוי-גערופענע „מיטלויפער". די פארזאמלונג איז פארגעקומען אינעם לאקאל פון דער רעדאקציע פון דער „פרייהייט". מע האט פריער ניט מיטגעטיילט, צוליב וואס די פארזאמלונג ווערט גערופן. כ' שלוימע דאווידמאן איז אויסגעקליבן גע-ווארן פאר א פארזיצער פון דער פארזאמלונג. און דער שריי-בער פון די דאזיקע שורעס (פאמעראנץ) פאר פראטאקאל-פירער".

**דערשינענע ביכער און ביכלעך פון שלמה דאווידמאן :**

בענקעניש: ערשטע טריט: ווען הערצער ברענען: געקניפטע ריט-לער: דאס ערשטע מענערל: לענין האט געזאגט: דער פאבריק קוימען: סטרייקס: בירא-בידזשאן: מאטעלע פון דארף איקאר: די מלחמה אין ניו-יארק: איציק-שפיציק: פיאנערן: אונדזער פארשטעלונג: אונדזערע קינדער: וואס די נאס דערציילט: קינדער פון ניו-יארק: העלדן פון אונ-דזער צייט: באנגעלא נומער 25: ס'איז פריילעך אין ארדן: אונדזערע קינדער-שולן: דער לערער האט פארמאכט די אויגן: דער לערער האט זיך מקריב געווען: א לערער-רויטארמייער מיט א זאק בלעטער: פינף אינגלעך און דער לערער לייבל: ווי מיין מאטע האט געטאן: און אזוי וועט זיך ענדיקן די מלחמה: דאס אפגעברענטע פערדל: איז מיר ליכ-טיק געווארן אין די אויגן: וואס פון סעמקען איז געווארן: און אזא איך זאלסטו זיין: פלעשעלעך: מע קען זיך טרינקען אין א יעפל וואסער: דאס דיכטערל: זע נאר, וואס פאר א קינדערלאנד-קעמפ מיר האבן: אברהם-הערש, מיין פריינט: די סאקא-וואנזעטי ברילן: דער מאטראס רעדט שוין אידיש: מאגיליאוו-פאדאלסק: משה דער לופט-וואררן: א נייער דור קומט אן: איך בין אן אמעריקאנער: ווי אזוי א אינגעלע האט משונע געמאכט היטלערן. מאטרייע רעדט צו מיר אף אידיש: קאַ-מאנדיר שלמה פאדארסקי: ביזן לעצטן טראפן בלוט: פאר'חלום'טער זמואל: א קאפ פון א אידן.



דאס ביכעלע פארמאגט זעכצן זייטן, קליינער פאר-מאט, שלעכטער שריפט און זייער ביליק פאפיר.

ערשטע זייט:

ש. דודמאן

בענקעניש

לידער זאמלונג

דרוקעריי „טרוד" יאמפאל-פאד.
האחים ג. און ש. רעזניק
1918

(איך געדענק נאך, ווי היינט, אז איינער פון די ברי-דער רעזניק האט געבראכט די עטלעכע הונדערט ביכע-לעך אין א זעקל אדער א ל י י ל ע ך , ווי מע ברענגט פרוכטן אדער ניס. ווייזט אויס, אז קיין גרויסן רושם האבן די ביכלעך ניט געמאכט, ווייל ביי מיר אין זכרון איז גאר-ניט פארבליבן. עטלעכע פריינט האבן געקויפט א פאר ביכלעך און די איבעריקע זיינען ערגעץ מסתמא פארלוירן געגאנגען.)

צווייטע זייט:

פארלאג און בוכהאנדלונג
ש. ראווידסאן
מאהילעוו-פאד.

(מיינע עלטערן האבן אנגעפירט מיט א בוכהאנדלונג.)

## א פיינע באציאונג צו א פראגרעסיוון אידישן שרייבער

---

דערלויבט מיר אויסצודריקן אן עפנטלעכן דאנק צו אונזערן א לייענער פון דער " מארגן - פרייהייט", צו מיר , ווי צו א פראגרעסיוון אידישן שרייבער.

אונזער באליבטער פאלק-זינגער און לאנג-יאריגער טרייד-יוניאניסט יאנקל פרידמאן, מיינער א פערזענלעכער פריינט פאר קארגע 50 יאר, איז געוועזן אין מיאמי.

צווישן פיל פריינט, האט ער זיך באגעגנט מיט זיין אלטן קאלעגע מארטין דוכאן. ביידע זיינען געווען יארנלאנג בויער פון שיך-ארבעטער יוניאנס.

- יאנקל - פרעגט מארטין - דו קענסט אפשר שלמה דאווידמאן ? - ער שרייבט אין דער " מארגן-פרייהייט", א נייעס א-ב, ביז איצט ארויס 2 ביכער צו זיין 75 - טן געבוירנטאג.

- צי איך קען שלמה'ן ? - איך קען אים שוין פאר די לעצטע 50 יאר - מאכט יאנקל - מיר זיינען דאך שכנים אין בראיטאן - ביטש.

- אויב אזוי - מאכט מארטין - נא דיר א בריוו און הונדערט - איין - און דרייסיג דאלער, וואס איך האב געזאמלט ארויסצוגעבן זיינע ביכער.

יאנקל האט מיר געבראכט דעם בריוו אין הויז אריין מיט א פאקעט פון 5 און 10 דאלערדיגע.

איך האב פארגעלייענט דעם בריוו פאר יאנקלען, אז ער זאל זיין אן עדות. דער בריוו לייענט זיך אזוי :

" טייערער פריינט שלמה דאווידמאן !

מיט גרויס פרייד וויל איך אייך מעלדן, אז אייער פארלאנג צו שטיצן ארויסצוגעבן אייערע ביכער, האב איך דורכגעפירט מיט גרויס דערפאלג.

איך האב באשלאסן צו ווענדן זיך צו מיינע שכנים, וועלכע זיינען ניט אונזערע פראגרעסיווע מענטשן, אבער דארפן שטיצן די אידישע ליטעראטור פאר די צוקונפטיגע דורות. אפילו איינער, א לייענער פון " פארווערטס " , האט מיר געגעבן פינף דאלער.

זייער אפרוף האט מיך זייער באגייסטערט און איך האב דאס זייער גוט אויסגענוצט. איך שיק אייך הונדערט איין - און - דרייסיג דאלער, אז איר זאלט געזונטערהייד נוצן און אויף ווייטער פארשפרייטן אייער געשריבענעם ווארט אויף לאנגע, לאנגע יארן.

מיט בעסטע ווונטשן צו אייך, צו אייער 75 -טן געבוירנטאג.

אייער, מארטין דוכאן ."

א דאנק, טייערער חבר מארטין דוכאן, א דאנק ליבער יאנקל פרידמאן , א דאנק שכנים און פריינט פון מיאמי. איר גיט אונז, פראגרע - סיווע אידישע שרייבער , מוט אנצוגיין מיט אונזער ארבעט.

אייער, שלמה דאווידמאן .

# מיט דער „מאָרגן פרייהייט״
# דורך 50 יאָר צייט

פון שלמה דאַווידמאַן

צו אונזער גרויסן יום־טוב „פופציק יאָר „פרייהייט״־„מאָרגן פרייהייט״, קומען מיר, פּראָגרעסיווע טוער און שרייבער, אָפּגעבן אַ באַריכט פון דעם ליכטיקן לעבנסוועג, וואָס די צייטונג האָט אונז געוויזן און וואָס ס׳איז געווען אונזער באַשיידענער בייטראַג צום געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון די פּראָגרעסיווע אידישע פאָלקס־מאַסן.

געקומען קיין פילאַדעלפיע אין 1921, געאַרבעט אַלס קצב־בחור׳ל און אָפּגעדרוקט אַ פּאָר דערציילונגען און לידער אין דער לאָקאַלער „אידישע וועלט״.

געווען ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג פון די נייע „פרייהייט״ לייענער מיט יוסף בערסאָן (שכנא עפשטיין).

מ. אָלגין שיקט מיר אַ באַגריסונגבריוו צום אָננעמען מיין ערשטע דערציילונג אין דער „פרייהייט״, „דער ערשטער פייף״. פון דעמאָלט אָן ווער איך אַ שטענדיגער (דרויסנדיגער) מיטאַרבעטער פון דער צייטונג.

איך קלייב זיך אַריבער קיין ניו יאָרק אין 1923. איך ווער אַ העמדער־פּרעסער, לאָקאַל 280. מיר פירן אָן אַ סטרייק פאַר בעסערע שכירות. מיר געווינען. איך שפּיל אָפּ דעם סטרייק אין דער „פרייהייט״.

אין דער פרייער צייט לערן איך אין אידישן פאָלקס־אוניווערזיטעט אין די בראָנקס. איך פאַרענדיג דעם לערער סעמינאַר פון אַרבעטער רינג.

איך ווער אַ לערער אין די אומפּאַרטייאישע אידישע קינדער שולן. פריער אין פּאַסעיק, 1927. מיר פירן דורך אַן אברהם רייזען אָוונט. אברהם רייזען קומט צו אונז.

מרים ניטעלסאָן איז מיין באַגאַבטסטע שילערין.

מיר שרייבן וועגן דעם אין דער „פרייהייט״.

איך ווער אַ לערער אויך אין פּעטערסאָן. די „פרייהייט״ דרוקט מיינע קינדער־מעשיות פון פעטערכאָן און אַ ראָמאַן: „די זיידענע שטאָט״, וואָס איז געגאַנגען אין משך פון חדשים.

די נאַציאָנאַלע שול־קאָמיסיע שיקט מיך קיין דעטראָיט.

אין משך פון דריי יאָר, אַ דאַנק דער „פרייהייט״, צעוויקל איך אַ ברייטע טעטיגקייט. בוי, מיט דער הילף פון די שול־טוער, אַ נעץ פון זעקס „הירש לעקערט שולן״ און אַ מיטל־שול. איך העלף גרינדן אַ שול אין ווינדזאָר, קאַנאַדע.

פון דעטראָיט שיק איך רעגלמעסיגע קאָרעספּאָנדענצן צו דער „פרייהייט״ פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. איך שיק אַ גרויסע צאָל דערציילונגען און קינדער־מעשיות. עס איז דעמאָלט (1930־1932) געווען דאָרט אַ לעבעדיגע פּראָגרעסיווע באַוועגונג.

פון דעטראָיט ווער איך אַריבערגעשיקט קיין פילאַדעלפיע. אַ ברויזנדיג לעבן. פיל שולן. מיטגעאַרבעט מיט הערשל סאַנדלער, אברהם מאַימודעס, ש. דאַווידאָוויטש און אַנדערע. פון דאָרטן איינגעפירט אַ לאַנגיאָריגן קאָלום אין דער „פרייהייט״: „פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פילאַדעלפיע״.

פון פילאַדעלפיע ווער איך אַריבערגעשיקט אַלס לערער קיין שיקאַגאָ. אַ ברייטע טעטיגקייט אין יענער צייט, ביז 1936, אין דער שול און אַלגעמיינער פּראָגרעסיווער באַוועגונג. אָנגעפירט מיט די שולן און פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס. געשיקט קאָרעספּאָנדענצן, דערציילונגען און קינדער מעשיות.

אין אַלע דערמאָנטע שטעט האָב איך באַדינט די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס, לויט די אינפאָרמאַציעס פון דער „פרייהייט״־„מאָרגן פרייהייט״, מיט לעקציעס, שמועסן, פאָרטראָגן און קלאַסן פאַר דערוואַקסענע איבער פאַרשיידענע טעמעס.

כ׳האָב זיך אומגעקערט קיין ניו יאָרק און געלערנט אין די קינדער־שולן פון בראָנזוויל, מעיפּעלטאָן, וויליאַמסבורג (אין קינדערלאַנד, אַלס קאָונסעלאָר און טיאַטער דירעקטאָר) אין די 40־ער יאָרן.

ביים היינטיגן טאָג בין איך דער סעקרעטאַר פון דער וועסט־ברוקלין „מאָרגן פרייהייט״ קאָמיטעט, סעקרעטאַר פון וועסט־ברוקלין קאָאָרדינירקאָמיטעט פון די קלובן און סאָסייעטיס; סעקרעטאַר פון דעם וואַרשעווער קינגס האַיוועי קולטור קלוב.

איך העלף אַרויס אין דער „מאָרגן פרייהייט״ רעדאַקציע מיט געוויסע טעכניש־זשורנאַליסטישע אַרבעטן.

ס׳האָט זיך געלוינט דער רייכער, קולטורעלער וועג. די „פרייהייט״ „מאָרגן פרייהייט״ האָט מיך דערצויגן, געלערנט. כ׳האָף, אַז איך האָב ניט פאַרשעמט מיט מיין בייטראַג צו דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

אַ דאַנק „מאָרגן פרייהייט״!



אברהם שטראוס. זשורנאליסט,
געהילף-פארוואלטער "מ.פ.
אנע שטראוס-דאווידמאן.
שלמה דאווידמאן.

# דער יונגער מאָלער ישראל-בלעקי דאַווידמאַן, אַן אייניקל פון ר׳ ישראל דיין פון מאַגילאַוו-פּאָדאָלסק

די לייענער פון „לאַנדסלייט" און מייגע לאַנדסלייט וועלן מסתמא טראַכטן ביי זיך: „זע נאָר, אַ כּאַטע שרייבט עס וועגן זיין אייגענעם זון! עס קלינגט עפּעס פּריקרע. עס איז ניט געהערט געוואָרן, אַז אַ פאָטער זאָל לויבן זיין אייגן קינד!"

איז, ווי זאָגט שלום־עליכם: „די היסטאָריע פון דער געשיכטע איז אַזאַ מעשה!" איך בין כמעט ווי געצוואונגען געוואָרן, פון מיינע צוויי קאָלעגן, די דיכטער און הויפּט־רעדאַקטאָרן פון „לאַנדסלייט" בנימין קאַץ און דוד סעלצער, אָנצושרייבן די דאָזיקע פּאָר שורות.

אָנגעהויבן האָט זיך עס פון דעם, וואָס איך האָב זיי דערציילט, אַז דער דיכטער און אויספיר־רעדאַקטאָר פון „אונדזער וואָרט", אָרגאַן פון אידישן פּראָגרעסיוון פאָלקס־אָרדן, י. א. ראָנטש, האָט באַשטעלט די קעפּלעך און צייכענונגען פאַרן מאַי־נומער פון דעם דערמאָנטן זשורנאַל ביי מיין זון ישראל־בלעקי דאַווידמאַן.



ישראל־בלעקי דאַווידמאַן

געצייכנט פון אורחם.

נו, זיינען זיי געווען אַוודאי צופרידן, וואָס אַ יונגער מאָלער, אַן אַמעריקאַנער־געבוירענער, קען מאַכן צייכענונגען פאַר אַ אידישן זשורנאַל. ער קריגט אי אָנערקענונג און באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט.

— אָבער, — מאַך איך צו זיי, — איר ווייסט פאַרוואָס ער האָט באַקומען די אַרבעט אין יענעם זשורנאַל? — ווייל דעם רעדאַקטאָר פון „אונדזער וואָרט" איז געפעלן די קעפּלעך און צייכענונגען פון „לאַנדסלייט"!

האָבן זיך מיינע צוויי קאָלעגן, די רעדאַקטאָרן פון „לאַנדסלייט" צעשמייכלט. (זיי זיינען גאַנץ וואוילע מענטשן, מיר וועלן נאָך ביי אַ געלעגנהייט אייך געבן אַ פולע באַשרייבונג וועגן זיי אויף די בלעטער פון „לאַנדסלייט").

— אָבער, — זאָג איך צו זיי אויך מיט אַ שמייכל, — איר האָט פאַרגעסן איין קלייניקייט: עס זיינען שוין אַרויס

זעקס נומערן פון זשורנאַל

"לאַנדסלייט" און איר האָט

פאַרגעסן

צו דערמאָנען, אַז די צייכענונגען און קעפּלעך וואָס גייען אַריין אין יעדן נומער: „פאַרבאַנדן און רעליפן ביי דער אַרבעט", „לאַנדסלייט", „קאַלענדאַר", „שטעט און שטעטלעך", „ביכער און זשורנאַלן" זיינען געצייכנט געוואָרן פון יונגן מאָלער ישראל־בלעקי דאַווידמאַן!

דאָ האָבן זיך ביידע רעדאַקטאָרן איבערגעקוקט און אַביסל פאַרדוּיטלט. ס'איז זיכער ניט געווען קיין בייזוויליקייט אין ניט־דערמאָנען דעם נאָמען פון צייכענער. נאָכאַלעמען וועט דער זשורנאַל „לאַנדסלייט" אַריין אין דער „געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור און פּרעסע" ווי אַ נוצלעכער זשורנאַל פאַר די לאַנדסמאַנשאַפטן איבערן לאַנד. און דאָס וואָס אַ יונגער אַמעריקאַנער־געבוירענער מאָלער האָט געמאַכט די אידישע צייכענונגען פאַרן זשורנאַל, איז אַן־און־פאַר־זיך אַליין אַ וויכטיקער קולטורעלער אויפטו. און ניט נאָר דאַרף דאָס דערמאָנט ווערן, נאָר עס מעג געזאָגט ווערן וועגן דעם אַ פּאָר ווערטער, ספּעציעל צו די מענטשן, וואָס גלויבן ניט אין דער צוקונפט פון אידישן קולטורעלן לעבן אין אַמעריקע. אָט זעט, דאַרף מען זיי ווייזן נאָך אַ פאַקט, אָט קומט צו אַ אידישער מאָלער, צייכענער, נאָך אַן אַמעריקאַנער־געבוירענער יוגנטלעכער, וואָס נעמט אָנטייל אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

— ווייסטו וואָס, שלמה, — מאַכט צו מיר בנימין קאַץ, — אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז דו זאָלסט אָנשרייבן אַ פּאָר ווערטער וועגן דיין זון, מיר וועלן אָפּקשטעלן די פאָטאָגראַפיע פון אים, און מיט דעם וועלן מיר גוט־מאַכן אונדזער טעות.

— ס'איז עפּעס פּריקרע צו שרייבן וועגן אַן אייגענעם זון, — זאָג איך צו זיי.

— פאַרקערט, — זאָגט צו מיר דוד סעלצער, — דאַרפסט זיין שטאָלץ מיט דיין זון. טו דאָס. דו ווייסט וועגן אים מער ווי מיר.

כ'ווייס, וואָס קען מען זאָגן וועגן אַן אייגענעם זון, אַ יונגער נאָך, אַ 19־יאָריקער בחור, אַ שיינער ברונעט, אַטלעטיש געבויט? — ער איז אַ וואוילער יונגאַטש, אַ גוט־מוטיקער, אַ שמייכלענדיקער. ער האָט דורכגעמאַכט די עלעמענטאַר שול פון אידישן פּראָגרעסיוון פאָלקס־אָרדן. ווען ער איז געווען אין קלאַס 3, שול 32, בראָנקס, 11 יאָר אַלט (אין דער שול האָט דעמאָלט געלערנט ש. דאַווידאָוויטש), האָט מען דעמאָלט אויסגעקליבן זיין קאָמפּאָזיציע „דער טאַטע מיט די שפּאַקולן" און זי אָפּגעדרוקט מיט זיינע אייגענע צייכענונגען אין דעם קינדער־נומער „יונגוואַרג", 1939.



לינדע (לערערין), אהרן, רחל'ע און לאַרי דאַווידמאַן.



ענעדע (זיין קאַלעגין)

גיי ריכט זיך, אַז פון אים וועט אויסוואַקסן אַ מאלער און צייכענער. אין יוני, 1946, האָט ער געמאַכט אַ גרויסן וואַנט-געמעל „אַ מיוראל" אין הלל-פאַונדיישאָן פון ברוקלין-קאַלעדזש, וואו ער איז געווען אַ סטודענט, אויף דער טעמע „אַמעריקאַנער אידישע יוגנט". ער האָט געשאַפן די דעקאָראַציעס פאַר דער שפּיל „דער קאַמף גייט אָן" פון נייטן מאַלקין, רעזשיסירט פון אַנאַטאָל ווינאָגראַדאָוו, געשפּילט אין „הענרי-סטריט פּלעי-הויז". ווען ער איז געווען אין 3-טן יאָר מיטלשול, אין 1944, האָט ער געמאָלט די דעקאָראַציעס צו דער שפּיל „יהודה המכבי".

ער האָט געמאַכט פאַרשיידענע אילוסטראַציעס פאַרן ענגלישן אָרדן-זשורנאַל „דזשואיש פראַטערנאַליסט", און ער

איז דארטן אן אפטער מאלער.

ער האט אילוסטרירט א רייע

ביכער פון שרייבער , מיינע

אריינגערעכנט .

גרויסע אויל-בילדער הענגען אויף די ווענט פון מיין הויז און אין הייזער פון מיינע אייגענע. ~~הכלל~~, ער איז אַ באַגאַבטער יונגער מאלער. און מענטשן, וואָס האָבן צו טאָן מיט זשורנאַלן, צייטונגען, טעאַטער, ביכער און ~~בכלל~~ וואָלטן אים געדאַרפט דערמוטיקן צו דער אַרבעט.

עס מעג דאָ געזאָגט ווערן, אַז ער פאַרנעמט שוין איצט אַן אָנגעזעענע אָרט אין אידישן פּראָגרעסיוון געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז איינער פון די אָנפירער פון איינציקן אידיש-רעדנדיקן יוגנט-צווייג פון אידישן פראַטערנאַלן פאָלקס-אָרדן, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דעם יונג-אוועקגעגאַנגענעם דיכטער און לערער ~~בצלאל~~ פרידמאַן, ברענטש 100, וואָס האָט שוין 115 מיטגלידער, אַמעריקאַנער-געבוירענע יוגנטלעכע אידיש-רעדנדיקע. צווישן זיי געפינען זיך אידישע לערער, שרייבער און טוער.

ער איז אַ מיטגליד פון סעקרעטאַריאַט פון מאַנהעטן-דיסטריקט פון אידישן פראַטערנאַלן פאָלקס-אָרדן און איז געווען אַ דעלעגאַט צו דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן, אין קעמפּ „קינדערלאַנד".

~~אַגב~~ איז ער שוין דריי יאָר אַן אָנגעשטעלטער, אַלס וואַסער-ספּאָרט און לייף-סייווער אין „קינדערלאַנד".

איך געפין עפּעס בינדנדיקס צווישן מיין זון און מיין טאַטן. עס דאַכט זיך מיר, אַז ער האָט ניט פאַרשעמט מיין נאָמען אַלס אידישער לערער און שרייבער, און ער האָט אויך ניט פאַרשעמט זיין זיידנס נאָמען, דער ~~ייִד~~ פון מאָגיליאָוו-פּאָדאָלסק, וועמענס נאָמען ער טראָגט.

— ~~שלמה~~ שלאָמע דאַווידמאַן.

( געדרוקט אין זשורנאל "לאנדסלייט " אין די פופציגער יארן ,אונטער דער רעדאקציע פון בנימין קאץ און דוד סעלצער. )



פילאַדעלפיער לערער-ראַט.
אין די 30ער יאָרן: שטייען, פון רעכטס צו לינקס: שלמה דאַווידמאַן, זעליג ליבער, פיליפ סאַנדלער. זיצן: יוסף גערדאַן און ש. באַווערמאַן.

## יובליי-פייערונג אין דער אידישער קינדער-שול 101, א. אַ. אָ. לעקאָוועד שלוימע דאַווידמאַן.

שאַבעס אָוונט, דעם 28-טן מערץ, 1942, האָט די אידישע קינדער-שול 101 א. אַ. אָ. אָף 2945 וועסט 5-טע גאַס, ברוקלין, נ. י. דורכגעפירט אַ פייערונג לעקאָוועד זייער לערער שלוימע דאַווידמאַן.

דער באַרימטער קריטיקער און זשורנאַליסט מוישע קאַץ האָט געהאַלטן אַ רעדע וועגן דער אידישער ליטעראַטור און דער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. ער האָט גערעדט וועגן די שוועריקייטן און די אויפגאַבן פון אידישן לערער און שרייבער. ער האָט דערמאָנט די בייטראַגן פון יובילאַר אַף ביידע געביטן און באַגריסט זיין איניציאַטיווע פון אַרויסגעבן די „סאָבוויי-ביבליאָטעק".

דער דיכטער בעניאָמין קאַץ האָט גערעדט וועגן די פאַרדינסטן פון יובילאַר איבערן לאַנד, דורך זיין אַרומפאָרן אין פאַרשיידענע שטעט און באַדינען אַלס לערער און שרייבער די פאָלקס-מאַסן.

די קינסטלער ה. געגדל און אַ. ווינאָגראַדאָוו זיינען אויפגעטראָטן.

באַגריסונגען זיינען געהאַלטן געוואָרן פון: י. באַראָן, פון וועסט-ענד דיסטריקט קאָמיטעט פון אָרדן, איצקאָוויטש, פון דיסטריקט קאָמיטעט פון וועסט-ענד אָרדן-שולן, יאָסעף מען, פון ברענטש 309 א. אַ. אָ., עניש פון ברייטאָן-קוני-איילאַנד איקאָר, דאָוויד אָשינסקי, פון שול 43.

דייענע געסאַרטש, אַ קינד פון שול האָט דעקלאָמירט, ס. ווייניק, אַ טוער פון שול, האָט געזונגען, בעווערלי, אַ פריינדין פון שול האָט געשפּילט אַף אַן אַקאָרדיען.

טעלעגראַפישע באַגריסונגען זיינען אָנגעקומען פון:

אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דער אידישער סעקציע און אין אונדזערע אייגענע נעמען באַגריסן מיר איך, כאַווער דאַווידמאַן, צו אייער היינטיקן יאָנטעוו. אַלס לאַנגיאָריקער לערער און שרייבער האָט איר זיך קאָשער פאַרדינט דעם יאָנטעוו און האָט פיל בייגעטראָגן צו אונדזער אמעריקאנער אידישער קולטור. זייט געגריסט, כאַווער דאַווידמאַן, — און מיר ווינטשן אייך נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן פון פרוכטבאַרער טעטיקייט.

ר. זאַלצמאַן און ג. סאַנדלער.

מיינע הייסטע וואונטשן און פייערלעכע באַגריסונג צו דיין יוביליי. פיל יאָרן פון פרוכטבאַרער טעטיקייט און פערזענלעכן גליק.

נ. קאַמענעצקי.



שאַך-פיגורן (האָלץ, דרייסיקער יאָרן פון XX יה.)

**SHOLEM EDUCATIONAL INSTITUTE, INC.**

AT WESTSIDE JEWISH COMMUNITY CENTER

5870 WEST OLYMPIC BOULEVARD ■ LOS ANGELES, CALIFORNIA ■ 90036

2/16/73

טײַערער חבר דאַװידמאַן:

אַ האַרציקן דאַנק פֿאַרן שיקן אונדז אײַערע צװײ בילדער און באַלאַדעס, פֿאַרן בוך „דער ייִדישער לערער“. די דערציילונגען און די בילדער האָבן אונדז — איך מיט מײַן פֿרוי — דערמאָנט אין אונדזערע קינדער־יאָרן אין די שטעטלעך, און נאָך מער, אין די יוגנט־יאָרן, װען מיר זײַנען אױסגעװאַקסן צוזאַמען מיט אײַער דור.

די בילדער פֿון די סד׳ער יאָרן האָבן אונדז געגעבן אַ געלעגנהײט װידער צו זען אונדזערע לערער ... זיך צו דערמאָנען זײערע נעמען און זײערע אײגנשאַפֿטן.

און פֿאַר אַמאָל איז ניט קײן נײַעס װאָס אײַערע דערציילונגען ברענגען מיר פֿאַרגעניגן. אַלס אַמאָליקער קינד פֿלעג איך ליב האָבן לײענען און איבערלעבן די מעשׂה־לעך פֿון „באַנגאַלאָ נומער 25“. מען קען טאַקע זאָגן, אַז אײדער איך בין געװען אַלט גענוג צו לײענען די קלאַסיקער, איז אײַער שרײַבן געװען מײַן אַרײַנפֿיר, מײַן ערשטער באַגעגעניש מיט דער ייִדישער ליטעראַטור. און פֿון דעם בוך האָב איך זיך באַגעגנט מיט קינדערלעבנס, נאָך אײדער איך בין געװען אָנגעקומען.

מיר האָבן זיך געזען מיט „פֿעלדקין“ מיט אַ יאָר־צװײ צוריק, װען ער מיט זײַן פֿרוי זײַנען געװען בײַ אונדז צו־גאַסט. שיקט אים איבער פֿון אונדז אַ גרוס און נעמט צו פֿון אונדז די בעסטע װוּנטשן פֿאַר נאָך לאַנגע, געזונטע, שעפֿערישע יאָרן.

מיט שלום־גרוס,

הערשל האַרטמאַן

HERSHL HARTMAN
3142 S. BENTLEY AVE.
LOS ANGELES, CALIF. 90034

+++ +++ +++

יארן לויפן . די גרויסע צווייטע וועלט - מלחמה איז דורכגעגאנגען.
1960. א סך פון מיינע קאלעגן, וואס זיינען דערצויגן געווארן אין דער
" מארגן - פרייהייט " ;וואס האבן זיך געלערנט שרייבן א דערציילונג, אן
ארטיקל אין דער " מארגן - פרייהייט " , האבן זיך דערשראקן פארן שונא,
( מעקארטיזם...) ;האבן ניט געקאנט אויסהאלטן דעם פאליטישן און עקאנאמישן
דרוק און זיינען אוועק אין דער בירגערלעכער אידישער פרעסע און בכלל אין
לאגער פון די נאציאנאליסטיש - שאוויניסטיש - קאפיטאליסטישע גרופירונגען.אמת.
זיי קריגן באצאלט, גוט - באצאלט פאר זייער שרייבן.

אויב צו שרייבן ב ל ו י ז פאר געלט, וואלט איך געקאנט מאכן אנשטריינ-
גונגען די אלע יארן אויך אזוי צו טאן, אבער איך האב ניט געוואלט,איך
האב געווידמעט מיין שרייבן צו דינען מיט מיין שרייבן די אידישע ארבעטער
און - פאלקס -מאסן.



א פייערונג פאר דער
„מארגן-פרייהייט". נ. לעוו,
פאסט-מייסטער. ש. באלווערמאן רעדט
וועגן דער באַגריסונג
צו יאָריגער „יובל" פון פרעסע
קאַמפּאַניע.
1968. וואַרשעווער קינגס-הייוועי
קולטור-קלוב.
ברוקלין.

איך, דאס אמאליגע קצב-אינגל , בין היינט -צו-טאג אין דער " ווארשעווער
קינגס -הייוועי קולטור קלוב ", קולטור -טוער ; א מיטגליד אין ברוקלין קאאר-
דיניר און אין אלגעמיינעם קאארדיניר קאמיטעטן פון די קלובן -און סאסיי-
עטעס ;סעקרעטאר פון וועסט -ברוקלין " מארגן -פרייהייט " קאמיטעט און מיטגליד
פון דער נאציאנאלער פארוואלטונג פון דער " ס.פ.". איך דרוק פון צייט צו
צייט אן ארבעט אין מיין צייטונג.

+++ +++ +++

יארן לויפן.די וועלט גייט אויפן וועג פון וועלט -שלום,קא-עקזיסטענץ.
דער היסטאריקער וועט שרייבן די געשיכטע פון דער ארבעטער - און -פאלקס
באוועגונג אין אמעריקע.
דאס ליכטיגסטע קאפיטל וועט פארנעמען די " פרייהייט - מארגן-פרייהייט"

און די בויער, טוער און שאַייבער ארום דער "מארגן-פרייהייט".

דאס אמאליגע קצב-אינגל פון פילאדעלפיע פילט זיך גליקליך, וואס זיין כוח איז אים באַשערט צו שטיין מיט דער "מארגן-פרייהייט" ביזן היינטיגן טאג.

## שלוימע דאַווידמאַן

שלוימע דאַווידמאַן (פּראָלעטארישער לערער), אויטאָר פון צאָלרייכע מאָמענט־פאָטאָגראפיעס, בילדער, עסקיזן, דראַמאַטישע עטיודן, כאַראַקטעריסטיקן פון טאָג־טעגלעכע געשעענישן, איז זייער גוט צוגעפּאַסט פאר בעלעטריסטישן רעפּאָרטאַזש. זיינע טעמעס זיינען — די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער־באַוועגונג אין אַלע אירע פאַזן. אַליין א טוער אין דער ארבעטער־באוועגונג, קען ער אלע אירע פּראָבלעמען און שילדערט זיי גערן אין האלב־בעלעטריסטישער פאָרמע. זיין שפּראך איז קלאָר, האַגאַם ניט זייער רייך; זיין צו־גאנג איז אן איינפאכער און דירעקטער. אין זיין שרייבן איז דאָ א געוויסע ווארעמקייט. ער איז געוועזן איינער פון די ערשטע, וואָס האבן אָנגעהויבן קולטיווירן דעם דאָזיקן סאָרט רעפּאָרטאזש, וואָס דארף זיין אַ וויכטיקער אינטעגראַלער טייל פון אונדזער פּראָלעטארישער ליטעראטור. דאווידמאן האָט אויך א סאך גע־שריבן פאר קינדער. מ. אַלגין, „דער האַמער", מערץ־אפריל, 1931.

שלמה
דאַווידמאַן,
אַ העמדער-
פּרעסער.
בראָנקס.
1925



## צו דער ביאָגראַפיע פון שלוימע דאַווידמאן.

מיין טאַטע האָט געהאַלטן פאַר אים די בעסטע מעלאַמדים, צו לערנען מיט אים גמאָרע. ווען דאַווידמאן איז אביסל עלטער געוואָרן, האָט מיין טאטע אליין מיט אים געלערנט גמאָרע. דער טאַטע האָט געוואָלט, אַז ער זאָל לערנען אַף ראָוו.

נאָר ער, שלוימע, האָט זיך פון קינדווייז אָן געכאַוועט מיט אר־בעטער־קינדער. ווען ער איז נאָך געווען א קינד האָט ער שוין גע־לייענט רעוואָלוציאָנערע בראָשורן.

מיין טאַטע פלעגט אים זאָגן: „וואָס וועט זיין פון דיר? וואָס ווערסטו האָבן פון דיינע ביכלעך?—בעסער לערן אָפּ אַ בלאַט גמאָרע!". אַ ברייררע האָט ער געהאַט, שלוימע, האָט ער געלערנט גמאָרע. נאָר אין זיין פרייער צייט האָט ער געלייענט, זיך צונויפגעקליבן מיט זיינע כאַוויירים, געמאַכט פאַרזאַמלונגען, געגרינדעט אַ קלוב פאר ארבעטער. עס האָט אים געצויגן צום אַרבעטער־קלאַס פון קינדווייז אָן.

און ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מילכאָמע, איז ער נאָך גאָר יונג, טאַקע נאָך אַ קליינער אינגל געווען, האָט ער שוין אַנטייל גענומען אין די קאַמפן פון ארבעטער־קלאַס, ווי אַ גרויסער.

ס'איז דעמאָלט צו אונדז אַריינגעקומען אַ איד, איינער פון אונדזערע שכיינים, און געזאָגט צו מיין טאַטן: „וואָס זאָגט איר עפּעס, דייען, אייער זינדל שטייט אָן אַ היטל און רעדט צום אוילעם. ער איז דאָך נאָך גאָר אַ שנעק, דער רויטער!"

דערווייל איז די מילכאָמע נאָך אַלץ אָנגעגאנגען. און שלוימע דאַווידמאן האָט זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אָן דער רויטער ארמיי און איז אַוועק אין א שיינעם פרימאָרגן צום פראָנט און האָט זיך אַפילע ניט גענוג געזעגנט מיט קיינעם אין הויז. נאָר איך בין אַ גאַנצע נאכט ניט געשלאָפן און האָב אים אַרויסגעלאָזט פון הויז.

די מאַמע האָט זיך אויפגעכאפּט פון שלאָף און געפרעגט: „ליאָמע (שלוימע) איז שוין אַוועק?!" און אָנגעהויבן קרעכצן און וויינען . . .

נאָך דער מילכאָמע איז ער געקומען קיין אמעריקע. און דאָ, אין אַמעריקע, האָט ער זיך אויך גלייך אָנגעשלאָסן אין דער לינקער באַ־וועגונג. ווי שווער ער האָט ניט געאַרבעט, ער האָט געארבעט אין אַ לאָונדרי פון זעקס אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט, אַ העמדער־פּרע־סער געווען, און דאָך האָט ער אָפּגעריסן צייט און איז געגאנגען זיך לערנען אין ארבעטער־רינג לערער־סעמינאַר, זיך לערנען פאר אַ לע־רער, און אין דער זעלבער צייט שרייבן דערציילונגען פאַר דער „פרייהייט".

ווען ער איז געוואָרן אַ לערער אין די קינדער־שולן, האָט ער אָנגעהויבן צו וואַנדערן, ווי מענדעלי מויכער ספאָרים, אַלעמאָל האָט מען אים געשיקט פון איין שטאָט אין דער צווייטער. און ער האָט זיך פיל אָנגעמאַטערט מאַטעריעל. ווי אזוי מע „מאַכט א לעבן" אין אונד־זערע שולן, ווייסן די פאַרוואַלטער פון די שולן. נאָר די שול איז אים טייער און די קינדער פון די שולן זיינען אים טייער.

שרייבן פאַרן ארבעטער־קלאס איז ביי אים אַ פאַרגעניגן. אז ער גיט אַרויס א ביכל איז פאַר אים דער גרעסטער יאָנטעוו.

איצט, צו זיין יובילייע, ווינטש איך אים, אז ער זאָל זיין געזונט און שרייבן און שרייבן פאַר קליין און גרויס. איך האָף, אַז ער וועט זיין אַ גרויסער שרייבער, אַ באַוואוסטער שרייבער איבער דער גאַנצער וועלט.

פון זיין שוועסטער

פרומע ריטש-דאַווידמאַן.

SAM LIPTZIN

סעם ליפּצין

## MIR VELN BATZOLN!

Der zeide mit di einiklech
Geien zalbedrit.
Keile rechts, Itzik links
Un der zeide in der mit.

In der shule geien zei
Mit a shpilevdikn gang.
Zei hobn lib tzu shpiln zich,
Un tzu lernen a farlang.

Zeide, betn zei, dertzeil
Dos maisele funm nar!
Lacht der zeide: zeier gut,
Ober, vos krig ich derfar?

Git Itzikl mitn oig a vunk,
Un Keilele a zisn lach:
Mir veln, zeide, batzoln dir
Mit gor a guter zach:

Ven mir veln oisvaksn
Un hobn einiklech vi du,
Veln mir dertzailn zei di maiselech
Vos dertzeilt tzu unz hostu!

## מיר וועלן באַצאָלן!

דער זיידע מיט די אייניקלעך
גייען זאַלבעדריט.
קיילע רעכטס, איציק לינקס,
און דער זיידע אינדערמיט.

אין דער שולע גייען זיי
מיט אַ שפּילעוודיגן גאַנג.
זיי האָבן ליב צו שפּילן זיך,
און צו לערנען אַ פאַרלאַנג!

זיידע, בעטן זיי, דערצייל
דאָס מעשה'לע פונם נאַר,
לאַכט דער זיידע: זייער גוט,
אָבער, וואָס קריג איך דערפאַר?

גיט איציקל מיטן אויג אַ וואונק,
און קיילעלע אַ זיסן לאַך:
מיר וועלן, זיידע, באַצאָלן דיר
מיט גאָר אַ גוטער זאַך:

ווען מיר וועלן אויסוואַקסן,
און האָבן אייניקלעך ווי דו,
וועלן מיר דערציילן זיי די מעשה'לעך,
וואָס דערציילט צו אונז האָסטו! . . .



יוסף טשײַקאָוו — ייִדן אַף ערד (בארעליעף, פּאַרביקער בעטאָן, 1931)

א. ש. בודין

## מיין יידיש לשון

אין אַ שיינעם טאָג פון יונג-זומערדיקן אינדערמיטן,
האָב איך מיין האַנט אַ פען געגעבן אויף פּאַפּיר אויסצוקריצן,
פּאַסיקלעך און רינגעלעך,
מיינע וואונדערלעכע יידישע היעראָגליפן.

מיין איינגעקשנטע לאַנג-יאָריקע ירושה,
לאַפּעטעס, קאַטשערעס, דורכגעגאַנגען דורך פייערן
און איבערגעטראָגן פאַרפאָלגונג און בושה.

מיין וואונדערלעכער יידיש, מיין טאַטע און מיין טאַטנס טאַטע
האָבן אויסגעקנאָטן דורות, און אויסגעהאַדעוועט גלויבן,
און דיך אָפּגעהיט מיט זייערע פאַרזאָרגטע אויגן.

פון שפּאַניש און און פון רוסיש, פון דייטש און גריכיש,
פון לשון-קודש און אַראַמיש דורכגעשוואומען אַלע שטורעם-כוואַליעס
און ריין זיך אויסגעוואַשן.

זומערדיקער טאָג, מיט ביימער פול אין בליטן,
איך וויל איצט פאַר דיר זיך מאָלן
מיט מיין יידיש לשון.

ס'איז מיר ניט אָנגעקומען דאָס לעבן גרינג אַנטקעגן,
ס'איז ניט געגאַנגען גליק מיט מיר אין וועג,
מיינע יינגסטע יונגע יאָרן האָב איך אויסגעדאַרט אין הונגער,
און אַרומגעלאָפן מיט זיי אָן שיך.

כ'האָב זיך ניט געהאָדעוועט אויף טייבעלעך און פלאָדן,
זיך ניט געקוויקט מיט זיסע האָניק-מאַנדלעך,
כ'האָב זיך ניט געבאָדן אין פייגל-מילך,
זיך ניט געוואַרעמט אין קישעלעך פון פוך.
מיינע יינגלשע יאָרן האָב איך גיך אוועקגעשיקט פון זיך.

ס'איז מיר ניט אָנגעקומען גרינג מיין לעבן,
ס'האָט מיך ניט געפירט קיין מזלדיקער שטערן,
מיין לעבן כ'האָב געשלעפּט ווי אַ שווערן פּאַק באַרג ארויף.

צו דרייצן יאָר האָבן מיינע הענט גענומען פאַר מיר זאָרגן,
מיין ברויט און קלייד האָבן זיי מיר געבראַכט,
אַלע טעג און אַלע יאָרן מי פון ארבעט האָבן אויף מיר געוואָרט.

צו דרייצן יאָר האָבן מיינע פיס פון שטעטלשע בלאָטעס
מיך אַרויסגעצויגן און אויף וועלטישע ערדן מיך אַרויפגעפירט.
לייד, שרעק און זאָרגן האָבן מיך אומעטום אָפּגעזוכט.

ליכטיקער יונג-זומערדיקער פרימאָרגן,
פאַר מיין יידיש לשון איך וויל דיך באָרגן
צו באַרייכערן מיין ליד.

איך האָב אָפּגעלעבט צענדליקער יאָרן,
איבער שטעט און ימען אַרומגעפאָרן,
קריג און רעוואָלוציעס דורכגעטראָגן.
האַלב פון מיין פאָלק אין גרויזאַמען טויט פאַרלאָרן,
און מיין אייגענעם געבורט-שטאָט ניט געקאָנט איינשפאָרן,
בלויז מיין יידיש לשון איז געבליבן מיט מיר.

מיין וואונדערלעך יידיש לשון האָט מיך געלערנט
ווי איינצוהערן זיך אין אַ שטערנדיקער נאַכט,
און ווי צו באַגעגענען דעם אויפקום פון אַ נייעם מאָרגן,
ווי צו שאַצן פריינט, און ווי זיך אויסצוהיטן פון שונא.



„אַמאָר מענדעלע מויכער-ספאָרים"

קינסטלער הערש אינגער
פון דער סעריע „מענדעלע מוכר־ספרים"

## שלמה רויטמאַן / יאָשקאַר־אָלאַ, סאָוועטן־פאַרבאַנד

### אותיעלעך

אָפּט אין חלום זע איך גאָר אותיעלעך קוואַדראַטע,
כאַפּן זיי, די אותיעלעך, דעם אָנבליק פון אַ כאַטע.

יעדער אות — אַ דעכעלע, איך צו דעם זאָל גאָרן,
יעדער אות — אַ ווינקעלע,, דעם קאָפּ דאָ אָנצושפּאַרן

און אַן אייוועלע דאָרט ברענט, וואו די צונגען פייער
פלעכטן וואָרעם מעשהלעך, וואָס זיינען אַזוי טייער.

יעדער אות — אַ היימלעכער ליכטנדיקער ישוב,
וואו עס לעבט מיין קינדהייט נאָך פּונקט ווי אין אַ כישוף.

אָפּט אין חלום זע איך גאָר אותיעלעך קוואַדראַטע,
כאַפּן זיי, די אותיעלעך, דעם אָנבליק פון אַ כאַטע.

מיט אַזעלכע פענצטערלעך בלויע און הרחבה,
זיצט ביי יעדן פענצטערל דער מאַמעס אַ מחשבה,

שיינט דעם טאַטנס חכמה דאָרט מיט אַ ליבן שמייכל,
וואווינט אין יעדן אות דער גייסט הויך ווי אין אַ היכל.

כ'ווינטש אייך, מיינע אותיעלעך, איר זאָלט אייביק שיינען,
פול צו זיין, ווי כוס'יעלעך, מיט נשמה־וויינען,

ס'זאָלן מיינע אייניקלעך טראָגן אייך אויף ליפּן,
ס'זאָלן מיינע אייניקלעך בינדן אייך און קניפּן,

איר ניט וויסן זאָלט פון צער, גיין זאָל אייך צום גוטן.
נאָט אייך אותיעלעך מיין האַרץ, איר מיט דעם זאָלט בלוטן.

איר זענט דאָך מיין מאַמעניו, איר זענט דאָך מיין טאַטע
אַלף־בית מיין טייערער, אותיעלעך קוואַדראַטע.

### דער סאָנעט וועגן מיין אַלף־בית

האָסט, דוכט, אויף דיינע אותיעלעך פאַרהויבן
פיל קעפּעלעך, אַז פריי זאָל זיין דער רוים
פאַר חכמה, פאַרן זינען, פאַר דעם טרוים,
פאַר האַרציקייט, פאַר יושר, פאַר דעם גלויבן.

צי ווייל האָסט זיך געקענט אַזויגס דערלויבן,
קומט יעדער האַק צו דיר, ווי צו דעם בוים,
קומט יעדער שווערד צו דיר, ווי נאָך איר לוין,
קומט יעדער נבזה'ניק דיין קרוין באַרויבן.

דו ליגסט אויף יעדער פלאַכע, דוכט, געקעפּט,
און יעדער וואָלף אַ זון — אַ שאַרבן שלעפּט,
נאָר דיינע בליטן גיסן זיך, ווי שלאַקסן.

און ווידער גרינט דיין מאַרך־בוים און לעבט,
און ווייטער דיין מחשבה ווערט געוועבט,
און ביסט אויפס'ניי מיט אַלע קעפּ באַוואַקסן.

## ישראל אשענדאָרף

### אותיות

די גאָטישע אותיות זיינען שפּיציקע —
באַגנעטן, שפּיצרוטן און מעסערס.
לאַטייניש אותיות זיינען קיילעכדיקע —
מיט רויטן וויין געפילטע פעסער.

די יידישע אותיות — נישט קיין שיכורע
פון יענעמס בלוט און נישט פון וויינען,
נאָר קאַנטיקע, פלעקלדיקע, הויקערדיקע,
ווי דאָס מזל פון פאָלק פון מיינעם.

**פאַבלאָ פּיקאַסאָ'ס בילד: „דער אַלטער איד"**



די פאַרקלענערטע פאָטאָגראַפיע, וואָס מיר דרוקן דאָ, איז דערשינען אין דער פאַריזער „נייע פּרעסע", פון 22טן אַפּריל, 1973. עס ווערט דערביי אָנגעגעבן, אַז דאָס בילד געפינט זיך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, און איז געווען אויסגעשטעלט אין פאַריז, צו די פייערונגען פון פּיקאַסאָ'ס 90טן געבוירנטאָג.



**שלום עליכם צווישן צוויי וועלטן**

●●●●●●

קאַסרילעווקע און ניו יאָרק

מאָלער, משה קיש.

## י. פאַפּערניקאָוו

### צער פון יידיש

די היים פונעם דיכטער איז דאָרט, וואו מען הערט אים,
און נישט — וואו ס׳איז אָפּריכטן גלות. באַשערט אים —
ווי מיר איז באַשערט, צווישן אייגענע ברידער
אַרומגיין און פילן זיך פרעמד און דערווידער —
פאַר זינגען אויף יידיש (וואָס גרילצט זיי אין אויער) —
מיין היימליד פון ליבע, פון פרייד אָדער טרויער.

איך באַזינג זי, מיין היים, נאָר עס הערט מיך — די פרעמד,
(כ׳בין דער פרעמד מער באַקאַנט ווי אין אייגענעם לאַנד)
ס׳האָט די פרעמד, נאָך, דאָס ליד מיינס, אַווי נישט פאַרשעמט,
ווי עס טוט עס מיין היים, וואו איך זינג צו דער וואַנט... —
ווייל מען האָט דאָ דאָס יידישע לשון מיינס, פיינט,
ווי איך וואָלט צווישן גויים אַרומגיין — אַ ייד,
און — געזוכט ביי זיי לייטזעליקייט און אַ פריינט,
און — געזוכט אין מיין היימלאַנד אַ היים פאַר מיין ליד.

### יידיש־קברנים

פאַראַנען אַזעלכע קברנים, ווי — יידיש־קברנים,
וואָס זיינען נאָר קובר די אייגענע אָרעמע מאַמע:
דאָס יידישע לשון, וואָס האָט זיך געהייליקט — אין דורכגיין
די שבעה מדורי גיהינום פון פייער און פלאַמען.

זיי האָבן זיך שטענדיק געשעמט מיט דער אייגענער מאַמען,
זי שטענדיק פאַרלייקנט, פאַרלייקנט אויף אַלע לשונות;
אַנטלאָפן פון איר, ווייל עס האָט זיי געצויגן (און ס׳ציט זיי)
צו פרעמדס, וואָס פאַרשאַפט נישט, ווי אַלץ וואָס איז יידיש — בזיונות.

און יידיש־קברנים פאַרבייטן אויף אַלע לשונות —
דאָס לשון דער מאַמעס, וואָס ציט נאָך פון אייגענע גרונטן,
וואָס אונטערגראָבן זיי — האָבן — די יידיש־קברנים.
נאָר ס׳טרעפט, אַז אַ קראַנקער לעבט־איבער אַמאָל, אַ געזונטן...

## מרים אולינאָווער

### געווען אַן אות אין אלף־בית

געווען אַן אות אין אלף־בית,
געבענקט נאָך יושר טיף און הייס,
געבענקט נאָך יושר זייער און זייער,
פון אַלע אותיות מערער.

און גאָט דער האַר, וואָס קען און ווייס
אפילו ס׳האַרץ פון אלף־בית,
ר׳האָט צום אות אויף אייביקייט
דעם נאָמען צדיק אָנגעגרייט...



My Inheritance — פרענק קוירק — מיין ירושה



„סטעמפעניו" פון שלום-עליכם

פון משה קיש

## יויסעף געגערמאַן

# איַכטאַנהאַדילי

ביסט צו מיר צוגעשטאַנען,
איך זאָל דיך אויסלערנען שרײַבן
יִידישע אויסיעס.
האָסטו זיי געשריבן
אומגעלומפּערט,
מיט דײַנע גאָלדענע פינגער.

געשריבן דײַן נאָמען
און מײַנעם דערבײַ.
און אַלץ, וואָס דו האָסט געזען ארום זיך.
„מײַ", — האָסטו געשריבן,
און „אָקטיאַבער" האָסטו געשריבן.
אַלץ, וואָס דיר איז אין קאָפּ
ארײַנגעפאַלן.

און אויסיעס גלאַט אַזוי.
און אַ סאַך מאָל,
גאָר אַ סאַך מאָל:
„איכטאַנהאָדילי",
אַזאַ באַזונדער וואָרט,
אַזאַ אויסטערליש וואָרט.

דו האָסט מיך אָנגעקוקט
און געוואָרן שאַרלעך רויט.

דײַן האַלדז,
די הענט אַפילע.
און מיר איז אַלץ געוואָרן קלאָר,
און איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען.
איכטאַנהאָדילי.
(איך, טאַניע, האָב דיך ליב).

# אַ יום-טוב פון אידיש געזאַנג

